# גי דע מאָפּאַסאַן׳ס

## געזאַמעלטע ווערק

איבערזעצט פון

## לעאָן קאָברין.

## VIII

ארויסגעגעבען פון „פאָרווערטס“
175 איסט בראָדוויי, ניו יארק
1918

# אינהאלטס-פערצייכניס

# אין פערשיעדענע ראָלען.

אין די פֿאלגענדע עראינערונגען וועט אפט דערמאנט ווערען א פרוי, וועלכע האט געשפּיעלט א גרויסע ראָלע אין פּנקס פון דער פּאָליציי פון 1848 ביז 1866. מיר וועלען זי אנרופען „וואנדא פאן שטאַבערט”. געבארען אין גאליציען ביי דייטשע עלטערן און ערצויגען אויפ׳ן בעסטען אופן אין יעדער הינזיכט, האט זי זיך צו זעכצעהן יאהר פערליעבט אין א רייכען שעהנעם אפיצער פון נאבעלער אבשטאמונג און מיט איהם חתונה געהאט. דאס יונגע פּאאר׳ל האט אבער געלעבט איבער זייערע קרעפטען און ווען דער מאן איז אין צוויי יאהר ארום פּלוצים געשטארבען, איז די פרוי געבליעבען אין גאנץ טרויעריגע אומשטענדען.

אזוי ווי וואנדא איז צוגעוואהנט געווארען צו א לעבען פון לוקסוס און פערגעניגענס, האט דאס רוהיגע לעבען ביי איהרע עלטערן אין הויז זי מעהר נישט בעפריעדיגט. ווען זי האט נאך געטראגען טרויער נאך איהר מאן, האט זי שוין ערלויבט א הונגארישען מאגנאט זיך צו איהר ערקלעהרען אין ליעבע. זי איז אין גיכען מיט איהם אנטלאפען און האט ווייטער געפיהרט דעם זעלבען פארשווענדערישען לעבען, וואס זי האט געפיהרט, ווען איהר מאן האט געלעבט. אבער צום שלום פון צוויי יאהר האט איהר געליעבטער זי פערלאזען אין א שטעדטעל אין נארד איטאליען, כמעט אהן מיטלען. זי האט שוין געדענקט ארויפצוגעהן אויף דער ביהנע,

ווען א צופאל האט איהר בעזארגט מיט אנדערע מיטלען, וועלכע האבען איהר געגעבען די מעגליכקייט איינצוהאלטען איהר שטעלונג אין דער געזעלשאפט. זי איז געווארען אן אגענט פון דער גע־היים פאליציי, און אין גיכען איז זי געווארען איינע פון זייערע וויכטיגסטע מיטגליעדער. אלס צוגאב צו דעם בעוואוסטען צויבער און קלוגשאפט פון אַ פוילישער פרוי, האָט זי נאָך בעזעסען אַ סך שפראכען קענטניס, און האט גערעדט פויליש, רוסיש, פראנצויזיש, דייטש, ענגליש און איטאַליעניש פליסיג און גוט. זי האָט זיך בענוצט מיט דער הויכער פוילישער ביכער שפּראַך, וועלכע מאַכט אויף מענשען מעהר איינדרוק, ווי די געלערענטקייט פון די גרעסטע ספּעציאליסטען. זי איז געווען זעהר צוציהענד און האט פערשטאנען דורך שעהנע קליידער און קאקעטעריי איהר שעהנקייט צוציהענ־דער צו מאכען.

צו דעם אלעמען איז זי געווען א פרוי פון געזעלשאפט אין דעם ברייטסטען זין פון'ם ווארט; האט ליעב געהאט פערגעניגענס, זיך נאך זיי געיאגט, איז געווען אונגעטריי, אונבעשטענדיג און דערפאר קיינמאל ניט אין געפאהר צו פערליעבען איהר הארץ און נאָך ווייניגער איהר קאָפּ. זי פלעגט בייטען די פלעצער וואו זי האָט געוואהנט זיך ריכטענדיג נאך דעם וואס זי האט געהאט צו טהאן. מאנכעס מאל האט זי געוואהנט אין פאריז צווישען די פוילישע עמיגראנטען, כדי אויסצוגעפינען וואס זיי טהוען און אין דער־זעלבער צייט אנגעקניפּט אינטימע פריינדשאפט מיט די טיולעריס אין דעם קעניגליכען פאלאץ; מאנכעס מאָל איז זי אוועק אין לאנדאן אויף א קורצער צייט, אדער האט זיך געאיילט קיין איטא־ליען צו היטען די אונגארישע פערשיקטע, אום זיך פלוצים וויעדער אמאל צו בעווייזען אין דער שווייץ אדער אין איינעם פון די פיינ־סטע דייטשע באדע פלעצער.

אין רעוואלוציאנערע קרייזען האט מען אויף איהר געקוקט, ווי אויף א'ן אקטיווען מיטגליעד פון דער גרויסע פרייהייטס־ליגע,

און דיפּלאָמאַטען האבען זי בעטראכט אלס א'ן איינפלוסרייכען פריינד פון נאפּאלעאן דעם דריטען.

זי האט אלעמען געקענט, איבערהויפּט אבער די מענשען וועמעס נעמען מען האט יעדען טאג געטראפען אין די צייטונגען, און וויקטאר עמאנועל, גלאדסטאן און גארטשאקאָוו האבען זיך גערעכענט צווישען איהרע פריינד פונקט אזוי ווי מאזיני, קאשוט, גאריבאלדי, מיראסלאווסקי און באקונין.

אין'ם פריהלינג פון ...185 איז זי געווען אין וויוועך נעבען דעם וואונדערשעהנעם טייך פון זשענעווא און ריידענדיג מיט א דייטשען דיפּלאמאט, האט זי זיך צוריסען ליבענדיג די שעהנקייט פון דער נאטור. מיט דער זעלבער בעגייסטערונג האט זי אויך גערעדט פון קאלאמע, שטיפטער און טורגעניעוו, וועמעס „מעמואַרען פון א יעגער" זיינען געווען נור וואס אריין אין דער מאדע. אין א געוויסען טאג האט זיך ביים טיש בעוויזען א מאַן, וועלכער האט צוגעצויגען צו זיך אלעמענס אויפמערקזאמקייט, עס פארשטעהט זיך אז איהרע נאך מעהר. עס איז דערפאר ניט געווען קיין וואונדער, וואס זי האט ביים אייגענטהימער פון האטעל געפרעגט זיין נאמען. מען האט איהר גענטפערט, אז ער איז א רייכער בראזיליאנער און אז זיין נאמען איז דאן עסקאוועדא.

צו עס איז געווען א צופאל, צו ער האט בעמערקט, אז זי אינטערעסירט זיך מיט איהם, אויף יעדענפאל, האט זי איהם גענומען בעגעגענען אומעדום וואו זי איז נור געגאנגען. איז זי שפּאצירען געגאנגען, צו אויפ'ן טייך זיך געפונען אדער די צייטונגען אין לעזע צימער איבערגעקוקט... ער איז געווען דערביי... צום סוף האט זי זיך אליין געמוזט מודה זיין, אז ער איז דער שעהנסטער מאן, וואס זי האט ווען עס איז געטראפען. הויך, שלאנק און דאך מיט שטארקע מוסקלען, האט דער יונגער, ניט בעוואקסענער בראזיליאנער געהאט א קאפּ, וועלכע יעדע פרוי האט איהם געקענט מקנא זיין. זיינע געזיכט־שטריכען זיינען געווען ניט נור שעהן און איידעל, נור אויך מערקווירדיג צארט. ער האט געהאט א פּאאר אויגען,

וועלכע האָבען געהאַט אַ וואונדערבאַרען רייץ און דיקע, ברוינע, געקרויזטע האאר.

זיי זיינען באַלד בעקאַנט געוואָרען דורך אַ פּרייסישען אָפיצער, וועמען דער בראַזיליאַנער האַט געבעטען, ער זאָל איהם פאָרשטעלען פאַר דער שעהנער פּוילישער דאַמע — פאַר אַזעלכע האַט מען מאַדאַם פאָן טשאַבערט געהאַלטען אין וויוועך. ווי קאַלט און איינגעהאַלטען זי איז ניט געווען, דאָך האַט זיך איהר פּנים מיט אַ לייכטע רויטקייט באַדעקט, ווען ער איז דעם ערשטען מאָל גע־שטאַנען פאַר איהר; און ווען ער האָט זי אונטער׳ן אָרעם גענומען, האָט ער געפיהלט, ווי איהר האַנד ציטערט לייכט אין זיינער. דעם זעלבען אָבענד זיינען זיי ביידע אויסגעפאָהרען שפּאַצירען, אויף מאָרגען איז ער געלעגען צו איהרע פיס און אויפ׳ן דריטען טאָג איז זי געוואָרען זיינע. פיער וואָכען נאָכאַנאַנד האָבען די שעהנע וואַנדאַ און דער בראַזיליאַנער געלעבט צוזאַמען ווי אין אַ גן עדן, אָבער ער האָט שוין מעהר ניט געקענט זיך אַרויסדרעהען פון איהרע פאַרשעגערע אויגען.

איהר שאַרפע און פּראַקטישע אויג האָט שוין ענטדעקט אין איהם דעם בעזונדער׳ן אויסדרוק, וואָס מאַכט פערדעכטיגט דעם כאַראַק־טער פון אַ מאַן. אַ׳ן אַנדער פרוי וואָלט זיך דערשראָקען און וואָלט שטאַרק געליטען פון אַזאַ ענטדעקונג, זי אָבער האָט געפונען אַ מאָדנע צופריעדיגונג אין דעם פאַקט, וואָס איהר שעהנער געליעב־טער האָט געשיינט צו זיין פון דעם סאָרט, וועמען עס איז אינ־טערעסאַנט צו פערפאָלגען און זי האָט גענומען סיסטעמאַטיש היטען דעם מאַן, וועלכער איז געלעגען צו איהרע פיס אָהן שום פערדאַכט.

זי האָט שנעל אויסגעפונען, אַז ער איז ניט קיין קאָנספּיראַטאָר, און זי האָט זיך אומזיסט געבראָכען דעם קאָפּ, צו זאָל זי זוכען אין איהם דעם געוועהנליכען שווינדלער, צו אַ פּרעכען אַוואַנטיוריסט, אָדער אפשר גאָר אַ פּשוט׳ן פערברעכער. דער טאָג, וועלכען זי האָט פאַראויסגעזעהן איז שנעל געקומען; דעם בראַזיליאַנער׳ס באַנקיר

האט „אהן א פארוואס" איהם כלוצים אויפגעהערט שיקען געלד און ער האט געמוזט ביי איהר לייהען אביסעל געלד. „ער איז אלזא א מאן א פראסטיטוטקע" האט זי געזאגט צו זיך אליין. דער שעהנער מאן האט באלד ווידער ביי איהר געבעטען געלד און זי האט איהם ווידער געליהען. דאן איז ער פלוצים אוועקגעפאהרען און קיינער האט ניט געוואוסט וואוהין, אויסער אז ער האט פערלאזען וויווער אין דער געזעלשאפט פון אן אלטער אבער זעהר רייכער דאמע. דאס מאל איז די קלוגע וואנדא געבליבען מיט א נאז.

אין א יאהר שפעטער האט זי גאנץ אונערווארטעט געטראפען דעם בראזיליאנער אין לוקא, מיט א מיאוס'ער בלאנדער, דארער ענגלענדערקע אונטער'ן ארעם. וואנדא האט זיך אבגעשטעלט און געקוקט איהם גלייך אין די אויגען אריין, ער אבער האט אויף איהר א קוק געטהאן מיט א רוהיגען גלייכגילטיגען בליק און איז אוועק ווייטער. ער האט זיך געמאכט, ווי ער קען זי ניט.

אבער אויף מארגען אין דער פריה האט זיין דיענער איהר געבראכט פון איהם א בריעף אין וועלכען עס האט זיך געפונען דאס געלד וואס ער איז איהר שולדיג געווען, אין איטאליענישע לירע בילעטען און א זעהר קאלטע ענטשולדיגונג. וואנדא איז געווען צופריעדען, אבער זי האט געוואלט אויסגעפינען ווער די דאמע איז, אין וועמעס געזעלשאפט זי האט נאכאנאנד געזעהן דאן עסקאווערא.

א עסטרייכישער גראף, ביי וועמען זי האט וועגען דעם געפרעגט האט זיך הויך און נאריש צולאכט און געזאגט:

— אבער וואס פאלט אייך איין, פארוואס גיט איהר איהם עפעס א'ן אנדער נאמען? די דאמע איז לעדי ניטינגסדייל און ער הייסט ראמאנעסקא.

— ראמאנעסקא?

— יא, ער איז א רייכער באיארין פון מאלדאוויא, וואו ער האט א מאסע לאנד.

ראמאנעסקא האט ביי זיך אין די צימערן געהאלטען אזא מין קארטען הייזעל און ער האט שטענדיג געהאלטען די באנק. ער

האָט זיכער געשווינדעלט, ווייל ער האָט כמעט אימער געוואונען; עס האָט דערפאַר ניט לאַנג גענומען און פיעלע מענשען אין דער הויכער געזעלשאַפט פון לוקקא האָבען איהם גענומען פער־דעכטיגען. צום סוף האָט ראַמאַנעסקא פערשטאַנען, אַז פאַר איהם איז גלייכער צו פערשווינדען פון לוקקא ווי דאָן עסקאַוועדא האָט עס געטהאָן פון וויווער, ניט איבערלאָזענדיג הינטער זיך קיין שום שפּורען.

אין אַ געוויסער צייט נאָכדעם איז מאַדאַם פאַן טשאַבערט גע־ווען אויף אַ אינזעל, וואו זי האָט גענומען ים בעדער; און אין אַ גע־וויסען טאָג האָט זי אין עס צימער ביים טיש דערזעהן זיצענדיג פּונקט אַנטקעגען זיך עסקאַוועדא — ראַמענעסקאַ. ער איז געווען אריינגעטהאָן אין אַ געשפּרעך מיט אַ רוסישער דאַמע. אָבער זיינע האָאר זיינען געוואָרען שוואַרץ זייט זי האָט איהם דעם לעצטען מאָל געזעהן, הפּנים אַז זיינע העל־ברוינע האָאר האָבען איהם גענומען קאָמפּראָמענטירען.

— ווי עס שיינט האָט דאָס ים־וואַסער אַ שטאַרקע ווירקונג אויף אייערע האָהר — האָט וואַנדאַ געזאָגט צו איהם שטילערהייד.

— דענקט איהר אַזוי? — האָט ער געענטפערט פון אויבען אַרונטער.

— מיר דאַכט זיך, אַז אַמאָל זיינען אייערע האָאר געווען העלער.

— איהר האָט אַ טעות, איהר מוזט מיך וואַהרשיינליך אָנ־נעהמען פאַר אימיצען אַנדערש — האָט דער בראַזיליאַנער געזאָגט רוהיג.

— ניין, איך האָב קיין טעות ניט.

— פאַר וועמען האַלט איהר מיך, איך בעט אייך? — האָט ער געזאָגט מיט אַ פערעכטליכען שמייכעל.

— פאַר דאָן עסקאַוועדא.

— איך בין גראַף דעמבריצק, פון וואַלקוניא — האָט געזאָגט

דער אמאליגער בראזיליאנער מיט א פערנייגונג — אפשר וואלט איהר וועלען זעהן מיין פאספארט?

— אפשר, יא...

און ער האט געהאט די פרעכהייט איהר צו צייגען זיין פאלשען פאספארט.

אין א יאהר ארום האט וואנדא געטראָפען גראף דעמבריצק אין באדען נעבען וויען. זיינע האאר זיינען נאך אלץ געווען שווארץ אבער ער האט געהאט א שעהנע, גרויסע, שווארצע בארד. ער איז געווארען א גריכישער פרינץ און זיין נאמען איז איצט געווען אנאסטאסיא מאוראקארדאטאס. זי האט איהם איינמאל געטראפען אין איינע פון די זייטיגע אלעען פון פארק, וואו ער האט איהר ניט געקענט אויסמיידען. „אויב עס וועט אזוי אנגעהן ווייטער" האט זי צו איהם געזאגט אין א אבלאכענדיגען טאן „איז דאס נעקסטע מאל, ווען איך וועל אייך טרעפען וועט איהר אודאי זיין א קעניג פון עפעס א נעגער שטאם".

דאס מאל האט דער בראזיליאנער ניט אבגעלייקענט ווער ער איז. פארקעהרט ער האט זיך גלייך איהר איבערגעבען און זיך געבעטען, זי זאל איהם ניט ארויסגעבען. אזוי ווי זי איז ניט געווען נקמה דורשטיג האט זי איהם מוחל געווען, נאכדעם ווי זי האט זיך א צייט לאנג אנגעשפיעלט מיט זיין שרעק, און האט איהם צו־געזאגט, אז זי וועט האלטען ס'מויל, אזוי לאנג ווי ער וועט ניט באגעהן קיינע פערברעכענס געגען די געזעצע.

— פריהער פון אלעם מוז איך אייך בעטען, איהר זאלט ניט געמבלען — האט זי פון איהם געפאדערט.

ער האט געענטפערט:

— איהר האט נור צו בעפעהלען. און אין דער צוקונפט קענען מיר ניט איינער דעם אנדערען.

— אויף דעם בעשטעהע איך געוויס — האט זי געזאגט מיט פריינדשאפט אין קול.

דארף זיך אבער מאכען, אז דער „הייס בלוטיגער פרינץ" זאל

פארליעבען אין זיך די שעהנע טאכטער פון א רייכען עסטרייכישען גראף און דערמיט דערוויטערען פון איהר א וואוילען יונגען אפיצער וועלכער האט זיך צו איהר גע׳שדכן׳ט. דער לעצטער, אין זיין פערצווייפלונג, האט גענומען ארויסוויזען ליעבע צו דער מאדאם פאן טשאבערט, און צום סוף האט ער איהר געזאגט, אז ער ליעבט זי. אָבער זי האָט זיך פון איהם אויסגעלאכט.

— איהר זייט זעהר שלעכט — האט ער געשטאמעלט א צו־מישטער.

— איך? וואס פאלט אייך איין? — האט געענטפערט וואנדא נאך אליץ לאכענדיג — איך דענק בלויז, אז איהר האט זיך געווענדעט מיט אייער ליעבעס ערקלעהרונג אויף א פאַלשען אדרעס, ווייל די שעהנע גרעפין...

— רעדט מיר ניט וועגען איהר, זי איז פער׳קנסט מיט אן אנדער מאן.

— אזוי לאנג ווי מיר וועט געפעלען עס צו ערלויבען — האט זי געזאגט — אבער וואס וועט איהר טהאן, ווען איך וועל זי צוריק ברענגען אין אייערע ארעמס? וועט איהר מיך דאן ניט האלטען פאר א שלעכטע?

— קענט איה עס טהאן? האט געפרעגט דער יונגער אפיצער שטארק אויפגערעגט.

— לאמיר אננעהמען אז איך קען, וואס וועל איך דאן ביי אייך זיין.

— א מלאך, וועלכען איך וועל דאנקען אויף מיינע קניע.

אין א פאר טעג ארום האבען ביידע קאנקורענטען זיך גע־טראפען אין א קאפעע־הויז, דער גריכישער פרינץ האט גענומען זאגען ליגענס. זיך בעריהמען, דער פרייסישער אפיצער האט עס ניט געוואָלט פערטראָגען. א וואָרט פאר א וואָרט איז ארויסגעקומען א קריעג און די פאלגען דערפון איז געווען, וואס זיי האבען אבגעמאכט זיך צו שלאָגען אין א דועל מיט פיסטאָלעטען אויף מאָרגען אין דער פריה אין א וואלד ניט ווייט פון באדען.

אבער אויף מארגען גאַנץ פריה, ווען דער אפיצער האט פער־לאזען די הויז מיט זיינע סעקונדאנטען, איז א פאליציי קאמיסאר צו איהם צוגעקומען און איהם געבעטען, ער זאל זיך מעהר ניט דרע־העז דעם קאָפּ וועגען דעם דועל און א צווייטען מאָל זאָל ער זיין פארזיכטיגער איידער ער נעהמט אן זיך מיט וועמען עס איז צו שלאָגען.

וואס מיינט עס? — האט דער אפיצער געפרעגט פערוואונדערט.

— דאס מיינט, אז דער דאזיגער מאוראקארדאטיוס איז א גע־פעהרליכער שווינדלער און אוואנטיוריסט, וועלכען מיר האבען נור וואס פערשפארט אין געפענגנים.

— ער איז ניט קיין פרינץ?

— ניין, ער איז א צירק־רייטער.

אין א שטונדע ארום האט דער אַפיצער געקראָגען א בריעף פון דער גרעפין, אין וועלכען זי האט ביי איהם געבעטען פערצייהונג. דער גליקליכער ליעבהאבער איז גלייך אוועק צו איהר. אבער אויפ'ן וועג איז איהם פלוצים איינגעפאלען א געדאנק און ער האט זיך אומגעקעהרט צוריק, כדי צו דאנקען דער שעהנער וואנדא, ווי ער האט געזאָגט, אויף זיינע קניה.

# דער פּרוש.



יט אַ פּאָר פריינד האָבען מיר בעוואכט דעם אַלטען ערעמיט, וועלכער האָט געוואָהנט אויף אַמאָ־ליגען בית עולם, וואָס איז איצט בעוואַקסען מיט בוימער און האָט זיך געפונען אין רעכטען מיטען פון אַ ברייטען, פלאַכען פעלד, וועלכער האָט זיך געצויגען פון קאָננעם ביז לאַ נאַפּאולע.

ווען מיר זיינען צוריקגעקומען, האָבען מיר גערעדט פון די איינזאַמע בעלי תשובות, וועלכע זיינען אַמאָל געווען אַזוי פיעל, און וועלכע ווערען איצט כמעט אין גאַנצען פערשוואונדען פון דער ערד. מיר האָבען געזוכט זיי צו פאַרשטעהן און האָבען גערעדט וועגען די ליידען, וואָס זיי האָבען געמוזט אויסשטעהן, וועגען די בעזונדערע אונגליקען, וועלכע האָבען צו זייער איינזאַמען לעבען געטריבען.

דאָן האָט איינער פון אונז געזאָגט:

—איך האָב געקענט צוויי פּרושים, אַ מאַן און אַ פרוי. די פרוי לעבט נאָך אודאי. פאַר פינף יאָהרען האָט זי געוואָהנט אין אַ רואינע אויפ'ן שפּיץ פון אַ גאַנץ פערלאַזענעם בארג. נעבען די ברעגעס פון קאָרסיקאַ, פופצעהן אָדער צוואַנציג קילאָמעטערס ווייט אַוועק פון יעדער מענשליכער וואָהנונג. זי האָט דאָרט געלעבט מיט אַ דיענערין. איך האָב זי דאָרט אויסגעפונען, זי איז זיכער געווען אַ פרוי פון דער הויכער געזעלשאַפט. זי האָט מיך אויף

גענומען מיט דער גרעסטער העפליכקייט, זאגאר זעהר פריינדליך. אבער איך ווייס גארנישט פון איהר פערגאנגענהייט און איך האב גארנישט געקענט דערגעהן.

אבער דעם מאן'ס פינסטער'ן מזל וויל איך אייך דערצעהלען.

קוקט זיך אקארשט ארום. זעהט איהר דארט דעם שפיציגען מיט וואלד בעוואקסענעם בארג, וועלכער הויבט זיך אויף הינטער לא נאפאולע, גאנץ אליין, א שטיק אין פאראוים פאר די בערג פון עסטערעלל; ער הייסט אין דער גאנצער געגענד דער שלאנגענבארג. דארט האט מיט א יאהר צוועלף צוריק געלעבט א פירוש אין א קליינעם, אלטען טעמפעל.

איך האב פון איהם געהערט און האב געוואלט מיט איהם בעקאנט ווערען. און איינמאל א פריהמארגען אין מאנאט מערץ בין איך פון קאננעס אוועקגעריטען. איך האב איבערגעלאזט מיין פערד אין דער קרעטשמע פון לא נאפאולע און האב זיך ארויפגעדראפעט צו פוס אויף דעם מערקווירדיגען בארג, וועלכער איז אודאי הונדערט פופציג ביז צוויי הונדערט מעטער הויך, מיט אלערליי שמעקעדיגע פלאנצען בעוואקסען, וועמעס שטארקער גערוך מאכט אייך קראנק. דער באדען איז שטיינערדיג און אפט זעהט מען אונטער די שטיינער לאנגע צוזאמענגעדרעהטע שלאנגען, וואס פארשווינדען אין די גראז. דערפון טאקע קומט דער פארדיענטער נאמען פון'ם שלאנגען בארג. אין געוויסע טעג, ווען די זון שיינט אויפ'ן בארג, דאכט זיך, ווי די חיות וואלטען פון אונטער די פיס ארויסגעוואקסען. זיי זיינען אזוי פיעל אין צאהל, אז מען וואגט ניט צוגעהן ווייטער און עפעס אן אונהיימליך געפיהל בעפאלט אייך. ניט קיין מורא, דען די שלאנגען זיינען אומגעפעהרליך, אבער עפעס א מין שווידער לויפט אייך איבער'ן לייב אריבער. איך האב אפט געהאט דעם בעוואוסטזיין, ווי איך קלעטער אויף א הייליגען בארג פון די אלטע צייטען, אויף א שמעקעדיגען וואונדער בארג, מיט פלאנצען בעדעקט, פון שלאנגען בעוואהנט און מיט א טעמפעל געקרוינט.

דער דאָזיגער טעמפּעל שטעהט נאָך היינטיגען טאָג, אם ווייניגסטענס האט מען מיר געזאגט, אז דאס איז געווען א טעמפּעל. און איך האב ניט געזוכט דערגעהן וועגען דעם גענויער, כדי מיר ניט צושטערען מיין אילוזיאָן.

אין א מערץ־פריהמאָרגען בין איך אלזאָ אויף דעם בארג ארויף אונטער דעם אויסרייד די אויסזיכט צו בעטראכטען. ווען איך בין צו דעם שפּיץ צוגעקומען, האב איך ווירקליך דערזעהן ווענט און דארט אויף א שטיין איז געזעסען א מאַן. ער האט געמענגט אלט זיין ניט מעהר ווי א יאהר פינף און פיערציג, הגם זיינע האאר זייען געווען גאנץ ווייס, נור די בארד איז פארבליעבען נאך כמעט אין גאנצען שווארץ. ער האט געגלעט א קאַץ, וועלכע איז געלעגען צוזאמענגעדרעהט אויף זיינע פיס און האָט זיך איף מיר גאָר נישט ארומגעקוקט. איך בין ארומגעגאנגען ארום די רואינען. אין דעם טהייל, וואָס איז געווען מיט צווייגען, שטרוי, גרעזער און שטיינער בארעקט און פארשטאפּט, האט ער געוואהנט. אין א ווייל ארום האב איך זיך אומגעקעהרט צוריק אויף דער זייט, וואו ער איז געזעסען.

די אויסזיכט פון דאנען איז געווען וואונדערשעהן. רעכטס זעהט זיך עסטערעלל מיט איהרע שפּיציגע טורעמס אזוי מאדנע געלאקט, דאָן דער אונענדליכער ים, וועלכער ציהט זיך ביז צו די וויטע ברעגעס פון איטאליען, און אנטקעגען קאננעס די אינזלען פון לערינס, גרין און ניעדעריג. עס דוכט זיך אויס, אז זיי שווימען אין׳ם וואסער ארום און אויף דער לעצטער פון זיי געפינט זיך אויף דער ברייטער זייט אָ הויכער אלטער שלאָס ווי א פעסטונג, וועלכער איז אין סאמע מייך ארייגעבויט געווארען.

דאָן אין דעם גאנצען לענג פון דעם גרינעם ברעג זעהט מען א לאנג אויסגעצויגענעם קראנץ פון דאָרפישע הייזער, ווי אייער וואָס זיינען אויפ׳ן ברעג אויסגעלעגט געווארען. ווייסע ווילאַס, אונטער בוימער און איבער זיי הויבען זיך אויף די אלפּען, אויף וועמעס שפּיצען עס ליגט נאָך דער שנעע.

איך האָב געזאָגט פאר זיך: — מיין גאָט, ווי שעהן דאָס איז!

דער מאן האט אויפגעהויבען די אויגען און געענטפערט: — יא אבער ווען מען זעהט עס יעדען טאג, ווערט עס לאנגווייליג.

אלזא מיין פרוש האט גערעדט, ער האט געפלוידערט און זיך לאנגווײלט. איך האב איהם געהאט געכאפט.

יענעם טאג בין איך דארט ניט לאנג פערבליעבען, איך האב נור געזוכט צו דערגעהן ווי ווייט עס געהט זיין פיינדשאפט צו מענשען. איבערהויפט האט ער אויף מיר געמאכט דעם איינדרוק פון א מאן, וועלכער איז מיעד פון זיינע מיטמענשען, מיעד פון אלעס און אלעמען, וועמען עס עקעלט אהן א ברעג אי פון זיך אי פון אלע אנדערע מענשען.

נאכדעם ווי מיר האבען זיך אונטערגעהאלטען א האלב שעה, בין איך אוועק. אָבער אין אכט טאָג ארום בין איך ווידער אהין גע־קומען און אויף דער צווייטער וואך ווידער אמאל... דערנאך האב איך גענומען אהין געהן וועכענטליך, אזוי אז אין א פאאר וואכען ארום זיינען מיר געווארען פריינד.

איין מאל אין אבענד ארום ענדע מאי, האב איך גערענקט, אז דער אויגענבליק איז געקומען און איך האב מיט זיך מיטגעבראכט שפייז, כדי צו עסען מיט איהם צוזאמען אויף דעם שלאנגענבארג. עס איז געווען איינער פון יענע אבענדען, וועלכע שמעקען אזוי זיס אין דעם דאזיגען ווארימען לאנד, וואו מען פלאנצט בלומען, אזוי ווי אין נארד תבואות, אין דעם לאנד וואו עס וואקסען כמעט אלע שמעקעדיגע פארפיומען, מיט וועלכע די פרויען בעגיסען זייערע קער־פערם און זייערע קליידער. עס איז געווען איינער פון יענע אבענדען ווען דער דופט פון די אונצאָהליגע פאמעראנצען בוימער, וועלכע שטעהען אין די גארטענס, אין אלע טהאָלען, פאר'שיכור'ט אייך ווי גוטער וויין און רופט ארוים ביי די עלטערע מענשען טרוימען פון זייער יוגענד ליבע.

מיין פרוש האט מיך אויפגענומען מיט קענטיגער פרייד און איז געווען גאנץ צופריעדען צו טהיילען מיט מיר מיין מאהלציים.

איך האב איהם געגעבען אביסעל ווייז צו טרינקען, פון וועלכען ער האט געהאט שוין אין גאנצען זיך אבגעוועהנט. ער איז גע־ווארען אביסעל אויפגערעגט און גענומען רעדען פון זיין פערגאנ־גענעם לעבען. ער האט אימער געוואהנט אין פאריז, ווי עס האט געשיינט, אלס לוסטיגער בחור.

און איך האב געזאגט פלוצים:

— עס איז עפעס א קאמישער איינפאל, זיך צו בעזעצען איינער אליין אט דא אויף דעם שפיץ בארג.

ער האט געענטפערט אויפ'ן שטעל: יא, וויל מיט מיר האט געטראפען דאס שרעקליכסטע, וואס קען זיך טרעפען מיט א מאן. פארוואס זאל איך פון אייך מיין אונגליק בעהאלטען? איהר וועט אפשר מיטלייד האבען מיט מיר... און דאן, איך האב עס נאך פאר קיינעם ניט דערצעהלט, קיינמאל נישט, און איך וואלט וועלען וויסען, וואס אן אנדער מענש וועט דערפון דענקען, ווי אזוי ער וועט קוקען דארויף.

געבוירען און ערצויגען אין פאריז, בין איך אין דער דאזיגער שטאדט גרויס געווארען, און האב דארט געלעבט. מיינע עלטערן האבען מיר איבערגעלאזען א פאאר טויזענד פראנק, א יאהר רענט און דורך פראטעקציאן האב איך געקראגען א לייכטען, רוהיגען פלאץ, וועלכער האט מיר געגעבען איבערגענוג צו פיהרען מיין לע־בען אלס בחור.

פון מיינע איננעלשע יאהרען אן, האב איך געפיהרט דאס לעבען פון א בחור. איהר ווייסט וואס דאס בעדייט. פריי, אהן א פאמיליע, פעסט ענטשלאסען ניט צו הייראטען, האב איך פער־בראכט איין האלב יאהר מיט איין פרוי, אן אנדער האלב יאהר מיט אן אנדערער, דאן האב איך א יאהר לאנג קיינע ניט געהאט און

האב בלויז פון צייט צו צייט גענומען איינע פון די מיידלאך, וואס לאזען זיך קויפען אדער אזוי נעהמען.

דאס דאזיגע מיטעלמעסיגע לעבען, פון אייער שטאנדפונקט אפשר ניט נאר א שעהנער, האט בעפריעדיגט מיין נאטירליכען פערלאנג נאך צושטרייאונג און אונטערהאלטונג. איך האב געלעבט אויף די בולווארען, אין די טעאטערס, אין די קאפעעס, שטענדיג אויסער'ן הויז, כמעט נאר אהן א היים, הגם איך האב געהאט זעהר א שעהנע וואהנונג. איך בין געוועזן איינער פון יענע טויזענדע באשעפענישען, וועלכע לאזען זיך טרייבען ווי א פראבקע אויף די שטראמען פון לעבען, פאר וועלכע די ווענט פון פאריז בעדייטען די ענד פון דער וועלט, וועלכע קימערן זיך וועגען קיין זאך ניט און האבען פאר קיין זאך קיין בעזונדערע ליידענשאפט ניט. איך בין געוועזן, וואס מען רופט, א גוטער יונג, אהן בעזונדערס גוטע אדער שלעכטע מעלות. אזוי בין איך געוועזן און איך בעשרייב זיך זעהר ריכטיג.

פון דעם צוואנציגסטען ביז דעם פיערציגסטען יאהר איז מיין לעבען אבגעלאפען לאנגזאם אדער שנעל, אהן וועלכע ניט איז בעזונדערע פאסירונגען, ווי עס לויפען געוועהנליך אוועק די איינטאניגע יאהרען אין פאריז, ניט איבערלאזענדיג קיין עראינערונג, וואס זאלען בלייבען מיט אייך. זיי זיינען אוועק, די דאזיגע לאנגע, שנעלע, באנאלע און דאך פרעהליכע יאהרען, אין וועלכע מען עסט, מען טרינקט, מען לאכט, מען ווייס אליין ניט פארוואס, אין וועלכע מען שטרעקט אוים די ליפען נאך אלעם וואס שמעקט גוט און מ'לאזט זיך קושען אהן א בעזונדערען בעגעהר. איך בין געוועזן יונג, אבער מען ווערט אלט, ווען מען נעהמט ניט קיין אנטהייל אין דעם וואס אנדערע מענשען שאפען, ווען מען טהוט אליין גארניט, מען האט ניט קיין אינטערעסען, קיין ליידענשאפטען, קיין צוגעבונדקייט, כמעט קיינע פריינד, אהן עלטערען און אהן א פרוי און קינדער.

איך בין, אלזא, ביסלעכווייז געווארען פערציג יאהר אלט, און

אום דעם טאָג צו פּייערן, האָב איך מיר גאַנץ אַליין אין אַ גרויסען רעסטאָראַן אַ דינער בעשטעלט.

איך בין געווען איינער אַליין אויף דער וועלט, אַזוי האָב איך דאַן געמיינט, און דערפאַר האָב איך געהאַלטען פאַר דאָס ריכטיג־סטע דעם דאָזיגען טאָג אַליין צו פּייערן.

נאָך'ן עסען האָב איך ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן מיט זיך. איך האָב געוואָלט געהן אין אַ טהעאַטער, אָבער דאַן איז מיר איינ־געפאַלען, איך זאָל זיך גאָר אוועקלאָזען אין דעם לאַטײנישען קוואַר־טאַל, וואו איך האָב אַמאָל שטודירט אַלס אַדוואָקאַט. איך האָב זיך גענומען שלייען איבער פּאַריז און צוגעקומען אַהין. איך בין ניט לאַנג טראַכטענדיג אַריין אין איינע פון יענע שיינקען, וואו פרויען בעדיענען אייך.

מיין טיש האָט בעדיענט אַ יונג, שעהן לאַכעדיג מיידעל. איך האָב איהר אָנגעבאָטען צו טרינקען, זי האָט גלייך איינגעוויליגט, זיך געזעצט מיר אַנטקעגען און מיך פאַרשענדיג בעטראַכט מיט איהרע שאַרפע אויגען, נאָך ניט וויסענדיג גענוי מיט וואָס פאַר אַ מין מאַנספּערזאָן זי האָט דאָ צו טהאָן. זי איז געווען בלאָנד, יונג, פריש, און די ראָזעווע פולקייט אונטער איהר איינגעצויגענער קלייד האָט דאָס אויג גערייצט. איך האָב צו איהר געמאַכט אַ פּאָר נאַרישע פערליעבטע אויגלאָך, ווי מען טהוט עס געוועהנליך מיט אַזעלכע מיידלאָך. און אַזוי ווי זי איז ווירקליך געווען זעהר שעהן, איז מיר פּלוצים איינגעפאַלען אַ געדאַנק זי מיטצונעהמען, נאָך אַלץ אום צו פּייערן מיין פיערציג־יאָהריגען געבורטס־טאָג. דאָס איז געווען ניט שווער און ניט לאַנגוויילינג. זייט פיערצעהן טאָג, האָט זי געזאָגט, האָט זי ניט געהאַט קיין ליעבעם פערהעלטניס, און זי האָט אָנגענומען מיין פאָרשלאָג נאָך דער אַרבייט צו געהן מיט מיר צו אַ סאַפּער.

און אַזוי ווי איך האָב מורא געהאַט, אַז זי וועט חרטה האָבען— מען ווייס קיינמאָל ניט וואָס עס קען געשעהן, ניט ווער עס קען

אַריינפּאַלען אין אַזאַ מין שײנק און וואָס פֿאַר אַ ווינד עס קען אַ בלאָז טהאָן אין אַזאַ מיידעלשען מוח — בין איך דאָרט געבליבען זיצען אַ גאַנצען אבענד, כדי אויף איהר צו וואַרטען.

איך בין אויך געווען פֿריי שוין פֿון אַ מאָנאַט אָדער צוויי, און ווען איך האָב געקוקט אויף דער יונגער, שעהנער אָנפּאַנגעריין איז דער ליעבע, ווי זי איז געגאַנגען פֿון איין טיש צו דעם אַנדערען, האָב איך ביי זיך געפֿרעגט, צו זאָל איך ניט מאַכען מיט איהר אַ קאָנ־טראַקט אויף אַ געוויסע צייט. איך דערצעהל דאָ איינע פֿון יענע געוועהנליכע בעגעגנישען אין דעם אַלטעגליכען לעבען פֿון אַ יונגען מאַן אין פּאַריז.

ענטשולדיגט מיר פֿאַר דיעזע עטוואָס גראָבע איינצעלהייטען. ווער עס האָט ניט געליעבט מיט אַן אידעאַלער ליעבע, דער קלייבט זיך אויס אַ מיידעל, ווי מען קלייבט זיך אויס ביים קצב אַ קאָטלעט און קימערט זיך בלויז וועגען די גוטסקייט פֿון דאָס פֿלייש.

איך בין אַלזאָ אוועק מיט איהר צו איהר אין הויז... דען איך האָב אַכטונג פֿאַר מיין אייגען היים. עס איז געווען אַ קליינע אַר־בייטער וואָהנונג אויפ'ן פינפטען שטאָק, ריין און אָרעם. איך האָב דאָרט פֿערבראַכט צוויי אַנגענעהמע שטונדען. די קליינע האָט גע־האַט אַ זעלטענעם חן און האָט זיך געהאַלטען זעהר נעט.

איידער איך בין אוועק, בין איך צוגעגאַנגען צום קאַמין, כדי דאָרט אוועקצולייגען דאָס געשענק, נאָך דעם ווי איך האָב מיט דער מיידעל אָבגערעדט זיך נאָך אַמאָל צוזאַמענקומען. זי איז נאָך גע־לעגען אין בעט, און איך געדענק נאָך ביז איצט, אַז איך האָב דאָרט, אויפ'ן קאַמין, געזעהן אונטער אַ גלעזערנעם קאַלפּאַק אַ קאַמין זייי־גער, דאַן צוויי בלומען־וואַזען און צוויי פֿאָטאָגראַפיעס, איינע פֿון זיי אַן אַלטע, שוין אַביסעל אָבגעבליאַקירטע. צופֿעליג האָב איך זיך איינגעבויגען אַ קוק טהאָן אויף דאָס בילד און בין אָבגעשפּרונגען אַ צושראָקענער. איך בין געווען אַזוי ערשטוינט, אַז איך האָב אין אַנהויב ניט געקענט פֿערשטעהן וואָס עס טהוט זיך מיט מיר. עס איז געווען מיין בילד, דאָס ערשטע בילד וואָס איך האָב געלאָזט

מאכען דעמאָלט, ווען איך האָב שטודירט אין דעם לאַטיינישען קוואַרטאַל. איך האָב עס האַסטיג גענומען אין האַנד, כדי עס נע־הענטער צו בעטראַכטען. איך האָב קיין טעות ניט געהאַט. איך האָב לוסט געהאַט זיך צולאַכען הויך אויף אַ קול, אַזוי אונערוואַר־טעט און קאָמיש האָט עס מיר אַרויסגעוויזען.

איך האָב געפרעגט:

— ווער איז דיעזער הערר?

זי האָט געענטפערט:

— דאָס איז מיין פאָטער. איך האָב איהם קיינמאָל ניט גע־קענט. די מאַמאַ האָט מיר דאָס בילד געגעבען און געזאָגט איך זאָל עס בעהאַלטען, עס קען מיר אפשר אַמאָל נוצען ברייגגען.

זי האָט געשוויגען אַ ווײַלע, דאַן האָט זי גענומען לאַכען און געזאָגט:

— איך ווייס אויגענטליך ניט ווי אַזוי עס קען מיר נוצען ברייגגען, ער וועט דאָך ניט קומען אהער אומיסטנע אום מיך, אַלס זיין טאָכטער, אנצוערקענען.

מיין הארץ האָט געקלאַפּט ווי מיט אַ האַמער, שנעל, שנעל. איך האָב אוועקגעלייגט דאָס בילד אויפ'ן קאַמין און דערנאָך, זיך אַליין ניט אָבגעבענדיג קיין רעכנונג, צוויי באַנק נאָטען צו הונ־דערט פראַנק, וועלכע איך האָב גראָדע געהאַט מיט זיך אין קעשענע. דאַן בין איך פון דאָרט אַנטלאָפען אויסרופענדיג:

— צום ווידערזעהן, הארץ מיינס! צום ווידערזעהן.

איך האָב געהערט ווי זי האָט געענטפערט: „דינסטאג". איך בין געשטאַנען אויף די דונקעלע טרעפּ און געטאַפּט ווי אַרונטער־צוגעהן.

ווען איך בין אין גאַס אַרויס, האָב איך בעמערקט, אַז עס רע־גענט און מיט איילענדיגע טריט האָב איך גענומען אַנטלויפען פון דאַנען.

איך בין געלאָפען און געלאָפען, אַ פערצווייפעלטער, אויסער זיך, און געזוכט זיך צו דערמאָנען. איז עס מעגליך? יאָ, יאָ! פּלוצים האָב איך זיך דערמאָנט אַן אַ מיידעל, וועלכע האָט מיר אין אַ מאָנאַט ארום נאָכדעם ווי מיר האָבען זיך פאָנאַנדערגעגאַנגען, געשריבען, אַז זי איז שוואַנגער פון מיר. איך האָב דעם בריעף צוריסען, פערברענט און די געשיכטע פערגעסען. איך האָב גע־דאַרפט אַ קוק טהאָן אויף דער פאָטאָגראַפיע פון דער פרוי ביי דער מיידעל אויף דעם קאַמין. אָבער צו וואָלט איך זי דען דערקענט? עפּעס האָט זיך מיר ניט קלאָהר אויסגעוויזען, אַז דאָרט איז געווען אַן אַלטע פרוי.

איך בין צוגעקומען צום ברעג, געזעהן דאָרט אַ באַנק שטעהן און זיך געזעצט. עס האָט גערעגענט, פון צייט צו צייט זיינען מענ־שען מיט אָפענע שירעמס פאַרבייגעגאַנגען. דאָס לעבען האָט זיך מיר אויסגעוויזען עקעלהאַפט, העסליך, פול מיט אונגליק, מיט שאַנדע, מיט אונבעוואַוסטער און בעוואַוסטער ניעדערטרעכטיגקייט. מיין טאָכטער! איך האָב מיט מיין אייגענער טאָכטער גע־שלאָפען. און פאַריז, די דונקעלע, טרויעריגע, שמוציגע, אומעדיגע און פערכמאַרעטע שטאָדט פאַריז מיט די געשלאָסענע הייזער איז געווען פול מיט אַזעלכע זאַכען, מיט זנות, מיט בעטרוג, מיט בלוט־שאַנדע, מיט עקעלהאַפטען שמוץ.

איך האָב ניט ווילענדיג, ניט וויסענדיג, ערגער געהאַנדעלט, ווי דער ניעדעריגסטער פון די נידעריגע בעשעפענישען. איך האָב מיט מיין טאָכטער געשלאָפען.

איך האָב זיך געוואָלט אריינוואַרפען אין וואַסער. איך בין געווען משוגע, ביז טאָג האָב איך זיך ארומגעבלאָנקעט איבער די גאַסען, דאַן בין איך אהיים געקומען, אום נאָכצודענקען.

און דאַן האָב איך געטהאָן, וואָס עס האָט מיר געשיינט צו זיין דאָס קליגסטע. איך האָב געבעטען אַ נאָטאַריוס, ער זאָל רופען צו זיך דאָס מיידעל און ביי איהר אויספרעגען אונטער וועלכע אומ־

שטענדעז די מוטער האָט איהר איבערגעלאָזען דאָס בילד פון דעם, וועלכען זי מיינט אז ער איז איהר פאָטער. איך האָב געזאָגט דעם נאָטאריוס צו טהאָן דאָס אין דעם נאָמען פון מיינעם אַ פריינד.

דער נאָטאריוס האָט אויסגעפיהרט מיין פערלאַנג. אויף איהר טויטען בעט האָט די פרוי איהר טאָכטער אָנגערופען דעם נאָמען פון איהר פאָטער. זי האָט עס געטהאָן אין דער געגענוואַרט פון אַ פריסטער, ווּעמעס נאָמען מען האָט מיר אויך איבערגעגעבען.

דאן האָב איך ווידער אַמאָל אין דעם נאָמען פון אן אונבעקאַנ־טען פריינד איבערגעלאָזט דעם קינד אַ העלפט פון מיין פערמעגען, ארום פיערציג טויזענד פראנק, פון וועלכע זי האָט אָבער בלויז גע־קענט ציהען די צינזען. נאָכדעם האָב איך אויפגעגעבען מיין דיענסט און דאָ בין איך.

ווען איך האָב זיך ארומגעבלאָנקעט אויף דעם היגען בּרעג, האָב איך געפונען דעם דאָזיגען בּארג און איך בין דאָ געבליבען. אויף ווי לאַנג ווייס איך נים.

וואָס דענקט איהר פון מיר און פון דעם וואָס איך האָב גע־טהאָן ?

איך האָב געענטפערט, בעת איך האָב איהם די האנד געדריקט :

— איהר האָט געטהאָן וואָס איהר האָט געמוזט טהאָן. מאַנכע אנדערע מענשען וואָלטען דעם דאָזיגען מורא׳דיגען צופאל געהאלטען פאר ווייניגער וויכטיג.

ער האָט געענטפערט :

— דאָס ווייס איך גאַנץ גוט, אָבער איך בין דערפון שיער נים משוגע געוואָרען. עס שיינט, אז איך האָב געהאַט אַ פיהלענדע נשמה, הגם איך האָב עס אליין נים געוואוסט. און איצט האָב איך מורא פאר פאריז, ווי דער גלויביגער האָט מורא פאר׳ן גיהנום.

איך האָב געקראָגען אַ זעץ אין קאָפּ, ווי איינער וואָס געהט אין גאָס און איהם פאלט פּלוצים אַ ציגעל אויפ׳ן קאָפּ ארויף. זייט אַ געוויסער צייט פיהל איך זיך אביסעל לייכטער.

איך האָב פערלאָזען דעם איינזאַמען פּרוש טיעף בעוועגט פון זיין ערצעהלונג.

נאָכדעם האָב איך איהם געזעהן נאָך צוויי מאָל, דאַן בין איך אוועקגעפאָהרען, ווייל נאָך ענדע מאַי פערבלייב איך קיינמאָל ניט מעהר אין זידען.

ווען איך בין דעם קומענדיגען יאָהר צוריק אהין געקומען, איז דער מאַן שוין מעהר ניט געווען אויף דעם שלאָנגען־בארג, און איך האָב פון איהם מעהר קיינמאָל גאָר נישט געהערט.

אָט דאָס איז די געשיכטע פון מיין פּרוש.

# א נײ־יאָהר פּרעזענט.



שאַקסעם דע ראנדאל, ווי ער האָט אָבגעגעסען דינער אין דער היים גאַנץ אליין, האָט געזאָגט זיין בעדיענטע, אז ער מעג אוועקגעהן און דאן זיך געזעצט ביים טיש שרייבען זיינע בריעף.

יעדען יאָהר האָט ער געענדיגט דערמיט, וואָס ער האָט אונטערגעפיהרט א רעכנונג אונטער אלעס, וואָס ער האָט דורכגעמאכט און דורכגעפיהלט דעם פערגאַנגענעם יאָהר. אין די געדאַנקען האָבען פאַר איהם פאַרבייגעשוועבט מענשען און זאכען, וועלכע זיינען איהם נאָך אלץ געווען נאָהנט און טהייער. און בעת זיינע פריינד האָבען פאַרביי זיינע אויגען א שוועב געטהאָן, האָט ער צו זיי אָנגעשריבען א פּאָר שורות, און זיי געשיקט א פריינדליכען „גוט מאָרגען" אין דעם ערשטען טאָג פון יאנואר.

ער האָט זיך אוועקגעזעצט, געעפענט א שופליאַד, ארויסגענומען פון דאָרט א בילד פון א פרוי, געקוקט אויף דעם א ווײלע און עס א קוש געטהאָן. דאן אוועקגעלייגט עס נעבען א בויגעלע שרייב־פּאַפּיר, און האָט גענומען שרייבען:

„מיין טהייערע אירענע: דו האָסט שוין געמוזט ביז איצט ערהאלטען דעם קליינעם פרעזענט, וועלכען איך האָב דיר געשיקט אלס אן אנדענקען פון מיר. הייינטיגען אבענד האָב איך זיך איינגעשלאָסען אין מיין היים, כדי דיר צו זאָגען—"

דאָ האָט די פּעדער זיך אויפגעהערט בעוועגען. זשאַקסעס האָט זיך אויפגעהויבען און גענומען ארומגעהן הין און צוריק איבער'ן ציי־מער.

זייט די לעצטע זעקס מאָנאַטען האָט ער געהאַט אַ געליעבטע. ניט אַ געליעבטע ווי די אנדערע, אַ פרוי פון טהעאַטער אדער פון דער זאַגענאַנטער האלב־וועלט מיט וועמען מען פערקניפּט אַן אינ־טריגע, נור א פרוי וועלכע ער האָט געליעבט און געוואונען. ער איז געוועזען שוין ניט גאָר קיין יונגער מאַן און האָט געקוקט אויפ'ן לע־בען מיט אַן ערנסטען און פּראַקטישען בליק.

ער האָט זיך געוואָלט אָבגעבען אַ קלאָהרען חשבון און אונטער־ציהען דעם באַלאנס פון זיין ליעבע פּונקט אזוי ווי ער האָט יעדען יאָהר אונטערגעצויגען דעם באַלאנס פון פריינדשאַפט, וועלכע ער האָט געשלאָסען אָדער געבראָכען, פון אומשטענדען און מענשען, וועלכע האָבען זיין לעבענס־וועג געקרייצט. אזוי ווי דער ערשטער ברען פון זיין ליעבע איז קיהלער געוואָרען, האָט ער מיט דער אויס־גערעכטיגקייט פון אַ געשעפטס־מאַן בעת עס האנדעלט זיך וועגען געשעפט, ביי זיך אליין געפרעגט, וואָס זיין הארץ פיהלט איצט צו איהר און געזוכט צו טרעפען וואָס עס וועט ווערען פון זיין ליעבע אין דער צוקונפט. אין זיין הארצען האָט ער געפונען אַ גרויסע און טיעפע צונייגונג, צוזאַמענגעשטעלט פון צערטליכקייט, דאנקבאר־קייט און טויזענד דינגע צאַרטע פעדים, פון וועלכע עס ווערט גע־באָרען אַ לאַנגע און שטאַרקע צוגעבונדקייט.

אַ קלונג פון גלאָק האָט איהם אויפגעוועקט פון זיינע געדאַנ־קען. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן און זיך גענומען שלאָגען מיט דער דעה. זאָל ער עפענען? עס האט זיך [illegible]ם געדאכט, אז עס איז זיין פליכט צו עפענען זיין טהיר, היינט אין דער נאַכט פון ניי־יאָהר, פאר יעדען אונבעקאַנטען, ווער דאָס זאָל ניט זיין.

און ער האָט גענומען אַ וואקסענע ליכט, איז דורך דורכ'ן פּיהר־הויז, אראָבגענומען דעם פעררוקער, אַ דרעה געטהאָן דעם

שליסעל, געעפענט די טהיר און דערזעהן זיין געליעבטע, שטעהענדיג אָנגעשפּארט אָן א וואנד, בלייך ווי דער טויט.

ער האט אויסגעשטאמעלט:

— וואס איז מיט דיר?

זי האט געענטפערט:

— ביזטו אליין?

— יא.

— אָהן די דיענער?

— יא.

— דענקסטו אוועקגעהן?

— ניין.

זי איז אריין מיט דער מינע פון א פרוי, וועלכע קען די הויז. אזוי שנעל ווי זי איז אריין אין זאאל, איז זי געפאלען אויף א זאפע און צודעקענדיג דאס פּנים מיט די הענד האָט זי זיך מורא'דיג צוואויינט.

ער האט זיך אראבגעלאזען אויף די קניע פאר איהרע פיס, צו־גענומען איהרע הענד פון איהרע אויגען כדי ער זאל קענען אריינ־קוקען אין זיי, און האט ארויסגערופען:

— אירענע, אירענע, וואס איז מיט דיר? איך בעט דיר, זאג מיר וואס איז געשעהן?

אונטער שלוכצען האט זי אויסגעמורמעלט:

— איך קען מעהר אזוי ניט לעבען.

ער האט ניט פערשטאנען:

— וואס מיינסטו?

— יא, איך קען מעהר אזוי ניט לעבען. איך האב אזוי פיעל אריבערגעטראגען. ער האט מיך היינט נאכמיטאג געשלאגען.

— ווער... דיין מאן?

— יא... מיין מאן.

— הא!

ער איז געװאָרען פערװאונדערט, ער האט קײנמאל ניט ער־װארטעט אז איהר מאן זאל זײן אזוי ברוטאל. ער איז געװען א װעלטליכער מענש, א מאן פון די בעסערע קלאסען, א קלוב־מאן, א טהעאטער געהער, א ליעבהאָבער פון פערד און אן אויסגעצײכענטער שפּעכטער. אלע האָבען איהם געקענט, א סך פון איהם גערעדט און אומעדום איז ער געװען א גוטער גאסט. ער האָט געהאט זעהר העפליכע מאַניערען און א זעהר מיטעלמעסיגען גײסט. עס האָט איהם אָבער געפעהלט די בילדונג און די ענטװיקלונג אום צו דענ־קען װי אלע גוט־ערצויגענע מענשען.

ער האָט געשײנט צו זײן זעהר צוגעבונדען צו זײן װײב, װי עס פיהרט זיך בײ רײכע און גוט ערצויגענע מענשען. ער האָט ארויסגעװיזען גענוג אינטערעס צו איהרע פערלאנגען, איהר גע־זונד, איהרע קלײדער און אויסער דעם האָט ער איהר געלאָזען פאָל־שטענדיגג פרײ.

װען ראנדאל איז געװאָרען אירענע׳ס פרײנד, האָט איהם איהר מאן בעגעגענט זעהר העפליך און איהם פרײנדליך די האנד געדריקט. אזוי פערהאלט זיך יעדער מאן מיט גוטע מאניערען צו זײן װײב׳ס אינטימען פרײנד. און װען ער איז איהר געליעבטער געװאָרען נאָכ־דעם װי ער איז א געװיסע צײט איהר פרײנד געװען, איז זײן האל־טונג צו איהר מאן געװאָרען נאָך העפליכער.

זשאקסעם האָט קײנמאל ניט גע׳חלומ׳ט אז אין זײער הויז זאָ־לען פּאָרקומען אזעלכע שטורעמס און ער איז געװאָרען זעהר צו־טומעלט פון דער דאָזיגער אונערװאַרטעטער ענטדעקונג.

ער האָט געפרעגט:

— װי האָט עס פּאסירט? זאָג מיר.

דאן האָט זי איהם גענומען דערצעהלען א לאנגע געשיכטע, די גאנצע געשיכטע פון איהר לעבען זײט איהר חתונה... פון דער ערשטער קריעגערײ זײערער צוליעב א קלײניגקײט און דער נאָך פון דער פרעמדקײט װאס איז געװאקסען צװישען זײ מיט יעדען טאָג, װײל זײ זײנען צװײ געגענזעצטע כאראקטערען.

דאַן זיינען געקומען קריגעריייען, צאַנקערייען און איהר מאַן האָט איהר גענומען בעשולדיגען, פערדעכטיגען און איז געוואָרען גראָב. איצט איז ער געוואָרען אייפערזיכטיג, אייפערזיכטיג צו זשאַקסעס׳ן, און היינט, נאָך אַ העפטיגער סצענע, האָט ער איהר געשלאָגען.

זי האָט געענדיגט מיט אַ בעשלוס:

— איך וועל מעהר ניט געהן צו איהם צוריק, טהו מיט מיר וואָס דו ווילסט.

זשאַקסעם האָט זיך אוועקגעזעצט אַנטקעגען איהר, זייערע קניה האָבען זיך בעריהרט. ער האָט אָנגעכאַפּט איהרע הענד:

— אירענע, טהייערע מיינע, דו ווילסט בעגעהן אַ גרויסע נאַרישקייט, אַ נאַרישקייט, וואָס מען וועט קיינמאָל ניט קענען פערריכטען. אויב דו ווילסט פערלאָזען דיין מאַן, דאַן טהו עס אזוי, אז דיין שטעלונג אין דער וועלט, דיין גוטער נאָמען אלס פרוי, זאָל גערעטעט ווערען.

זי האָט געפרעגט קוקענדיג אויף איהם מיט אונרוהיגע אויגען:

— דאַן, וואָס פאַר אַן עצה גיסטו מיר?

— דו זאָלסט געהן אהיים און זיך דאָרט צופריעדענשטעלען מיט דיין לעבען ביז דעם טאָג ווען דו וועסט אויף אַן אנשטענדיגען אופן קענען ארויסקריגען פון דיין מאַן אַ געזעצליכען גט.

— איז נישט דאָס, וואָס דו ראַטהסט מיר צו טהאָן אביסעלע פייג?

— ניין, עס איז קלוג און לאָגיש. דו פערנעהמסט אַ הויכע שטעלונג, דו האָסט אַ רעפּוטאַציע, וועלכע דו מוזט היטען צוליעב דיינע פריינד און קרובים מיט וועלכע דו מוזט האָבען צו טהאָן. דו דאַרפסט ניט פערלירען דאָס אלעס צוליעב אַ נאַרישען קאַפּריז.

זי האָט זיך אַ הויב געטהאָן און געזאָגט מיט כעס:

— ניין, ניין! איך קען עס מעהר ניט אריבערטראָגען. גענוג, גענוג!

דאַן ארויפליינענדיג איהרעביידע הענד אויף איהר געליעב־טען'ס שולטערען און אריינקוקענדיג איהם גלייך אין פּנים אריין, האָט זי געפרעגט:

— ליעבסטו מיך?

— יא.

— טריי און עהרליך?

— יא.

— דאַן לאָז מיך בלייבען ביי דיר.

— ביי מיר? אין מיין הויז? אָט דאָ? מיין גאָט, דו ביזט משוגע. דאָס וואָלט געמיינט דיך צו פערלירען אויף אייביג, פער־לירען דיך אָהן דער האָפנונג ווען עס איז צוריק צוגעווינען! דו ביזט משוגע!

זי האָט געענטפערט לאנגזאם און ערנסט, ווי א פרוי, וועלכע פיהלט די לאסט פון איהרע ווערטער:

— הער אויס, זשאקסעס. ער האָט מיך פערבאָטען דיך צו זעהן און איך וויל מעהר ניט שפּיעלען די קאָמעדיע און קומען צו דיר אין געהיים. דו מוזט אָדער מיר פערלירען, אָדער מיך לאָזען ביי זיך.

— אויב אזוי, מיין טהייערע אירענע, דאַן קריג א גט, און איך וועל מיט דיר הייראטען.

— יא, דו וועסט מיט מיר הייראטען, אויף'ן בעסטען אופן אין... צוויי יאָהר ארום. דיין ליעבע איז זעהר א געדולדיגע.

— אָבער וואָס קען מען העלפען! בערעכען נור! אויב דו בלייבסט דאָ, דאַן קומט ער מאָרגען און נעהמט דיך אוועק, ווייל ער איז דיין מאַן, ער האָט דאָס רעכט און דאָס געזעץ אויף זיין זייט.

— איך האָב דיר ניט געזאָגט, אז דו זאָלסט מיך האלטען ביי דיר אין הויז, זשאקסעס, איך האָב געמיינט דו זאָלסט מיך אוועק־נעהמען וואוהין דו ווילסט אליין. איך האָב געדענקט, אז דו ליעבסט מיך גענוג אום עס צו טהאָן. איך האָב אָבער געהאַט א טעות. אדיע!

זי האָט זיך אומגעדרעהט און אוועק צו דער טהיר אזוי שנעל, אז ער האָט איהר געקענט כאַפּען ערשט אין צווייטען צימער.

— הער אויס, אירענע!

זי האָט זיך געוועהרט און איהם מעהר ניט געוואָלט הערען. מיט אויגען פול מיט טרעהרען האָט זי פערצווייפעלט געשטאַמעלט:

— לאָז מיך צופריעדען! לאָז מיך צופריעדען! לאָז מיך צופריעדען!

ער האָט זי געצוואונגען זיך אוועקצוזעצען און פאַלענדיג ווידער אמאָל אויף די קניה צו איהרע פיס, האָט ער גענומען איהר געבען צו פערשטעהן די נאַרישקייט און די מורא׳דיגע ריזיקע פון איהר קינדערשען פּראָיעקט. ער האָט ניט אויסגעלאָזען קיין זאך וועלכע האָט נאָך זיין מיינונג איהר געדאַרפט עפענען די אויגען און אין זיין שטארקער ליעבע צו איהר האָט ער געפונען די שטאַרקסטע מאָטיווען פאַר איהר איבערציינונג.

און אזוי ווי זי איז געבליבען זיצען שטיל און קאַלט, האָט ער זיך ביי איהר געבעטען, זי בעשוואָרען, אז זי זאָל איהם אויסהערען, זאָל איהם גלויבען, זאָל טהאָן ווי ער ראַטה איהר.

ווען ער האָט אויפגעהערט ריידען האָט זי געפרעגט:

— ווערסטו מיך יעצט לאָזען געהן? נעהם צו דיינע הענד פון מיר און לאָז זיך מיר אויפהויבען.

— אירענע, וואָס ווילסטו טהאָן?

— ווערסטו מיך איינלאָזען?

— אירענע... איז דיין בעשלוס אונאבענדערליך?

— לאָז מיך געהן, איך בעט דיר.

— זאָג מיר נור, איז דער דאָזיגער נארישער בעשלוס דיינער, וועלכען דו ווערסט שפּעטער ביטער בערייען, איז אונאבענדערליך?

— יא, לאָז מיך געהן!

— דאן בלייב דאָ. דו ווייסט גאנץ גוט אז דו ביזט דאָ ווי ביי זיך אין דער היים, מיר וועלען אוועקפאָהרען מאָרגען אין דער פריה.

זי איז אויפגעשטאַנען געגען זײן װילען און האָט געזאָגט מיט א הארטען טאָן:

— נײן, עס איז צו שפּעט, איך װיל ניט קײן אָפּפער, איך װיל איבערגעבענהײט.

— שטעה! איך האָב געטהאָן װאָס איך האָב געדאַרפט טהאָן; איך האָב געזאָגט, װאָס איך האָב געדאַרפט זאָגען. איך בין מעהר ניט פעראַנטװאָרטליך פאַר דײן טהאַט. מײן געװיסען איז רײן. זאָג מיר װאָס דו װילסט איך זאָל טהאָן און איך װעל דיר פאָלגען.

זי האָט זיך צוריקגעזעצט אויף איהר פּלאַץ, האָט איהם לאַנג לאַנג אָנגעקוקט און דאַן געפרעגט מיט א זעהר רוהיגען קול:

— דאַן ערקלעהר מיר גענױער.

— װאָס מײנסטו? װאָס פערלאַנגסטו איך זאָל דיר ערקלעה־רען?

— אַלעס, אַלעס װאָס דו האָסט געטראַכט, אײדער דו ביזט גע־קומען צו דעם דאָזיגען בעשלוס, דאַן װעל איך זעהן װאָס איך האָב צו טהאָן.

— אָבער איך האָב װעגען גאָרנישט געטראַכט. איך האָב דיר געמוזט װאָרנען, אז דו געהסט טהאָן א נאַרישען טריט. דו בע־שטעהסט אָבער דערױף און איך פערלאַנג דו זאָלסט מיר ערלױ־בען אַנטהײל צו נעהמען אין דעם דאָזיגען נאַרישען טריט, איך פאָדער עס זאָגאַר.

— אָבער דו ביזט דאָך נאַר װאָס געװען געגען דעם, װי קומט עס װאָס דו האָסט אַזױ שנעל געביטען דײן מײנונג?

— איך װעל עס דיר ערקלעהרען, מײן טהײערע, הער אויס. דאָ איז נישט די פראַגע פון אָפּפער אָדער איבערגעבענהײט. אין דעם טאָג, װען איך האָב זיך אַרומגעזעהן, אז איך ליעב דיר, האָב איך געזאָגט צו זיך אַלײן, װאָס יעדער געליעבטער דאַרף זאָגען צו זיך אין די זעלבע אומשטענדען: „דער מאַן װאָס ליעבט א פרױ, װאָס זוכט איהר צו געװינען, װאָס קריגט איהר, פערבינדט זיך מיט דער דאָזיגער פרױ מיט א הײליגען בונד". דאָס, מוזטו װיסען,

איז געדעדט, ווען מען האָט צו טהאָן מיט אזא פרוי ווי דו, און ניט מיט א פרוי, וואָס איז צולאָזען און לייכטזיניג.

די הייראטה, וועלכע האט א גרויסען סאציאלען ווערטה, א גרויסען געזעצליכען ווערטה, האט אין מיינע אויגען זעהר א קליינעם מאראלישע ווערטה, נעהמענדיג אין אנבעטראכט די פערשיעדענע אומשטענדען, אונטער וועלכע עס ווערט געשלאָסען.

דערפאר, ווען א פרוי, פארבונדען מיט דעם דאזיגען געזעצ־ליכען בונד צו א מאן, וועלכען זי קען ניט ליעבען, צו וועלכען זי פיהלט זיך ניט צוגעבונדען, א פרוי, וועמעס הארץ איז פריי, באַ־געגענט א מאן, וועלכען זי ליעבט, וועמען זי גיט זיך אוועק, ווען א מאן, וועלכער איז צו קיין אנדערער ניט צוגעבונדען, נעהמט די פרוי אויף דעם דאָזיגען שטייגער, דאן זאָג איך, פערבינדען זיי זיך איינער צום צווייטען מיט דעם דאזיגען געמיינזאמען און פרייען קאנטראקט פיעל מעהר, ווי מיט דעם „יא״ אין דער געגענוואָרט פונ׳ם מער.

איך זאג אויב זיי ביידע זיינען עהרענהאפטע מענשען, מוז זייער פערבינדונג זיין א שטארקערע, א בעסערע, א געזינטערע, ווי ווען זי וואלט כשר געמאכט געווארען פון אלע פריסטער און אלע געזעצען.

די דאזיגע פרוי ריזיקירט מיט אלעם וואס זי האט. און זי ווייס עס. און דאך גיט זי אוועק אלעם: איהר הארץ, איהר קער־פער, איהר עהרע, איהר לעבען. און ווייל זי האט פאראויסגעזעהן אלע ליידען, אלע געפאהרען, אלע אונגליקען און דאך געוואגט צו טהאָן דעם דאזיגען דרייסטען, דעם דאזיגען אונערשראקענעם טריט און ווייל זי איז בערייט אלעם אריבערצוטראָגען, אלעם אויסצושטעהן מוטיג... איהר מאן, וועלכער קען זי טויטען, די געזעלשאפט, וועלכע קען זיך פון איהר אָבזאָגען... דערפאר איז איהר אונטרייהייט צו איהר געזעצליכען מאן א העלדישקייט, און דערפאר מוז דער גע־ליעבטער, ווען ער נעהמט איהר, אויך פאראויסזעהן אלעם און זיין פארבערייט צו אלצדינג וואס קען געשעהן. איך האב מעהר גאר־

נישט צו זאָגען. איך האָב אין אָנהויב גערעדט צו דיר ווי א פערד־בינפּטינגער מענש, וועמעס פליכט עס איז געווען דיך צו ווארנען. און איצט איז געבליבען אין מיר נור דער מאן... דער מאן וועלכער ליעבט דיך. זאָג מיר אצינד, וואָס זאָל איך טהאָן?

א שטראהלענדע האט זי איהם צוגעמאכט דעם מויל מיט איהרע ליפּען און געזאָגט מיט א שטילער, בעוועגטער שטימע:

— עס איז ניט אמת, מיין טהייערער! עס האָט גאָרנישט פּאַסירט! מיין מאן פערדעכטיגט קיין זאך נישט. אבער איך האב געוואלט זעהן, איך האב געוואלט וויסען, וואס דו וועסט טהאָן. איך האב זיך געוואונשען צו האבען א ניי־יאהר פּרעזענט... א פּרעזענט פון דיין הארצען... אן אנדער פּרעזענט אויסער דעם האלזבאנד וואס דו האסט מיר נור וואס געשיקט. דו האסט עס מיר געגעבען. איך דאנק דיר! איך דאנק דיר! געדאנקט זאל זיין גאט פאר דאס גליק וואס דו האסט געגעבען.

# אין זיין געליעבטערס ליווריע.

---



יינט איז זי א גרויסע דאמע, אַן עלעגאנטע, הויך ענטוויקעלטע פרוי און אַ בעריהמטע אַקטריסע. אָבער אין דעם יאָהר 1847, ווען אונזער געשיכטע הויבט זיך אָן, איז זי געווען אַ שעהנע אָבער ניט זעהר מאראלישע מיידעל און דאַן האָט עס פּאסירט, דאָס דער יונגער, טאַלאַנטפולער הונגארישער פּאָעט וועלכער איז געווען דער ערשטער צו ענטדעקען איהר טאַלאַנט פאַר דער ביהנע, איז מיט איהר בעקאַנט געוואָרען.

די שלאַנקע קאָכיגע מיידעל, מיט איהרע העל ברוינע האָאָר און איהרע גרויסע בלויע אויגען האָט צוגעצויגען צו זיך דעם אונ־פּאָרזיכטיגען פּאָעט. ער האָט איהר געליעבט, און אַלעס וואָס איז געווען גוט און איידעל אין איהר נאַטור, האָט איהם צו איהר צוגעבונדען און שטאַרקער געמאַכט זיין פּאָעטישע ליעבע.

זיי האָבען געלעבט צוזאַמען אין אַ דאך שטיבעל אין דער אַלטער קייזערליכער שטאָדט ביי דער דאַניובע; זי האָט געטהיילט מיט איהם זיין אָרימקייט, זיינע טריאומפען און זיינע פערגע־ניגענס, און זי וואָלט געוואָרען זיין געטרייע, איבערגעגעבענע פרוי, ווען די הונגארישע רעוואָלוציאָן וואָלט איהם ניט ארויסגעריסן פון איהרע אָרעמס.

דער פּאָעט איז געוואָרען אַ סאָלדאַט פון פרייהייט. אונטער דעם קלאַנג פון פּויקען איז ער אוועק מיט די פרייהייטס־קעמפּפער, בעת זי איז געוואָרען הינגעריסען מיט דעם שטראָם פון דער בעוועגונג אין דער הויפּטשטאָדט. מען האָט זי אָפט געקענט זעהן, ווי זי הויבט אויף איהר ביקס, ווי אַ בראַווע אַמאַזאָנקע, געגען די קראָאַטען, וואָס האָבען פערטהיידיגט די שטאָדט געגען גאָרגע'ס באַטאַליאָנען.

אָבער צום סוף האָט זיך אונגאַרן אונטערגעגעבען און איז רע־גיערט געוואָרען אַזוי, ווי זי וואָלט געווען אַן איינגענומענע לאַנד.

מען האָט געזאָגט, אַז דער יונגער פּאָעט איז געפאַלען אין טעמעסוואַר. זיין געליעבטע האָט געוויינט נאָך איהם און חתונה געהאָט מיט אַן אַנדער מאַן. איהר נאָמען איז איצט געווען פרוי פאָן קוביניל, אָבער איהר פערהייראַטער לעבען איז ניט געווען קיין גליקליכער. אַ געוויסען טאָג האָט זי זיך דערמאָנט, אַז איהר גע־ליעבטער האָט איהר געזאָגט דאָס זי האָט טאַלאַנט פאַר דער ביהנע און אַזוי ווי אַלעס וואָס ער האָט געזאָגט איז געווען ריכטיג, האָט זי זיך געשיידעט פון'ם מאַן, איינגעשטודירט אַ פּאָאַר ראָלען, איז אַרויסגעטראָטען אויף דער ביהנע און... דאָס פּובליקום, די קריטיקער, די אַקטיאָרען און די שרייבער זיינען געלעגען צו איהרע פיס.

זי האָט געקראָגען אַ זעהר גוטען קאָנטראַקט און איהר נאָמען איז געשטיגען מיט יעדער ראָלע וואָס זי האָט געשפּיעלט. איידער עס איז אוועק אַ יאָהר נאָך איהר ערשטען אויפטריט אויף דער ביהנע, איז זי געוואָרען די געטין פון דער געזעלשאַפט. אַלע האָבען איהר אַרויסגעוויזען דעם גרעסטען רעספּעקט און די רייכסטע מענער האָבען געזוכט חן ביי איהר אין די אויגען. אָבער זי איז געבליעבען קאַלט און צוריקגעהאַלטען, ביז דער גענעראַל, וואָס האָט קאָמאַנדירט יענעם בעצירק, אַ שעהנער מאַן פון אַרעליגע אַבשטאַמונג און אַ דזשענטעלמאַן אין פולען זינן פון וואָרט, האָט זיך גענומען צו איהר צושאַרען.

צו עס האָט איהר געשמייכעלט, וואס אזא מעכטיגער מאַן, פאר וועלכען מיליאנען מענשען ציטערען, און וועלכער האָט די מאכט איבער לעבען און טויט, איבער עהרע און גליק פון אזוי פיעל טויזענדער, איז פארליעבט אין איהרע שעהנע לאָקען, צו איהר ווארימע הארץ האָט ווירקליך דערפיהלט אמת׳ע ליעבע, אבער עס וועט זיין גענוג צו זאָגען, אז אין א קורצער צייט איז זי געוואָרען זיין געליעבטע, און איהר רייכער געליעבטער האָט זי ארומגערינ־געלט מיט דעם לוקסוס פון א קעניגין.

אבער גראדע דאַן איז א וואונדער געשעהן... א טויטער מאַן איז תחית המתים אויפגעשטאנען. פרוי פאַן קוביניל איז געפאהרען שפאצירען אין דעם גענעראל׳ס קארעטע; זי איז געלעגען אבגע־ווארפען אויף די ווייכע קישענס און מיט גלייכגילטיגע אויגען גע־קוקט אויף דעם עולם איבער די טראטוארען. פּלוצים איז איהר בליק געפאלען אויף א פראסטען עסטרייכישען סאלדאט און זי האָט א געשריי געטהאָן אויף׳ן קול.

קיינער האָט ניט געהערט דעם געשריי, וואס איז געקומען פון דער טיעפעניש פון א פרוי׳ס הארץ, קיינער האָט ניט געזעהן ווי אויפגערעגט עס איז געוואָרען די פרוי, וועלכע האָט געוועהנליך געמאַכט דעם איינדרוק פון א מראמארנע סטאטוע, ניט אפילו דער סאלדאַט, וועלכער איז געווען די אורזאכע דערפון. ער איז געוועזן דער הונגארישער פּאעט, וועלכער האָט איצט, ווי פיעלע אנדערע פערטהיידיגער פון זייער פאטערלאנד, געטראגען די יוני־פארם פון אַן עסטרייכישען סאלדאט.

שטארק איז געווען די פערוואונדערונג פונ׳ם פּאעט, ווען אין צוויי טעג ארום האָט מען איהם געשיקט צום גענעראל אלם יונג. ווען ער האָט זיך געמעלדעט ביים אדיוטאַנט, האָט ער איהם געהייי־סען געהן צו פרוי פאַן קוביניל און ווארטען אויף איהרע בעפעהלען.

אונזער פּאעט האָט בלויז פון איהר געהערט, אבער ער האָט געהאסט און פעראכטעט די שעהנע פרוי, וועלכע האָט זיך פערקויפט

צו דעם שונא פון זיין לאנד; דאך האט ער זיך ניט געקענט העלפען און געמוזט פאלגען.

ווען ער איז אנגעקומען צו איהר הויז, האט מען דארט געשיינט צו ווארטען אויף איהם, ווייל דער פארטער האט געוואוסט זיין נאמען. ער האט איהם אריינגענומען אין א צימער און אהן ווייטערע ערקלעהרונגען איהם גלייך געהייסען אנטהאן די ליוורעע פון זיין געליעבטער, וועלכע איז געלעגען אנגעגרייט פאר איהם. ער האט פארשצירעט די צייהן און זיך איבערגעגעבען צו זיין אונגליקליכען און אויך קאמישען שיקזאל; עס איז געווען גאנץ קלאהר, אז די אקטריסע האט עפעס א מיין דערמיט, וואס זי לאזט דעם פאעט טראגען איהר ליוורעע. ער האט געזוכט זיך צו דערמאנען צו האט ער זי ניט אמאל בעליידיגט מיט א נאטיץ אלס טהעאטער קריטיקער, אבער נאך איידער ער האט געקענט קומען צו עפעס א שלום, האט מען איהם געהייסען זיך מעלדען צו דער פרוי פאן קוביניל. זי האט, ווי עס האט געשיינט, געוואלט זעהן זיין ערניעדערונג.

מען האט איהם אריינגעפיהרט אין א קליינעם זאל, וועלכער איז געווען מעבלירט מיט אזוי פיעל געשמאק און אזוי פיעל רייכטום, וואס ער האט נאך אין זיין לעבען ניט געזעהן, און איהם געהייסען ווארטען. ער איז געבליעבען אליין בלויז אייניגע מינוטען, ווען די פארטיערען האבען זיך פארנאנדערגעעפענט און פרוי פאן קוביניל איז אריין, רוהיג אבער טויט בלייך, אין א גרויסארטיגען קלייד פון עפעס א טערקישען מאטעריאל, און ער האט דערקענט זיין אמאליגע געליעבטע.

— אירמא! — האט ער אויסגערופען.

דער געשריי האט זיך ארויסגעריסען פון זיין הארצען און געמאכט אזא איינדרוק אויף דער פרוי, וועלכע איז געווען זאט פון אלע פערגעניגענס, אז דעם נעקסטען מאמענט איז זי געלעגען אויף דער ברוסט פון דעם מאן, וועמען זי האט געהאלטען פאר טויט.

דאָס אלעס האָט געדויערט בלויז איין מינוט, ווייל גלייך האָט ער זיך בעפרייט פון איהרע אָרעמס.

— באַשערט, אַז דער שיקזאל זאל אונז אזוי צוזאַמענברענגען, — האָט זי אָנגעפאַנגען.

— עס איז ניט מיין שולד, — האָט ער געענטפערט מיט ביטערקייט.

— מיין שולד איז עס אויך ניט, — האָט זי געזאָגט האסטיג. — אלע האָבען געדענקט, אַז דו ביזט טויט און איך האָב געוויינט נאָך דיר; וואָס נאָך האָב איך געקענט טהאָן?

— דו ביזט ווירקליך זעהר גוט — האָט ער געזאָגט סאַרקאַסטיש. — אָבער ווי קענסטו זיך אַרונטערלאָזען אַזוי ניעדעריג און זיך פאַר מיר ענטשולדיגען? איך טראָג דיין ליווריע; דו האָסט צו בעפעהלען און איך צו פאָלגען; אונזער שטעלונג איינער צום צווייטען איז, דאַכט זיך, קלאָהר גענוג.

פרוי פאָן קוביניל האָט אָבגעקעהרט דעם קאָפּ, אום צו בעהאַלטען איהרע טרערען.

— איך האָב ניט געוואָלט דיר וועה טהאָן, — האָט ער ווייטער גערעדט, — אָבער איך מוז זיך מודה זיין, אַז עס וואָלט געווען אַ סך בעסער פאַר אונז ביידען, אַז מיר זאָלען זיך ניט האָבען בעגעגענט. זאָג מיר, איך בעט דיך, וואָס מיינסטו דערמיט, וואָס דו האָסט מיר געהייסען אָנטהאָן דיין ליווריע? איז ניט גענוג, וואָס מען האָט ביי מיר אוועקגערויבט מיין גליק? פערשאַפט דיר פערגעניגען מיך צו זעהן אַן ערניעדריגטען?

— ווי קענסטו אזוי דיינקען? — האָט אויסגערופען די אַקטריסע. — זייט איך האָב זיך דערוואוסט פון דיין אונגליקליכען שיקזאַל, האָט איך פון קיין אַנדער זאַך ניט געטראַכט, אויסער ווי אַזוי דיך צו בעפרייען, און ביז וואַנען מיר וועט זיך איינגעבען עס צו אויספיהרען, וויל איך מאַכען דיין לעבען כאָטש וויפיעל עס איז לייכטער פאַר דיר.

— איך פערשטעה, — האָט דער אונגליקליכער פּאעט געזאגט מיט א ביטערען שמייכעל — און אום עס צו טהאָן, האָסטו געבעטען דיין איצטיגען פארגעטערער, ער זאָל מאכען דיין אמאָליגען גע־ליעבטען פאר דיין דיענער.

— פארוואס רעדסטו אזוי ?

— ווי קען איך אַנדערש רעדען ? דו ווילסט מיך בעשטראפען דערפאר וואָס איך האב דיר אמאָל געליעבט, פארגעבּערט. זאָג, איז עס ניט אזוי ? — האָט דער פּאעט ווייטער גערעדט — אזוי האַנ־דעלט געוועהנליך די פרוי ! אבער איך פערשטעה גאנץ גוט, אז דו ערוואַרטעסט פון דעם שפּיצעל וואָס דו האָסט מיר אָבגעטהאָן עפּעס א נייעם אינטערעס, פרישע פערגעניגענס.

נאָך איידער ער האָט געענדיגט זיינע לעצטע ווערטער, האָט די אקטריסע פערלאזען דאס צימער; ער האָט געהערט ווי זי כליפּעט, אבער ער האָט ניט חרטה געהאט אויף זיינע רייד און זיין פעראכטונג און האס צו איהר זיינען נאָך גרעסער געווארען, ווען ער האָט גע־זעהן די פארשוועגדערישקייט און דעם קייזערליכען לוקסוס, מיט וועלכען זי איז געווען ארומגערינגעלט. אבער וואס איז געווען די פּעולה פון זיינע שטאלצע רייד? ער האָט געטראגען איהר ליווריע, איז געווען געצוואונגען זי צו בעדיענען און צו פאלגען, ווייל זי האָט געהאַלטען איבער איהם דעם גענעראל'ס בייטש, און עס האָט ווירק־ליך אויסגעזעהן ווי די פרעכע געליעבטע פונ'ם גענעראל, וועמען ער האָט בעליידיגט, האָט זיך בעשלאסען איהם צו ווייזען איהר גאנצע מאכט און איהם ניט פערשפּארען קיין שום ערניעדריגונג.

דער גענעראל און צוויי פון פרוי פאן קוביניל'ס פריינדינען, איינע א באַלעט טענצערין און די צווייטע אַן אקטריסע, זיינען גע־קומען צום טהעע און ער האָט זיי געמוזט בעדיענען.

בעת מען האָט געמאכט דעם טהעע, האָט ער זיי געהערט לאַ־כענדיג אין דעם צווייטען צימער. דאס בלוט האָט איהם א זעץ געטהאָן אין קאפּ, ווען א לאקעי האָט געעפענט די טהיר און פרוי

פאן קוביניל האט זיך בעוויזען געארמט מיט'ן גענעראל. אבער דאך האט זי געקוקט אויף איהר נייעם בעדיענער, וועלכער איז אמאל געווען איהר געליעבטער, ניט מיט טריאומף און ניט מיט פעראכטונג, נור עפעס א טיעפער אומעט איז אין איהר בליק געלעגען.

איז עס מעגליך, אז ער איז געווען אונגערעכט צו איהר?

האס און ליעבע, פעראכטונג און אייפערזוכט האבען געקעמפפט אין זיין ברוסט, און ווען ער האט געדארפט אנפילען די גלעזער, האט די פלאש זיך געטרייסעלט אין זיינע הענד.

— איז דאס דער מאן? — האט געפרעגט דער גענעראל, איהם אויפמערקזאם בעטראכטענדיג.

פרוי פאן קוביניל האט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ.

— ער איז, ווי עס שיינט, ניט געבארען פאר א דיענער — האט דער גענעראל צוגעלייגט.

— און נאך פיעל וויניגער פאר א סאלדאט—האט די אקטריסע בעמערקט.

די דאזיגע ווערטער האבען שווער אבגעקלונגען אין דעם אונגליקליכען פאעט'ס הארצען. עס איז קענטיג געווען, אז זי האט זיך פאר איהם אנגענומען און איהם געזוכט צו בעפרייען פון זיין שרעקליכער לאגע.

דאך האט איהם דער פערדאכט ניט פערלאזען אויף קיין איין מינוט.

זי איז מיעד פון פערגעניגענס, איז אנגעזעטיגט מיט אלערליי צושטרייאונגען — האט ער געטראכט פאר זיך — ווילט זיך איהר עפעס אן אויפרעגונג. עס אמוזירט איהר צו זעהן דעם מאן, וועלכען זי האט אמאל געליעבט און וועלכער ליעבט איהר נאך ביז היינטיגען טאג, — ווי ער שטעהט פאר איהר א ציטערענדיגער. און זי קען מיך זעהן זיך טרייסלענדיג, ניט פאר מיין לעבען, אבער אוים מורא פאר ערניעדריגונגען.

אבער פלוצלים האט די אקטריסע געווארפען אויף איהם א בליק, אין וועלכען עס איז געלעגען אזוי פיעל טרויער, אזוי פיעל געבעט, אז ער איז צומישט געווארען און האט זיינע אויגען ארונ־טערגעלאזען.

פון דאן אן איז ער געבליעבען אין איהר הויז, ניט ערפילענדיג קיין שום פליכטען און ניט קריגענדיג פון איהר קיין שום בעפעהלען. ער האט זי אייגענטליך קיין מאל ניט געזעהן און האט ניט געוואגט זיך אויף איהר נאכצופרעגען.

אזוי זיינען אוועק צוויי מאנאטען, ווען דער גענעראל האט פלוצים געשיקט נאך איהם. ער האט געווארט מיט פיעלע אנדערע אין פיהר־הויז. דער גענעראל איז געקומען צוריק פון א פאראד, האט איהם דערזעהן און געגעבען א צייכען, ער זאל איהם נאכגעהן, און אזוי שנעל ווי זיי זיינען געווען אליין, האט ער געזאגט:

— דו ביזט פריי. מען האט פאר דיר אויסגעווירקט די ער־לויבעניש זיך אויסצוקויפען.

— מיין גאט! — האט דער פאעט ארויסגעשטאמעלט — וואו זאל איך נעהמען די מיטלען...

— דאס איז שוין אלעס בעזארגט — האט געענטפערט דער גענעראל. — דו ביזט פריי.

— ווי איז עס מעגליך? מיט וואס קען איך אייך דאנקען, עקסעלענץ?

— דו האסט מיר גארנישט צו דאנקען — האט ער געזאגט — פרוי פאן קוביניל האט דיך אויסגעקויפט.

דעם ארימען פאעט'ס הארץ האט זיך א צאפעל געטהאן; ער האט ניט געקענט רעדען, עס איז איהם געווען אונמעגליך ארויס־צוברענגען א ווארט. מיט א טיעפער פערנייגונג איז ער אוועק פון גענעראל און זיך געלאזט האסטיג לויפען איבער די גאסען ביז ער איז צוגעקומען צום פאלאץ פון דער פרוי, ווען ער האט אזוי

פאלש פערשטאנען. ער האט געמוזט זי נאך א מאל זעהן און זיך ווארפען צו איהרע פיס.

— וואוהין געהסטו ? — האט איהם געפרעגט דער פארטער.

— צו פרוי פאן קוביניל.

— זי איז דא נישטא.

— נישט דא ?

— זי איז אוועקגעפאהרען.

— אוועקגעפאהרען ? וואוהין ?

— זי איז אוועק קיין פאריז מיט צוויי שטונדען צוריק.

# לא מאריללאנן *)



יי האָבען איהר גערופען „לא מאריללאנן“ ניט בלויז צו־ליעב איהרע שווארצע האָאָר און איהר געזיכטס־פארב וואָס איז עהנליך געוועזן צו יעסענדיגע בלעטער, נור צוליעב איהרע דיקע פורפורנע ליפּען וואָס זיינען גע־וועזן ווי שווארצע יאגעדעס, ווען זי האָט געשמייכעלט.
דאָס וואָס זי איז געוועזן אַזוי דונקעל אין אַ געגענד וואו אלע זיינען געוועזן העל בלאָנד, און פון עלטערן וועלכע האָבען געהאַט פלאַקסענע האָהר און אַ מילכיגע געזיכטס־פארב, איז געוועזן איינע פון די סודות פון אטאוויזם. אַ פרוי, אין איהר פאמיליע אפשר אַן עלטער באָבע, האָט אמאָל געמוזט האָבען צו טהאָן מיט איי־נעם פון די וואנדערענדע קוימען־קעהרער, וועלכע האָבען זיך פון אויביג אַן ארומגעשלעפּט איבער'ן לאַנד, מיט פּנים'ער פול סאזשע און אַ קוטשמע העלע האָאָר פון אויבען.

פון דעם דאָזיגען עלטער זיידען האָט זי גע'ירש'ענט ניט נור איהר טונקעלע געזיכטס־פארב נור אויך איהר שווארצע נשמה און איהרע פאלשע אויגען, הייסע, ברענענדיגע זינדיגע אויגען פון אַן איינגעשפּארטער און בייזער חיה.

איז זי געוועזן שעהן? געווים ניט, אפילו ניט חן'עוודיג. העס־

---

*) אַזאַ מין שווארצע וויינטרויבען.

ליך איז זי געווען, אן אמת'ע העסליכקייט! אזא פֿאַלשער קוק! איהר נאָז איז געווען איינגעפּליאטשעט פון אַ קלאַפּ וואָס זי האָט אמאָל געקראָגען און איהר שמוציגער מויל האָט נאָכאַנאַנד געדעקט מיאוס'ע שמוציגע רייד. איהרע האָר זיינען געווען געדיכט און ניט אבגעהיט, א ריכטיגער נעסט פאר ווערים און זי האָט געהאט א מאגערען, היציגען קערפּער מיט א אונטערשפּרינגענדיגע גאנג. קורץ, זי איז געווען אן אמת'ע פערזעהעניש, און דאָך האָבען אַלע יונגע לייט פון דער נאכבארשאפט איהר נאכגעלאפען, געזוכט איהר ליעבע, און ווענען זי האָט איין מאָל בעגליקט, האָט ווידער איהר געזעלשאפט געזוכט און נאָך איהר געבענקט.

זייט זי איז אלט געווארען צוועלף יאהר, איז זי געווען די געליעבטע פון יעדען יונג אין דארף. זי האָט פערפיהרט קליינע אינגלאך אין איהרע יאהרען אויף יעדען מעגליכען אופן און אין יערען פלאץ.

יונגע לייט האבען ריזיקירט צוליעב איהר מיט זייער פרייהייט און אפילו עלטערע, בעוואוסטע, הולטייסקע מענער, ווי דער רייכער פארמער פונ'ם צווייטען דארף, מאסיע מארטין, דער פריהערדיגער מער און נאָך אנדערע שטאַרק רעספּעקטירטע בירגער האָבען זיך פשוט געהאנגען אויף דער שלומפּערקע. די אורזאכע, פארוואס דער פאליסמאן האָט זיי ניט געשלעפּט צום מאגיסטראַט, איז, ווי מענשען האָבען געזאגט, געווען די, דאס ער וואלט דאן זיך אליין אויך געמוזט ארעסטירען.

דער פועל יוצא דערפון איז געווען, אז זי האָט געטהאָן וואָס זי האָט געוואָלט און איז אזוי אויסגעוואקסען, פון קיינעם און קיין זאך ניט געשטערט. זי איז געווען די געליעבטע פון יעדעם יונג אין שטאָדט, ווי דער שוהל־לעהרער האָט דערצעהלט, וועלכער איז אליין אויך געווען צווישען די דאָזיגע יונגען. אָבער דער מערקווירדיג־סטער טהייל פון דער דאָזיגער געשיכטע איז געווען, וואָס קיינער פון זיי איז ניט געווען אייפערזיכטיג. זיי האָבען איהר איבערגעגעבען

פון האנד צו האנד און ווען איינער האָט איהר אמאָל פערוואונדערט געשטעלט די דאָזיגע פראגע, האָט זי דעם נארישען פראגע־שטעלער געענטפערט בזה הלשון:

— פאר וואָס זאָלען זיי זיין אייפערזיכטיג? איז דען יעדער ניט צופריעדען?

און דאָן, ווי האָט דען ווער עס איז פון זיי, ווען ער זאָל אפילו זיין אייפערזיכטיג, געקענט זי איינהאלטען? זיי האָבען אויף איהר ניט געהאַט קיין שום איינפלוס. זי איז ניט געווען עגאָאיסטיש, און הגם זי האָט צוגענומען פרעזענטען און זאכען אָדער געלד, דאָך האָט זי קיינמאָל ביי זיי גאָרנישט פערלאנגט, אדרבה, זי האָט נאָך ליעב געהאַט זיי אליין צו בעצאָהלען אויף איהר גאנץ בעזונדערען שטייגער. דאָס גרעסטע פערגעניגען האָט זי געהאַט ווען עס האָט זיך איהר איינגעגעבען עפּעס צו גנב'ענען, און אַ גע'גנב'עטער סענט איז ביי איהר טהייערער געווען ווי אַ קראָנע, וואָס אַ געליעבטער האָט איהר דערלאנגט אין האנד אריין. עס האָט ניט געהאַט קיין שום זין צו טרוימען איהר צו בעהערשען, אָדער צו ווערען דער איינציגער שטאָלצער געביעטער פון דער דאָזיגער נקבה, ווייל קיינער פון זיי, ווי שטארק ער איז ניט געווען, וואָלט עס ניט געקענט אויספיהרען.

היינט ווי אזוי האָט ווער עס איז פון זיי געקענט פאָדערען צו זיין איהר בעהערשער? עס וואָלט געווען פונקט אזוי משוגע, ווי ווען אימיצער זאָל פאָדערען צו האָבען דאָס איינציגע רעכט אויף דעם קהל'שען באַק־אויווען, וואו דער גאנצער דאָרף האָט זיין ברויט געבאַקט.

אָבער דאָרט איז געווען איין אויסנאהמע, און דאָס איז געווען בריו, דער פּאסטוך.

ער האָט געלעבט אין די פעלדער אין אַ בעוועגליכען הייזעל, זיך געשפּייזט מיט קיכלאך, וועלכע ער האָט אליין געבאַקט אמאָל דאָ און אמאָל דאָרט אין אַ לאָך, וואָס ער האָט אליין אויסגעגראָבען און בעהייצט מיט טרוקענע צווייגען. קאַרטאָפעל, מילך, האַרטער קעז, שווארצע יאַגאָדעס און אַ קליין פלעשעל אלטען שנאַפּס,

וועלכען ער האָט אליין געשטעלט, זיינען געווען זיינע טעגליכע מאָהלצייטען. ער האָט גאָרנישט געוואוסט פון ליעבע, הגם מען האָט איהם בעשולדיגט אין שרעקליכע זאכען, אָבער קיינער האָט ניט געוואגט צו זאָגען א שלעכט וואָרט איהם אין די אויגען; ערשטענס ווייל בריו איז געווען א שטארקער, געזונדער יונג, וועלכער האָט געהאלטען זיין פאסטוך'שען בייטש אין א זעהר א פעסטע האנד, און צווייטענס צוליעב זיינע דריי הינד, וועלכע האָבען געהאָט צייהן ווי די וועלף און האָבען קיינעם ניט געפאָלגט אויסער זייער בעל הבית, און איבערהויפט אוים מורא פאר זיין שלעכט אויג. ווייל בריו האָט קענטיג געוואוסט אזא שפרוך פון וועלכען דאָס קאָרן איז פערדאָרבען געוואָרען, די שאָף האָבען אויפגעהערט צו געהן, די רינדער האָבען געקריגען די פעסט, די קיה האָבען קראפירט זיך קעלבענדיג, און פון וועלכע די קופעם הייה האָבען זיך אָנגעצונדען.

אָבער אזוי ווי בריו איז געווען דער איינציגער מאן וועלכער האָט זיך ניט געיאָגט נאָך לא מאריללאנן, איז נאטירליך, אז זי האָט זיך אין א געוויסען טאָג אָן איהם דערמאָנט און גענומען פון איהם טראכטען. זי האָט ערקלעהרט, אז זי האָט ניט מורא פאר זיין בייז אויג און איז אוועק צו איהם.

— וואָס ווייילסטו? — האָט ער געפרעגט. און זי האָט געענטפערט פרעך:

— וואָס איך וויל? איך וויל דיך!

— זעהר שעהן — האָט ער געזאָגט — אָבער דאן מוזטו געהערען בלויז צו מיר אליין.

— גוט — איז געווען איהר ענטפער — אויב דו דענקסט, אז דו וועסט מיך קענען צופריעדענשטעלען.

ער האָט א שמייכעל געגעבען און זי גענומען אין זיינע אָרעמס און זי איז אוועק פון דאָרף אויף א גאנצע וואָך. זי איז טאקע אויף אָן אמת געוואָרען בריו'ס אייגענטהום, אין גאנצען זיינע.

דער דאָרף איז געוואָרען אויפגערעגט. זיי זיינען ניט געווען אייפערזיכטיג איינער אויף דעם אנדערען, אָבער צו איהם זיינען זיי

אלע געוועז אייפערזיכטיג. וואס! זי האט ניט געקענט ביישטעהן אנטקעגען איהם? אמת, ער האט געהאט שפרוכען און געקענט בעל־כישוף'ן יעדע זאך, דאך זיינען זיי געווארען שטארק צוקאכט. באלד זיינען זיי געווארען דרייסט, און גענומען אויף איהם אכטונג געבען פון הינטער א בוים. זי איז נאך אלץ געווען אזוי לעבעדיג ווי אימער, אבער ער, ארימער יונג נעבעך, האט געהאט א פנים ווי ער וואלט פלוצים קראנק געווארען און זי האט איהם געמוזט קארמענען ווי א קינד, מיט איהרע אייגענע הענד. אבער די דארף־לייטע האבען ניט געפיהלט קיין רחמנות צום ארעמען פאסטוך, און איינער פון זיי, מעהר מוטהיג ווי די איבעריגע, איז געקומען צום הייזעל מיט'ן ביקס אין זיין האנד:

— בינד צו דיינע הינט—האט ער אויסגערופען פון וויטען—בינד זיי צו, בריו, אז ניט וועל איך זיי דערשיסען.

— דו דארפסט ניט מורא האבען פאר די הינט — האט געענטפערט לא מאריללאנן — איך בין פעראנטווארטליך, אז זיי וועלען דיך ניט טשעפען.

און זי האט געשמייכעלט, ווען דער מאן מיט'ן ביקס איז צוגעקומען צו איהר.

— וואס ווילסטו? — האט געפרעגט דער פאסטוך.

— איך וועל דיר זאגען — האט זי געענטפערט — ער וויל מיך און איך בין דערפון זעהר צופריעדען, פערשטעהסטו?

בריו האט גענומען וויינען און זי האט ווייטער גערעדט:

— דו טויגסט אויף כפרות.

און זי איז אוועק מיט'ן מאן. בריו האט א כאפ געטהאן דעם בייטש און דערזעהענדיג עס האט דער אנדערער אויפגעהויבען זיין ביקס.

— ביים איהם! ביים איהם! — האט דער פאסטוך גענומען אנרייצען אויף איהם זיינע הינט, בעת יענער האט שוין געהאט זיין פינגער אויפ'ן ביקס און געוואלט אויסשיסען, אבער לא מאריללאנן האט אבגעשטופט זיין האנד און א געשריי געטהאן:

— אהער, הינט! אהער! צו מיר, מיינע פארשוינען!

און די דריי הינט האבען זיך א ווארף געטהאן צו איהר, גע־לעקט איהר די הענד און געשפרונגען ארום איהר, בעת זיי זיינען איהר נאכגעלאפען.

פון דערווייטענס האט זיי א געשריי געטהאן צום פאסטוך:

— דו זעהסט, בריו, זיי זיינען ניט אייפערזיכטיג.

און דאן האט זי צוגעלייגט מיט א קורצען און בייזען געלעכ־טער:

— איצט זיינען זיי מיין אייגענטהום, זיי געהערען צו מיר.

# די וועגוס פון בראניצא.



יט יאהרען צוריק האט אין בראניצא געלעבט א בעריהמטער טאלמודיסט, בעוואוסט אי צוליעב זיין וואונדער שעהנער פרוי, אי פאר זיין חכמה, זיין וואויל לעהרנען און זיין גאטעס פורכטיגקייט. די וועגוס פון בראניצא האט מען זיין פרוי גערופען. זי האט דעם דאזיגען נאמען כשר פערדיענט; זי האט עס פערדיענט פאר זיך אליין, פאר איהר זעלטענער שעהנקייט און נאך מעהר אלס די פרוי פון א מאן, וואס איז טיעף ארייננגעטהאן אין לערנען תורה, ווייל געוועהנליך זיינען די פרויען פון די אידישע פילאזאפען העסליך אדער גלאט קאליקעס.

דער תלמוד ערקלעהרט עס אויף אזא שטייגער: עס איז גוט בעוואוסט, אז זווגים ווערען צונויפגעפארט אין הימעל, און ווען א אינגעל ווערט געבארען, רופט א געטליכע שטימע אויס דעם נאמען פון זיין צוקונפטיגער פרוי. אבער אזוי ווי יעדער גוטער געשעפטסמאן פערקויפט זיינע בעסטע סחורות צו פרעמדע און לאזט איבער פאר דער היים מיט די קינדער בלויז די שלעכטע פארלעגענע זאכען, וועלכע קיינער וויל ניט קויפען, אזוי גיט גאט זיינע געליעבטע תלמוד'יסטען יענע פרויען, וועלכע אנדערע מענער וועלען ניט וועלען נעהמען.

דאס מאל אבער האט גאט געמאכט אן אויסנאהם און געשענקט דעם תלמוד'יסט א וועגוס. זי איז געוועזען א פרוי וועלכע וואלט בע־

שיינט דעם טראָן פון אַ קעניג, אָדער וואָלט זיך געפּאַסט צו שטעהן אויף אַ פּיעדעסטאַל אין אַ סקולפּטור גאַלערעע. הויך, מיט אַ וואונ־דערבאַר ענטוויקעלטער פיגור, מיט אַ אויפפּאַלענד שעהנעם קאָפּ, ארומגערינגעלט מיט שווארצע דיקע לאָקען, וועלכע זיינען ארונ־טערגעהאַנגען אויף איהרע שטאָלצע שולטערען. צוויי גרויסע שווארצע, שמאַכטענדע אויגען האָבען געברענט אונטער לאַנגע ברעמען און איהרע זעלטען שעהנע הענד האָבען אויסגעזעהן ווי זיי וואָלטען געווען געשניצט פון עלעפאַנט ביין.

די דאָזיגע בעריהמטע פרוי, וועלכע, דאכט זיך, די נאַטור אליין האָט בעשאַפען צו הערשען, צו זעהן שקלאַפען פאר איהרע פיס, צו בעגייסטערען דעם מאַהלער'ס פּענזעל, דעם סקולפּטאָר'ס דלאָט און דעם פּאָעט'ס פעדער, האָט געפיהרט דעם לעבען פון אַ זעל־טענער, שעהנער בלום איינגעשלאָסען אין אַ גלעזערנעם קאסטען פון קינסטליכע פלאַנצען. גאַנצע טעג פלעגט זי זיצען אין טהייערען פוטער איינגעוויקעלט און געקוקט פערטראַכט אין גאס ארויס.

זי האָט ניט געהאַט קיין קינדער; איהר מאַן, דער פּילאָזאָף, האָט געלערענט און תפילה געטהאָן און ווידער געלערענט פון גאַנץ פריה ביז שפּעט אין דער נאַכט: זיין געליעבטע איז געווען „די פערשלייערטע שעהנהייט" ווי די תלמוד'יסטען רופען אָן די קבלה. זי האָט זיך ניט פערנומען מיט איהר הויז ווירטהשאַפט, ווייל זי איז געווען רייך און אַלעס איז געטהאָן געוואָרען אָהן איהר, ווי אַ זייגער, וועלכען מען דאַרף בלויז אַנדרעהען איין מאָל אין וואָך; קיינער איז ניט געקומען צו איהר און זי איז קיינמאָל ניט ארויס פון הויז. זי איז געזעסען און געטרוימט, געפאַנטאַזירט און... געגענעצט.

— — — — — — — — — — — — — —

איין טאָג, ווען אַ מורא'דיגער שטורעם מיט דונערען און בליי־צען האָט זיך איבער'ן שטאָדט געטראָגען און אלע פענסטער זיינען

געפעגט געוואָרען כדי משיח זאָל קענען אריינקומען, איז די אי־דישע ווענוס געזעסען ווי געוועהנליך אויף איהר בעקוועמען פאטעל. זי האָט זיך געטרייסעלט פאר קעלט, ניט קוקענדיג אויף איהר פּור־טעדוואַרג און האָט געטראַכט. פּלוצים האָט זי אָנגעשטעלט איהרע ברענענדיגע אויגען אויף איהר מאַן, וועלכער איז געזעסען פאר דער גמרא און זיך געשאָקעלט אהער און אהין, און האָט געפרעגט:

— זאָג מיר ווען וועט קומען משיח, דער זוהן פון דוד המלך?

— ער וועט קומען — האָט געענטפערט דער פילאָזאָף — ווען אלע אידען וועלען ווערען אָדער אין גאנצען צדיקים אָדער אין גאנ־צען רשעים, אזוי זאָגט דער תלמוד.

— גלויבסטו, אז אלע אידען זאָלען ווען עס איז ווערען צדיקים?

— האָט די ווענוס פאַרטגעזעצט.

— ווי קען איך דאָס גלויבען?

— דאן וועט משיח קומען, ווען אלע אידען וועלען ווערען רשעים?

דער פילאָזאָף האָט א דריק געטהאָן מיט די אקסלען און האָט זיך ווידער פערלאָרען אין דעם לאבירינט פון'ם תלמוד, פון וואנען, ווי מען זאָגט, בלויז איין מענש האָט זיך צוריקגעקעהרט מיט א קלאָהרען פערשטאנד. די שעהנע פרוי ביים פענסטער האָט ווידער געקוקט פערטרוימט אויף דעם פלוס רעגען, בעת איהרע ווייסע פינגער האָבען אונבעוואוסט געשפּיעלט זיך מיט דעם טונקעלען פוטער פון איהר רייכער קלייד.

— — — — — — — — — — — — —

איין טאָג אין דער אידישער פילאָזאָף אוועק אין א דערבייאיגער שטאָדט, וואו א וויכטיגער דין האָט געזאָלט גע'פסק'ענט ווערען. א דאנק זיין געלעהרזאמקייט, איז די פראגע שנעלער פערענטפערט געוואָרען ווי ער האָט ערווארטעט און אָנשטאָט זיך אומצוקעהרען אויף מאָרגען אין דער פריה, ווי ער האָט בדעה געהאט, איז ער גע־

קומען אהיים דעם זעלבען אבענד מיט א פריינד, וואס איז געוועז געלעהרענט ניט ווייניגער ווי ער אליין. ער איז ארויס פון קארעטע נעבען זיין פריינד'ס הויז און איז אוועק פון דארט צו־פוס. ווי גרויס איז געוועז זיין איבערראשונג, ווען ער האט געפונען די פענ־סטער פון זיין הויז העל בעלויכטען און טהיר א דענשטשיק פון אן אפיצער, וועלכער האט זיך רוהיג געריבערט א פיפקע.

— וואס טהוט איהר דא? — האט ער געפרעגט פריינדליך אבער מיט א געוויסע נייגעריגקייט אין קול.

— איך היט, אז דער מאן פון דער שעהנער אידעשקע זאל פלוצים ניט אנקומען אהיים אונערווארטעטערהייט.

— אזוי גאר? היט ברודער'ל, היט גוט!

און געזאגט עס, האט ער געמאכט אן אנשטעל, ווי ער געהט אוועק, אבער ער איז אריין אין הויז דורך'ן גארטען. ווען ער איז אריין אין ערשטען צימער האט ער געפונען א טיש סערווירט פאר צווייען, וועלכען מען האט קענטיג געהאט ערשט ניט לאנג פער־לאזען.

זיין פרוי איז געזעסען ווי געוועהנליך ביים פענסטער פון איהר שלאף־צימער, איינגעוויקעלט אין איהרע פוטערווארג, אבער איהרע באקען זיינען געווען פערדעכטיגט רויט און איהרע דונקעלע אויגען האבען ניט געהאט זייער געוועהנליכען שמאכטענדען אויסדרוק. זי האט זיי אויפגעהויבען אויף איהר מאן מיט א בליק, וועלכער האט אויסגעדריקט אי בעפרידיגונג, אי שפאט. אין דער מינוט האט זיין פוס זיך אנגעשטויסען אן עפעס א געגענשטאנד אויף דר'ערד, וועלכער האט ארויסגעלאזען עפעס א מאדנעם קלונג. ער האט עס אויפגעהויבען און בעטראכט פאר'ן פייער. דאס זיינען געווען א פאר שפארען.

— ווער איז דא געוועזן מיט דיר? — האט געפרעגט דער תלמודיסט.

די אידישע וועגוס האט א דריק געטהאן די אקסלען פול פער־אכטונג, האט אבער גארנישט געענטפערט.

— זאָל איך דיר זאָגען? דער קאַפּיטאַן פון די הוזארען איז געוועזען מיט דיר.

— און פאַרוואָס זאָל ער ניט זיין מיט מיר? — האָט זי געזאָגט, גלעטענדיג דאָס פוטער אויף איהר מאַנטעל מיט איהר ווייסער האַנד.

— ווייב! ביזטו משוגע?

— איך בין ביי מיין פולען פערשטאַנד — האָט זי געענטפערט און אַ מאָדנער שמייכעל האָט זיך אויף איהרע פולע, רויטע ליפּען בעוויזען — אָבער מוז איך דען ניט צו העלפען מיט מיין קליינעם טהייל, כדי אז משיח זאָל קענען קומען און אונז, אָרימע אידען, פון דעם גלות בעפרייען?

# דער שידוך פון דעם לייטענאַנט לאָרע.



יז'ם סאמע אָנהויב פון קריעג צוג האָט דער לייטענאנט לאָרע אָבגענומען ביי די פרייסען צוויי פושקעס. דער גענעראל האָט איהם געדאַנקט און בעלאָהנט מיט אַ עהרען קרייץ.

אַזוי ווי דער לייטענאנט איז געווען פונקט אַזוי קלוג ווי מוטהיג, פלינק, רירעוודיג און פול מיט איינפאלע. האָט מען איהם איבערגעגעבען הונדערט מענשען פון וועלכע ער האָט געפאָרמירט אַ פאָלק פון אויסקוקער. דער דאָזיגער פאָלק האָט ניט איין מאָל, ביים צוריקציהען זיך, געראטעוועט די ארמעע.

אָבער אַזוי ווי דער ים, וואָס איז פון די ברעגעס ארוים, אַזוי האָט דער שונא זיך געטראָגען איבער'ן גאַנצען גרענעץ. ריעזיגע שטראָמען מענשען האָבען זיך בעוויזען איינער נאָכ'ן אַנדערען צושטערענדיג אַלעס ארום מיט א ווילדער רציחה. דעם גענעראל קאררעל'ס בריגאדע, אָבגעטהיילט פון איהר דיוויזיע האָט געהאַלטען אין איין צוריקטרעטען; דערביי איז זי געצוואונגען געווען זיך צו שלאָגען יעדען טאָג, אָבער דאָך איז זי געבליבען כמעט אונבערירט, א דאנק דער פלינקייט און דער וואכזאמקייט פון לייטענאַנט לארע, וועלכער איז, דוכט זיך, געווען אומעדום אין איין צייט, האָט צושטערט אַלע כיטרע פלענער פו'ם שונא, צוטומעלט און אראָבגעפיהרט פון וועג די אולאנער און אויסגע'הרג'עט זייער אוואנגארד.

איין מאל אין דער פריה רופט איהם צו זיך דער גענעראל. — לייטענאנט — האט ער געזאגט — אט איז א טעלעגראמע פון גענעראל לאסער, ער איז פערלארען, אויב מיר וועלען ניט בעוויזען איהם צו קומען צו הילף מארגען פארטאג. ער געפינט זיך אין בלענוויל, אכט וויארסט פון דאנען. ווען עס וועט נאכט ווערען, וועט איהר זיך אוועקלאזען אהין מיט דריי הונדערט מאן, וועלכע איהר וועט אויסשטעלען איבער דער גאנצער לענג פון וועג. איך וועל אייך נאכפאלגען אין צוויי שטונדען ארום. פארשט אוים די וועג זעהר אויפמערקזאם, איך האב מורא צו טרעפען דעם שונא׳ס דיוויזיעס.

שוין א וואך צייט ווי עס האבען אנגעהאלטען שטארקע פרעסט. פון צוויי אזייגער אן איז געגאנגען א שנעע און אין אבענד איז די גאנצע ערד געווען וויים, פערשנעעט. די געדיכטע ווייסע שנעע־לאך האבען צוגעדעקט אלעם ארום.

זעקס אזייגער האבען זיך די סאלדאטען געלאזט אין וועג אריין.

צוויי סאלדאטען זיינען אוועק א שטיק אין פאראוים, גאנץ אליין, אויסצופארשען דעם שונא. דערנאך האט געפאלגט א אבטהייל־לונג פון צעהן מענשען אונטער דער קאמאנדע פון דעם לייטענאנט אליין, די איבעריגע זיינען געגאנגען נאך זיי אין צוויי לאנגע רייהען ביי די זייטען פון דער דאזיגער קליינער גרופע מענשען, וועלכע האבען זיך אויסגעצויגען אין דער לענג פון דריי הונדערט מעטער, זיי זיינען געגאנגען עטליכע סאלדאטען פאר־וויי, איין פאר נאך דער אנדערער.

דער שנעע, וולכער איז נאך אלץ געגאנגען, האט זיי בעשאטען ווי מיט א ווייסען פוד; אין דער קאלטער ביינאכטיגער לופט איז ער ניט צוגאנגען אויף זייערע קליידער, און אזוי ווי די נאכט איז געווען א פינסטערע, האבען זיי זיך ווייניג וואס אבגעצייכענט פון די ווייסע מיט שנעע בעדעקטע פעלדער.

פון צייט צו צייט האבען זיי זיך אבגעשטעלט. דאן האט זיך בלויז געהערט דער גערויש פון׳ם פאלענדיגען שנעע, א אונ־

קלאהרער אונהיימליכער הוזשען, וועלכען מען האט מעהר גע־פיהלט ווי געהערט. די באפעהלען זיינען געגעבען געווארען אין דער שטיל, און ווען די אבטהיילונגס סאלדאטען האט זיך ווידער געלאזען אין וועג אריין, איז הינטער זיי אין שנעע איבערגעבליע־בען עפעס א מין ווייסער געשפענסט. ער איז ביסלעכווייז בלאסער געווארען און צום סוף אין גאנצען פערשוואונדען. דאס זיינען גע־ווען די סמנים, וואס האבען געדארפט ווייזען די וועג דער ארמעע.

די אויספארשער האבען גענומען געהן לאנגזאמער. עפעס האט זיך אויפגעהויבען פאר זיי.

— נעהמט זיך רעכטס — האט געזאגט דער לייטענאנט,

— דאס איז דער וואלד פון ראנפי; דער שלאס געפינט זיך מעהר אויף לינקס!

באלד האט זיך געהערט א קאמאנדע: „שטעה!" די סאל־דאטען האבען זיך אבגעשטעלט, כדי צו ווארטען אויף דעם ליי־טענאנט, וועלכער איז אין בעגלייטונג פון צעהן מאן אוועק מאכען אן אויספארשונג ביז צום סאמע שלאס.

זיי האבען זיך בעוועגט אין פאראויס קריכענדיג אויף אלע פיער הינטער די בוימער. גאנץ אונערווארטעט האבען זיי אלע זיך אבגעשטעלט. א מורא'דיגע שטילקייט האט איינגעטראטען. פלו־צים האט גאנץ נאהענט א יונגע קלינגענדיגע שטימע איבערגע־ריסען די שטילקייט פון'ם וואלד. זי האט געזאגט:

— פאטער מיר וועלען פערבלאנדזשען אין שנעע, מיר וועלען קיינמאל ניט קומען אין בלענוויל.

— האב ניט מורא, קינדעלע, איך קען די געגענד ווי מיין אייגענע קעשענע.

דער לייטענאנט האט געזאגט עטליכע ווערטער און פיער סאלדאטען האבען שטיל אהן גערויש זיך אוועקגערוקט, ווי די שאטענס.

פלוצים האט זיך אין דער פינסטערניס דערהערט א שניידענ־דער געשריי פון א פרוי, באלד האט מען געבראכט צוויי געפאנ־

גענע: אן אלטען מאן און אַ מיידעלע. דער לייטענאַנט האָט מיט דעם זעלבען שטילען קול זיי גענומען אויף א פערהער:

— וואס איז אייער נאמען?

— פיער בערנאר.

— אייער פּראפעסיאָן?

— דער הויז־מייסטער פון גראף ראנפי.

— איז דאס אייער טאכטער?

— יא.

— מיט וואס פארנעהמט זי זיך?

— זי איז א נייהטעריןן אין שלאָס.

— וואוהין געהט איהר?

— מיר ראטעווען זיך.

— פארוואס?

— צוועלף אולאנער זיינען היינט אבענד פערבייגעגאנגען דעם שלאָס. זיי האָבען דערשאָסען דריי וועכטער און אויפגע־האנגען דעם גערטנער; איך האב זיך דערשראקען פאר דאס קינד,

— וואוהין זשע געהט איהר?

— אין בלענוויל.

— פארוואס אהין?

— ווייל דארט געפינט זיך דאס פראנצויזישע חייל.

— ווייסט איהר דעם וועג?

— אויסגעצויכענט.

— זעהר גוט; פאלגט אונז נאך.

זיי האבען זיך אומגעקעהרט צו די איבעריגע סאלדאטען און פארגעזעצט זייער וועג איבער די פעלדער. דער אלטער, א שטילער, א שווייגעדיגער האָט זיך געהאלטען ארום דעם לייטענאַנט. די טאָכטער איז געגאנגען נעבען איהם. פּלוצים האָט זי זיך אָב־געשטעלט:

— פאַטער — האַט זי, געזאָגט — איך בין אַזוי מיעד, איך קען מעהר ניט געהן.

און זי האַט זיך אַוועקגעזעצט. זי האַט געציטערט פאַר קעלט און עס איז קענטיג געווען, אַז זי איז בערייט דאַ צו שטאַרבען. דער פאַטער האַט איהר געוואָלט טראָגען, אָבער ער איז געווען צו אַלט און צו שוואַך.

— לייטענאַנט — האַט ער געזאָגט כליפּענדיג — מיר וועלען שטערען אייער גאַנג. פראַנקרייך איז פריהער ווי אַלעס. לאָזט אונז דאַ איבער.

דער אָפיצער האָט געגעבען אַ בעפעהל. עטליכע מענשען זיינען אַוועק און באַלד האָבען זיי זיך צוריקגעקעהרט מיט אָבגע־שניטענע צווייגען.

אין איין מינוט איז געמאַכט געוואָרען נאַסילקעס. אין דיעזער צייט האָבען די איבעריגע סאָלדאַטען זיי אַנגעיאַגט.

— דאָרט איז דאַ אַ פרוי, וועלכע שטאַרבט פון קעלט — האָט געזאָגט דער לייטענאַנט — ווער וויל געבען זיין ראָק, זי צוצודעקען?

צוויי הונדערט רעק זיינען גלייך פאַרגעשלאָגען געוואָרען.

— און איצט ווער וויל זי טראָגען?

אַלע הענד האָבען זיך אויפגעהויבען. דאָס יונגע מיידעל איז איינגעוויקעלט געוואָרען אין וואַרימע סאָלדאַטסקע קליידער, איז פאַרזיכטיג אַוועקגעלייגט געוואָרען אויף די נאַסילקעס און פיער שטאַרקע קרעפטיגע אַקסלען האָבען זי אויפגעהויבען. ווי אַ קעניגין פון מזרח, געטראָגען פון איהרע שקלאַפען, האָט מען זי גע־האַלטען אין מיטען פון דער אָבטהיילונג סאָלדאַטען, וועלכע האָבען ווייטער גענומען מאַרשירען אויף זייער וועג, נאָך שטאַרקערע, מוטי־גערע, פרעהליכערע, אָנגעוואַרימטע פון דער אַנוועזענהייט פון אַ פרוי, יענע געטין פון דער העכסטער בעגייסטערונג, וועלכע האָט אַריינגעגאָסען אַזוי פיעל פרישע קראַפט אין דאָס אַלטע פראַנצוי־זישע בלוט.

אין א שטונדע ארום האט מען זיך ווידער אבגעשטעלט און אלע האבען זיך אויסגעלייגט אין שנעע. דארט, איבער'ן לאנקע איז געלאפען א גרויסער שווארצער שאטען. דאס איז געווען עפּעס א מין פאנטאסטישע חיה, וועלכע האט זיך ווי א שלאנג דא אויסגעצויגען אין דער לענג און דא פּלוצים צוזאמענגעדרעהט ווי א פּילקע, איז זיך פארנאנדערגעלאָפען. מיט א מורא'דיגער שנעלקייט, זיך אָבגעשטעלט און ווידער געלאָפען, בעפעהלען זיינען שעפּטשענדיג איבערגעגעבען געוואָרען פון איינעם צום אנדער'ן און פון צייט צו צייט האט זיך געהערט א טרוקענער, מעטאלענער קלאנג. דער בעוועגליכער סילועט האט זיך פּלוצים דערנעהנטערט און די פראנצויזען האבען דערזעהן צוועלף רייטענדע אולאנער, וועלכע האבען זיך געטראגען אין גאלאפּ איינער נאכ'ן אנדערען, פארבלאנדזשעטע אין וואלד אין דער פינסטערער נאכט. א שרעק־ליכער פייער האָט זיי פּלוצים בעוויזען צוויי הונדערט מענשען ליגענדיג פאר זיי. דער שנעלער ווידערקול האט זיך פערלארען אין דער שטילקייט פון'ם שנעע און אלע צוועלף מיט זייערע פערד זיינען געפאלען.

א צייט לאנג האט מען אויסגעווארט. דערנאך האט מען זיך ווידער געלאזט אין וועג אריין. דער אלטער, וועמען זיי האבען גע־פונען, האט געדיענט אלס וועג־ווייזער.

צום סוף האט פון ווייטען א שטימע אויסגערופען: ווער געהט?

אן אנדער שטימע שוין א נעהנטערע, האט עפּעס געגעבען א בעפעהל.

מען האט נאך אביסעל געווארט; פון ביידע זייטען האט מען גענומען פיהרען אונטערהאנדלונגען. דער שנעע האט אויפגעהערט צו פאלען, א קאלטער ווינד האט צוטריבען די וואלקענס און הויך הינטער זיי האבען געבלישטשעט אונצעהליגע שטערן; זיי זיינען אלץ בלאסער און בלאסער געווארען און דער הימעל אויף מזרח זייט האט זיך גענומען רויטלען.

דער אפיצער פון דעם הויפּט שטאב איז געקומען אויפצונעהמען די אנגעקומענע אבטהיילונג. ווען ער האט געפרעגט ווען מען טראגט אויף די נאסילקעס, האבען זיי זיך גענומען בעוועגען, צוויי קליינע הענטעלאך האבען אבגערוקט די גראבע בלויע שינעלען און א ראזאווע ווי דער מאָרגענשטערן, מיט אויגען נאָך ליכטיגער ווי די פערשוואונדענע שטערען, מיט אַ שמייכעל, וואָס האָט געלויכטען ווי דער אויפגעהענדיגער טאָג, האָט א שעהן פּנים'ל זיך ארויסגערוקט און גענטפערט:

— דאָס בין איך, מאָסיע.

די סאלדאטען זיינען ווילד געווארען פאר פרייד, זיי האבען גענומען פּאטשען מיט די הענד און מיט א טריאומף אוועקגעטראגען דאס יונגע מיידעל ביז צום סאמע מיטען דעם לאגער. וועלכער האָט זיך שוין גענומען פאר דאָס געוועהר. באלד נאָכדעם איז אנגעקומען דער גענעראל קארעלל. ניין אזייגער אין דער פריה האבען די פּרייסען אנגעהויבען אן אטאקע און צו מיטאג צייט האבען זיי גענומען צוריקטרעטען.

אין אבענד ווען דער לייטענאנט א טויט מיעדער, איז איינגעשלאָפען אויף אַ קול שטרעע, איז מען איהם געקומען רופען פון דעם גענעראל. דער לייטענאנט האט איהם געפונען אין דער פּאַלאטקע, רעדענדיג מיט'ן אלטען וועמען זיי האבען ביינאכט געטראפען. ווי נור לארע איז אריינגעקומען, האט דער גענעראל איהם גענומען פאר א האנד און זיך ווענדענדיג צום אונבעקאנטען, האט ער געזאגט:

— מיין טהייערער גראף, אַט איז דער יונגער מאַן, וועגען וועלכען איהר האט מיט מיר נור וואס גערעדט, דאס איז איינער פון מיינע בעסטע אפיצערען.

ער האָט אַ שמייכעל געטהאָן און מיט אַ שטילער'ן קול ווידערהאָלט:

— יא דער בעסטער.

דערנאָך זיך א קעהר טהאנדיג צום פערוואונדערטען לייטענאַנט האט ער איהם פארגעשטעלט דעם גראף דע ראנפי־קוועדיססאק.

דער אלטער האט איהם אנגענומען פארביידע הענד:

— מיין טהייערער לייטענענט — האט ער געזאגט — איהר האט מיין טאכטער דאס לעבען געראטעט, איך האב בלויז איין מיטעל אייך אבצודאנקען... איהר וועט קומען אין עטליכע מאנאטען ארום מיר זאגען... אויב זי געפעלט אייך.

פונקט אין אַ יאָהר ארום האָט, אין דער קירכע פון'ם הייליגען פּאָמאַ אקווינסק, דער קאפּיטאַן לאַרע געהייראט מיט מאדמאזעל גארטענזיא — זשענעוויעווא דע ראנפי — קוועדיססאק.

זי האט איהם געבראכט אין נדן זעקס הונדערט טויזענד פראנק און ווי מען זאגט איז זי געווען די שעהנסטע כלה, וואס מען האט יענעם יאהר געזעהן.

# דער אלטער וואָס האָט פערקויפט הייליגע וואסער.

---

אמאָל האָט ער געלעבט אין אַ הייזעל נעבען דעם גרויסען וועג ביים ארייגפאָהר אין דאָרף. ווען ער האָט חתונה געהאט מיט אַ טאָכטער פון אַ דערבייאיגען פּאַרמער, איז ער געוואָרען אַ פּורמאַן, און אַזוי ווי זיי האָבען ביידע שווער געארבייט, האָבען זיי אָנגעזאמעלט אַ קליינינקען פערמעגען. איין גרויסע זארג האָבען זיי געהאָט, וואס ביי זיי זיינען קיין קינדער ניט געווען, אָבער ענדליך איז ביי זיי געבארען געווארען אַ זוהן און זיי האָבען איהם אַ נאָמען געגעבען זשאַן. זיי האָבע איהם נאָכאַנאַנד געלאסטשעט, ארומגערינגעלט איהם מיט אַ סך ליעבע און זייער צערטליכקייט צו איהם איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבען זיך ניט געקענט אָברייסען פון איהם אפילו אויף אַ שטונדע.

ווען דער אינגעל איז אלט געוואָרען פינף יאָהר, האָבען זיך אין דאָרף בעוויזען וואונדערענדע קונצען־מאַכער און האָבען אויפגעשטעלט זייער באַלאַגאַן אויפ'ן מאַרק פּלאַץ.

דערזעהענדיג זיי, איז זשאַן אַנטלאָפען פון הויז און דער פאָטער האָט נאָך לאַנג זוכען איהם געפונען ביי די קונצען־מאַכער, צווישען די געלערענטע קאָזעס און הינט. ער האָט געמאַכט פערשיעדענע קונצען און האָט ארויסגערופען גרויס געלעכטער ביים קינד, וואָס איז געזעסען אויף די קניה פון'ם אַלטען פּאיאַץ.

אין דריי טעג ארום, מיטאָג צייט, ווען דער פורמאַן מיט זיין ווייב האָבען זיך געזעצט צום טיש, האָבען זיי דערזעהן, אז זשאַן איז אין דער הייט נישטאָ. זיי האָבען זיך א וואָרף געטהאָן איהם זוכען אין גערטעל, אָבער ער איז דאָרט ניט געווען. דאן איז דער פאָטער ארויסגעלאָפען אויפ'ן וועג און גענומען שרייען מיט א הויך קול:

— זשאַן! זשאַן!

עס איז נאַכט געוואָרען. דער הימעל האָט זיך מיט א דונקעלען נעבעל פערצויגען, וועלכער האָט עפּעס אזוי ווי אוועקגעשטופּט אלע זאכען אין דער פינסטער, אין דער שרעקליכער ווייטקייט. דריי גרויסע סאָסנעס נעבען וועג האָבען זיך לייכט בעוועגט און עס האָט זיך געדאכט, אז זיי וויינען. קיינעם'ס שטימע האָט זיך ניט אָבגערופען, אָבער אין דער לופט האָבען זיך עפּעס ווי געהערט ניט קלאָהרע זיפצען. דער פאָטער האָט זיך לאַנג צוגעהערט, איהם האָט זיך אלץ אויסגעוויזען, אז ער הערט עפּעס, דאָ רעכטס און דאָ לינקס. ער האָט פערלאָרען זיין קאָפּ און זיך ארייינגעריסען אין דער נאכט אריין מיט זיין אונאויפהערליכען געשריי:

— זשאַן! זשאַן!

ער איז געלאָפען ביז טאָג, אָנפילענדיג די פינסטערניש מיט זיינע יללות, שרעקענדיג די בלאָנדזשענדע חיות. דער'הרג'עט פון פערצווייפלונג, האָט ער געמיינט אז ער ווערט משוגע. זיין פרוי איז געזעסען ביז אין דער פריה אויף א שטיין פאר דער טהיר און ביטער געוויינט.

זייער זוהן האָט מען ניט געקענט געפינען.

זיי זיינען פאר דער צייט גרוי און אלט געוואָרען און האָבען זיך ניט געקענט טרייסטען.

זיי האָבען פערקויפט זייער הייזעל און האָבען זיך אוועקגעלאָזט איבער דער וועלט זוכען זייער קינד.

זיי האָבען אומעדום פאַרנאַנדערגעפרעגט די פּאסטוכער, פארבייגעהענדיגע סוחרים, פּויערים און ביי דער פּאָליציי. אָבער עס

איז אוועק א לאַנגע צייט נאָך דעם ווי דער איינגעל איז פערפאַלען געוואָרען און קיינער האָט וועגען איהם גאָרניט געהערט און גע־זעהן. ער אליין האָט שוין איצט אויך אודאי פערגעסען זיין נאָמען און זיין היימאטה, אָבער די אלטע עלטערען האָבען נאָך אלץ גע־קלאָגט נאָך איהם, הגם זיי האָבען שוין אויפגעגעבען די האָפנונג איהם ווען עס איז צו זעהן.

באלד איז זייער ביסעל אַנגעקליבענע געלד אויסגעגאנגען און זיי האָבען זיך געמוזט פערדינגען אלס טאָג ארבייטער אויף די פאַר־מעס און אין די טראַקטירען. זיי האָבען געטהאָן די שמוציגסטע ארבייט, געלעבט מיט ברעקלאַך, וואָס זיינען איבערגעבליבען פון אנדערע, געשאָלפען אויף דער הארטער ערד און געליטען הונגער און קעלט. און ווען זיי זיינען פון דער צו שווערער ארבייט קראַנק און שוואך געוואָרען, האָט מען זיי שוין מעהר קיין ארבייט ניט גע־וואָלט געבען און די צוויי אלטיטשקע האָבען געמוזט ארויסגעהן אויפ׳ן וועג בעטלען. זיי זיינען צוגעגאַנגען צו די פארבייפאָהרער מיט טרויעריגע פּנים׳ער און בעטענדיגע שטימען און האָבען אויס־געבעטעלט א שטיקעל ברויט ביי די ארבייטער אין פעלד, בעת יענע האָבען מיטאָג צייט אונטער א בוים זייער מיטאָג געגעסען. און שטיל און טרויעריג האָבען זיי די דאָזיגע אויסגעבעטעלטע ברעק־לאַך אויפגעגעסען, זיצענדיג ערגעץ אויף א ראַנד פון א גראָבען.

איינער א קרעטשמער, וועמען זיי האָבען אמאָל דערצעהלט וועגען זייער אונגליק, האָט צו זיי געזאָגט:

— איך האָב געקענט א מאַן, וואָס האָט פערלאָרען זיין טאָכ־טער און האָט זי געפונען אין פּאַריז.

און די פּאָר אַלטיטשקע זיינען גלייך אוועק אין פּאַריז.

ווען זיי זיינען אַנגעקומען אין דער דאָזיגער גרויסער שטאָדט, זיינען זיי צומישט געוואָרען פון די גרויסע מאסען מענשען, וועלכע האָבען זיך דאָרט בעוועגט. אָבער זיי האָבען בעשלאָסען אז זייער זוהן מוז זיך געפינען צווישען די דאָזיגע מענשען, זיי האָבען נור ניט געוואוסט ווי אזוי מען נעהמט זיך איהם זוכען. זיי האָבען אויך

מורא געהאט איהם ניט צו דערקענען, ווייל עס זיינען שוין אוועק פופצעהן יאהר, זייט זיי האבען איהם ניט געזעהן.

זיי זיינען ארומגעגאנגען אלע סקווערס, אלע גאסען, זיך אָב־געשטעלט נעבען יעדען פערזאמלונג, גלויבענדיג אין א וואונדער־ליכען צופאל, אין א בעגעגניש, אין א נס, וואָס דער גנעדיגער גאָט וועט טהאָן פון זייערט וועגען.

זיי האבען זיך ארומגעשלעפט טאפענדיג און זוכענדיג אויף זייער וועג, ווי בלינדע, איינער נאָך דעם אנדערען און דערביי אויס־געזעהן אזוי עלענד, אזוי אָרעם, אז מען האָט זיי געגעבען א נדבה, ווען זיי האבען אפילו ניט געבעטען.

אלע זונטאגדיגע טעג האבען זיי פערבראכט ביי די טהירען פון קירכע, נאָכקוקענדיג מיט די אויגען די אריינקומענדיגע און ארויס־געהענדיגע מענשען און זוכענדיג אויף זייערע פנים'ער כאָטש עפּעס א ווייטע עהנליכקייט. אָפט האָט זיך זיי געדאכט, אז אָט דערקענען זיי איהם, אָבער יעדעס מאָל האָט זיך ארויסגעוויזען, אז זיי האבען א טעות.

אויף א שוועל פון א געוויסער קירכע, וואוהין זיי פלעגען קור־מען אָפטער, האָט אַן אלטער מאַן פערקויפט הייליגע וואסער. ער איז געוואָרען זייער פריינד. זיין געשיכטע איז אויך געווען זעהר א טרויעריגע און דער מיטלייד וואָס די אלטיטשקע האבען געפיהלט איינס צו דאָס אנדערע, האָט ביי זיי ארויסגערופען א גרויסע פריינדשאפט. זיי האבען זיך זאָגאר בעזעצט צוזאמען אין אַן אָרי־מען קעמערעל אויפ'ן סאמע ביידעם פון א גרויסער הויז, וואָס איז געשטאנען ווייט פון שטאָדט נעבען פעלד. דער פורמאן האָט אָפט פערנומען דעם פּלאַץ ביי דער קירכע ווען זיין נייער פריינד איז געווען קראנק. עס איז אָנגעקומען דער קאלטער ווינטער. דער אלטער, וועלכער האָט פערקויפט דאָס הייליגע וואסער איז געשטאָר־בען און דער פריסטער, וועלכער האָט געוואוסט פון פורמאן'ס אונ־גליק, האָט איהם געהייסען פערנעהמען יענעם'ס פּלאַץ אויפ'ן שוועל פון דער קירכע.

פון דאן אָן האָט ער יעדען אין דער פריה זיך געזעצט אויף דעם זעלבען פּלאַץ, אויף דעם זעלבען שטוהל, אָברייבענדיג נאָכ־אנאנד מיט זיין רוקען דעם שטיינערנעם זייל, אָן וועלכען ער האָט זיך אָנגעשפּארט. ער האָט מיט א דורכדרינגענדען בליק געקוקט אויף יעדען אריינגעהענדיגען מענשען און האָט געווארט אויף זונטאג מיט דער אונגעדולד פון א סקוהל אינגעל, ווייל אין יענעם טאָג איז די קירכע געווען פול געפּאקט.

ער איז זעהר פערעלטערט געוואָרען און זעהר אָבגעשוואכט פון די פייכטע שטיינער און ווענט פון דער קירכע, און די האָפנונג איז פערשוואונדען מיט יעדען טאָג.

איצט האָט ער געקענט אלעמען, וועלכע זיינען געקומען צו גאָטעס־דיענסט, האָט געוואוסט די שטונדען, די געוואוהנהייטען פון די בעזוכער און האָט דערקענט זייערע טריט אויף די שטיינערנע טרעפּ.

זיין גאנצער לעבען איז געוואָרען אזוי איינטאָניג, אז דאָס בעווייזען זיך פון א נייעם פּנים האָט ביי איהם אין די אויגען אויס־געזעהן ווי א וויכטיגע געשעהעניש. איין מאָל זיינען אין קירכע געקומען צוויי דאמען, אן אלטע און א יונגע, הפּנים א מאמע מיט א טאָכטער, און נאָך זיי א הערר. ביים ארויסגאנג האָט ער זיך בע־גריסט מיט די דאמען און פאָרשלאָגענדיג זיי הייליגע וואסער, האָט ער גענומען די עלטערע פרוי אונטער'ן אָרעם.

— דאָס איז הפּנים דער יונגער'ס א חתן — האָט א טראכט געטהאָן דער פורמאן.

און ביז שפּעט אין דער נאכט האָט ער אלץ געזוכט אין זיינע עראינערונגען וואו ער האָט פריהער אמאָל געטראָפען אימיצען, וואָס איז אזוי עהנליך געווען צו דעם דאָזיגען הערר. אָבער דער, וואָס האָט זיך אין זיינע געדאנקען געטומעלט, האָט שוין איצט געדארפט זיין אן אלטער מאן, ווייל דעם פורמאן האָט זיך גדראכט אז ער האָט איהם געקענט אין די טעג פון זיין יוגענד.

דער הערר האָט גענומען גאנץ אָפט קומען אין קירכע אין דער בעגלייטונג פון די דאמען און די עהנליכקייט וואָס דער אלטער האָט אין איהם געפונען, אזא ניט קלאָהרע, אזא ווייטע און דאָך עפּעס אזא בעקאַנטע, האָט איהם אזוי שטארק גענומען מוטשען, אז ער האָט איין מאָל געבראכט מיט זיך די ווייב, זי זאָל איהם העלפען זיך דערמאָנען צו וועמען דער דאָזיגער הערר איז עהנליך.

איינמאָל, פארנאכט צייט, זיינען די אונבעקאַנטע אָנגעקומען זאלבעדריט. ווען זיי זיינען פארבייגעגאנגען, האָט דער אלטער געפרעגט:

— נו, וואָס? קענסטו איהם?

די פרוי איז געוואָרען אונרוהיג און האָט זיך אויך גענומען ברעכען דעם מוח. פּלוצים האָט זי שטיל געזאָגט:

— יא... יא... אָבער ער איז שווארצער, העכער, שטארקער און איז אָנגעטהאָן ווי א פּריץ; אָבער דאָך, פאָטער, דו זעהסט, דאָס איז דיין פּנים, ווען דו ביזט געווען יונג!

דער אלטער איז אזש אויפגעשפּרונגען פון אָרט.

ווירקליך, דער הערר איז געווען עהנליך צו איהם, עהנליך צו זיין פערשטאָרבענעם ברודער, צו זיין פאָטער, ועלכען דער אלטער האָט געדענקט נאָך א יונגען.

ביידע זיינען געווען אזוי אויפגערעגט, אז זיי האָבען ניט געקענט אויסריידען א וואָרט. אין דער צייט האָבען זיך אלע דריי געלאָזט געהן צום ארויסגאנג. דער הערר האָט זיך מיט די פינגער צוגע־ריהרט צו דער כלי מיט וואסער. דער אלטער האָט זיך א צאַפּעל געטהאָן, דאָס הייליגע וואסער האָט זיך ווי א רעגען א גאָס גע־טהאָן פון זיינע ציטערענדע הענד און ער האָט אויסגערופען:

— זשאַן!

דער יונגער מאָן האָט זיך אָבגעשטעלט און איהם אָנגעקוקט.

דער אלטער האָט ווידערהאָלט שטילער:

— זשאַן!

די דאמען האָבען געקוקט אויפ'ן אלטען און ניט פערשטאַנען וואָס טהוט זיך.

דאן האָט ער א דריטען מאָל ווידערהאָלט, בליפענדיג:

— זשאַן!

דער יונגער מאַן האָט זיך איינגעבויגען ביז צו זיין סאמע פנים און פלוצים האָבען קינדערשע עראינערונגען ווי א בליץ זיך דורכגעטראָגען דורך זיין מוח און ער האָט אויסגערופען:

— פאפא פיער, מאמא זשאַננא!

ער האָט שוין אלעס געהאַט פערגעסען, אי דעם צווייטען נאָמען פון זיין פאָטער, דעם נאָמען פון זיין היימאטה, ער האָט נור געדענקט די דאָזיגע צוויי ווערטער, וועלכע ער האָט אמאָל אין זיין קינדהייט אזוי פיעל מאָל דערמאָנט: פאפא פיער, מאמא זשאַננא!

ער איז צוגעפאלען מיט'ן פנים צו דעם אלטען'ס קניה און ווייענענדיג ארומגענומען דאָ די מוטער און דאָ דעם פאָטער, וועלכע האָבען זיך געשטיקט פאר פרייד.

ביידע דאמען האָבען אויך געוויינט, פיהלענדיג, אז דאָ איז געשעהן עפּעס א גרויס גליק.

נאָכדעם זיינען אלע אוועק צום יונגען מאַן און ער האָט זיי דערצעהלט זיין געשיכטע.

איהם האָבען געג'גנב'עט וואנדערנדע קונצען־מאכער און אין פערלויף פון דריי יאָהר איז ער מיט זיי דורכגעפאָהרען דורך פיעל לענדער. דערנאָך איז זייער טרופּע צופאלען און איהם האָט צוגענומען צו זיך א רייכע דאמע פון שלאָס, ווייל ער איז איהר זעהר געפעהלען געוואָרען. זי האָט פאר איהם בעצאָהלט געלד און האָט איהם אויסגעקויפט. ער איז געווען א קלוגער איינגעל, מען האָט איהם אָבגעגעבען לערנען אין א שוהלע, דערנאָך אין א גימנאזיע און די אלטע דאמע, וועלכע האָט קיין אייגענע קינדער ניט געהאַט, האָט איהם איבערגעלאָזט א ירושה. ער האָט אויך געזוכט זיינע עלטערען, אָבער אזוי ווי ער האָט בלויז געדענקט די צוויי נעמען: פאפא

פיער און מאמא זשאננא, האָט ער זיי ניט געקענט געפינען. איצט קלייבט ער זיך חתונה האָבען און ער האָט פאָרגעשטעלט די אלטינקע זיין כלה. זי איז געווען זעהר אַ גוטע און אַ שעהנע.

די אלטע לייט האָבען אויך דערצעהלט וועגען זייערע ליידען און זייער עלענדקייט, טולענדיג זיך צו זייער געפונענעם זוהן.

זיי האָבען זיך שפעט געלייגט שלאָפען יענע נאכט, מורא האָבענדיג, אז דאָס גליק וואָס איז אזוי לאנג פון זיי אנטלאָפען, זאָל זיי ווידער ניט פערלאָזען אין דער צייט פון שלאָף.

אָבער נאָכדעם ווי זיי האָבען אויסגעטרונקען אזוי פיעל פון דעם ביטערען לעבען'ס בעכער, האָבען זיי ביז צו זייער טויט גע־לעבט גליקליך.



# אונטער'ן יאָך.



זוי ווי ער איז געווען א מאַן מיט רוהיגע און רעגעלמעסיגע געוועהנהייטען, אַן איינפאַכע און צוגעבונדענע נאַטור, אַזוי ווי קיין זייטיגע זאַך האָט ניט געשטערט די איינטאָניגקייט פון זיין לעבען, האָט מאָסיע דע לאובאנקאָורט געליטען פון זיין ווייב'ס טויט מעהר ווי די מעהרסטע מענער. ער האָט בעדויערט זיין פערלאָרענעם גליק, האָט זיך געבייזערט אויפ'ן שיקזאַל וועלכער האָט אַזוי ברוטאַל צוריסען אַ פעראייניגטע פּאָר פאָלק. ער האָט מיט זיין פרוי געלעבט רוהיג און צופריעדען, אָהן טרויעריייען און אָהן זאָרג, ביז דער בייזער שיקזאַל האָט ביי איהם זיין גליק אוועקגערויבט.

וואָלט ער אינגער געווען, וואָלט ער אפשר פּרובירט אָנהויבען אַ נייעם לעבען, וואָלט געזוכט אויסצופילען דעם ליידיגען פּלאַץ און ווידער אַמאָל חתונה האָבען. ווען אָבער אַ מאַן איז נאָהענט פון זעכציג, רופען אַזעלכע געדאַנקען ארויס געלעכטער, מענשען קוקען אויף איהם ווי אויף אַ נאַר אָדער אַ משוגע'נעם. און ער האָט געפיהרט אַן אומעדיגען, טרויעריגען לעבען, האָט אויסגעמיעדען פריינד און קרובים וועלכע האָבען איהם נאָכאַנאַנד דערמאָנט אויף דער פערגאַנגענהייט און האָט זיך ארומגעשלעפּט פון האָטעל צו האָ־

טעלאָהן אַ שום אינטערעס אין וואָס ניט איז, ניט ווערענדיג נעהנ־טער בעקאַנט מיט קיינעם כאָטש אויף דער ווייל ע; ער איז געבלי־בען אונטרייסטבאַר, שטיל, פערשלאָסען אין זיך און האָט זיך בע־וועגט ווי אַ שוואַרצער שאָטען אין זיינע אויביגע טרויער־קליי־דער.

ער איז געוועהנליך געווען אליין, נור ווען ניט ווען האָט איהם בעגלייט זיין איינציגער זוהן, וועלכער האָט דערביי פער'גנב'עט גע־גענעצט און, קענטיג, געצעהלט די שטונדען, ווען ער וועט פטור ווערען פון דער שווערער און אונאנגענעהמער פליכט.

צוויי יאָהר זיינען אזוי אוועק און איינער איז געווען פונקט אזוי מאָנאָטאָננע, אזוי אונאינטערעסאַנט, אזוי אומעדיג, ווי דער צוויי־טער.

אָבער איין מאָל אין אָבענד איז אַ יונגע פרוי, אַנגעטהאָן אין טרויער, צוגעקומען צום טיש און זיך אוועקגעזעצט נעבען איהם. דאָס איז געווען אין קאַננעס, אין אַ גאַסט הויז, וואו ער איז איינ־געשטאַנען. זי האָט געהאַט אַן אומעדיג, בלייך פּנים, וואָס האָט דערצעהלט פון צרות, אַ שעהנע פיגור און גרויסע בלויע אויגען, מיט טיעפע, שוואַרצע פאַסען ארום זיי, וועלכע האָבען ארויסגעלויכטען ווי שטערען פון דער דעמערונג.

אַלע האָבען איהר בעמערקט, און הגם לאָובאַנקאָורט האָט זיך קיין מאָל ניט ארומגעקוקט אויף פרויען, זיי האָבען געמעגט זיין שעהן אָדער מיאוס, האָט ער דאָך אויף איהר ניט ווילענדיג אַ קוק געטהאָן און זיך צוגעהערט וואָס זי רעדט. ער האָט זיך געפיהלט וויניגער איינזאַם ביי איהר זייט, הגם ער האָט ניט געוואוסט פאַר־וואָס. עפּעס אין איהם האָט אינסטינקטיוו גענומען זיך פרעהען, אזוי ווי ער וואָלט ערגעץ אין אַ ווייטען לאַנד געפונען אַ נאָהענטע קרובה אָדער אַ פריינד, וואָס וועט איהם ענדליך פערשטעהן, וועט איהם דערצעהלען עפּעס נייעס און וועט ריידען צו איהם איז זיין איינענער געליעבטער שפּראַך וועגען זאַכען, וואָס זיינען איהם ליעב און טהייער געווען אין דער ווייטער, ווייטער היימאַטה.

וואָס פאַר א מאָדנער שיקזאַל האָט זיי דאָ צוזאַמענגעבראַכט? וואָס פאַר אַ געהיימע קרעפטען האָבען זייערע ביידענ'ס לײדען דאָ צוזאַמענגעפיהרט? וואָס האָט איהם געמאַכט אזוי רוהיג און אזוי צופרידען, פאַר וואָס האָט ער פּלוצים געעפענט זיין מויל און זיין הארץ, און ווי אזוי האָט זי געוואונען זיין פולען פערטרויען?

זי איז געווען אַן ערפאַהרענע רייזענדע, וועלכע האָט ניט גע־וואוסט פון קיין שום טרוימערייען און נור רוהיג און אויסגערע־כענט געזוכט אוואַנטיורען, צופעלע; איינע פון יענע פרויען, וואָס בייטען אָפט זייערע נעמען און שטעלען זיך ניט אָב פאַר שווינדעל און בעטרוג אבי געלד צו מאַכען. פעהיג צו ריידען אויף יעדער שפראַך, זיך צו פאַרשטעלען דאָ פאַר אַ סלאַווישע און דאָ פאַר אַן אַמעריקאַנערין, אָדער גאָר פאַר אַ קליינשטעדטעלדיגע כשר'ע בהמה'לע. איינע פון די, וואָס זיינען צוליעב זייער בייטעל גרייט צו שפּיעלען יעדע ראָליע אין וועלכער ניט איז קאָמעדיע אָדער דראַמע. זי האָט דעריבער גלייך דערשמעקט די לאַגע פון דעם מעלאַנכאָ־לישען אַלמן און די איללוזיאָן, וועלכע ציהט איהם צו צו איהר. זי האָט דערשמעקט דעם רויב, וועלכעס האָט זיך גאָר אָהן מיה גע־געבען איהר אין די הענד אריין און זי האָט נור געטראַכט וואָס פאַר אַ מאַסקע זי זאָל אָננעהמען, אום איהם בעסער צו געפעלען.

זי האָט איהם דערצעהלט וועגען איהר לעבען, איהרע ליידען און יסורים אין אבגעריסענע פראַזען, וועלכע זי האָט אָפט אבגע־האַקט מיט אַ טיעפען זיפץ, אַ דריק פון די אַקסלען, אָדער אַ הערצ־רייסענדען שמייכעל, דערביי האָט זי גאַנץ אונבעמערקט געוועקט זיינע געפיהלען.

און אזוי איז עס געשעהן צום ערשטען מאָל, זייט ער איז געוואָרען אַ'ן אַלמן, וואָס דער אַלטער האָט זיך אַנפּערטרויט אַן אַנדער מענשען, האָט אויסגעגאָסען זיין אַלטע צובראָכענע הארץ פאַר אַן אַנדער צוּאוועהטאָגטער נשמה, וועלכע האָט געשיינט צו זיין אזוי ענליך צו זיין אייגענער. און איהם האָט זיך געדאַכט, אַז מיט איהר פריינדליכקייט, מיט איהר גוטסקייט און מיט איהר

טיעפען מיטגעפיהל פערטרייבט זי פון איהם דעם אומעט און היילט אויס זיינע וואונדען. עס האָט זיך איהם געוואָלט זיך אריינ־ווארפען אין איהרע שוועסטערליכע ארעמס און אויסגיסען דארט זיינע טרערען און שטילען זיין וועהטאג.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מאסיע דע לאובענקאורט, וועלכער האט חתונה געהאט צו פינף און צוואנציג יאהר אי אויס ליעבע, אי וייל עס איז געווען א פראקטישער שידוך, האט זיך געלעבט רוהיג און צופריעדען אויפ'ן לאנד, זעלטען ווען בעזוכענדיג פאריז. ער איז געבליעבען אן עהרליכער, אנשטאנדיגער מאן מיט א ריינער נשמה, ווערמען פרויען ווי וואנדא פאלסקא זיינען גאנץ פרעמד געווען. ער האט קיין אהנונגג ניט געהאט פון יענעם סארט פערדארבענע פרויען, וועמעס נשמות זיינען שווארץ, וועלכע זיינען אין גאנצען פול ליעגען און בעטרוג און וועלכע ליעבען בלויז פאר זייערע אייגענע פערגעניגענס.

זי האט זיך אנגעטשעפעט אן איהם, איז געווארען זיין שאטען און ביסלעכוויין א טהייל פון זיין לעבען. זי האט אויף איהם גע־מאכט דעם איינדרוק פון א וועהלטהעטיגער פרוי וועס האט זיך אָבגעגעבען מיט אן אונגליקליכען מאן, פיהרט זיך ארום מיט איהם, איז שטענדיג ארום איהם אויף זיינע לאנגזאמע טעגליכע שפאציר־גענג און זוכט מיט אלע קרעפטען איהם צו בערוהיגען. ניט קוקענ־דיג אויף איהר יוגענד, איז זי קיין מאל ניט מיעד געווארען אויס־צוהערען זיינע מעשות און עראינערונגען און האט אפט געשפיעלט מיט איהם אין קארטען. זי איז זעהר געטריי ארומגעגאנגען ארום איהם, ווען ער איז געווען קראנק צו בעט, עפעס אזוי, ווי זי וואלט גאר קיין פרוי ניט געווען, און הגם זי האט איהם בעהאנדעלט זעהר געשיקט, דאך האט זי געמאכט דעם איינדרוק, אז זי איז ריין און אונשולדיג און וויים ניט פון קיין זינד. זי האט זיך געהאלטען ווי א אונשולדיגע יונגע מיידעל, וואס איז נור וואס פון שוהלע ארוים. אין דערזעלבער צייט האט זי אויסגעקליבען געפעהרליכע שטונדען

און געווייסע פּלעצער אין וועלכע צו זיין סענטימענטאל און פרעגען פראגען, וואס האבען איהם צורייצט און צוטומעלט, און דאן האט זי בעהאלטען איהרע שלאנקע פינגער אין זיינע ציטערענדע הענד, וועלכע האבען זיי הייס און צערטליך געדריקט.

און דאן זיינען געקומען ווילדע ליעבעס ערקלעהרונגען, געבעט און געוויין, וועלכע האָבען איהר געשראקען; אויפגערעגטע אבשיע־דען, נאָך וועלכע ער איז ניט אוועקגעפאהרען, אבער וועלכע האָבען ארויסגערופען א ריהרענדען איבערבעטען זיך און דעם ערשטען קוש. און דאן, איין נאכט, בעת זיי האָבען געררייזט צוזאמען, האָט ער געעפענט די טהיר פון איהר שלאף־צימער אין האָטעל, וועלכע זי האָט ניט פערשלאָסען, און איז אריינגעקומען ווי א משוגע׳נער... זי האָט זיך כלומרשט געוועהרט, אבער באלד האָט זי זיך אונטער־געגעבען, ווי א פרוי וואס ליעבט צו שטארק און קען מעהר ניט ביישטעהן דעם נסיון. א בעזיעגטע האָט זי זיך אונטערוואָרפען אונטער דעם יאָך פון איהר הערר און בעהערשער.

אויף אזא אופן האָט זי בעזיעגט און פערשקלאפט זיין קערפער נאָך דעם ווי זי האָט געוואונען זיין הארץ, און דאן האָט זי גענומען שמיעדען פאר איהם א קייט, שמיעדען א רינג נאָך א רינג מיט פערגעניגענס, וועלכע פארטעמפּען און פארדארבען אלע לייט און טריקענען אויס זייער מארך. זי האָט איהם געבראכט אזוי ווייט, ביז ער האָט צום סוף אליין ניט בעמערקענדיג און גאנץ אונבעװאוסט, אנגעשריבען א הערליכע און נארישע צוואה.

צו האָט אימיצער דע־לאובאן קאורט׳ס זוהן דורך אנאָנימע בריעף צו וויסען געגעבען וועגען דער געשיכטע, צו ער איז פער־וואונדערט געוואָרען וואָס זיין פאָטער האלט איהם אזוי לאנג פון ווייטען און לאָזט פון זיך גאר נישט הערען, אויף יעדען פאל האָט ער בעשלאָסען צו זעהן זיך מיט׳ן פאָטער און ער איז אין א שעהנעם פריהמארגען געקומען צו איהם אין פּראוואנס. אבער וואנדרא פאלסקא. וועלכע האָט זיך שוין פון א צייט צוגעגרייט צו דער דאזיגער אטאקע. האָט זיך איצט גאנץ ווייניג דערשראקען.

זי האָט, קענטיג ניט פערלאָרען איהר גוטען מוטה צוליעב דעם פּלוצלימדיגען בעזוה, איז געווען זעהר רייצענד און ליעבענסג־ווירדיג צו דעם נייען גאסט און האָט געמאכט אויף איהם דעם איינדרוק פון א לייכטזיניגע מיידעל, וועלכע נעהמט דאס לעבען ווי עס געהט און ברעכט זיך ניט דעם קאָפּ וועגען דעם וואס שפּעטער וועט זיין.

ער איז מקנא געווען דעם פּאָטער און האָט איהם ניט פערגונען אזא אוצר. הגם ער איז געקומען צו בעקעמפּפען איהר געפעהרליכען איינפלוס, ענטשלאָסען צו בעהאַנדלען ווי א שונא די פרוי, וואָס האָט פערנומען זיין מוטערס פּלאַץ און האט ווי א קעניגין געהערשט איבער איהר אלטען געליעבטען — דאך איז ער געווען צו איהר העפליך און פריינדליך און באלד האָט ער אין גאַנצען פערגעסען די אויפגאבע, וואס ער האָט דא געהאט צו ערפילען.

געמאַטערט פון פערלאנגען און ליידענשאפט, האָט ער פער־לאָרען דעם קאָפּ און פון קיין אנדער זאך ניט געטראַכט, ווי נור פון פערראט און מיאוס׳ער פאַרטנערשאפט...

זי האָט איהם אריינגענומען אין איהרע הענד נאך לייכטער, ווי מאסיע דע לאובאַן קאורט, האָט איהם געבויגען און געקנאָטען ווי זי אליין האָט געוואלט, געמאכט איהם פאר איהר ווערקצייג, ניט ערלויבענדיג איהם דערביי זיך צו צוריהרען צו איהרע שפּיץ־פינגער. זי האָט איהם ניט געגעבען די קלענסטע האָפנונג און דערביי האָט זי איהם אזוי אנגעצויגען, אזוי גערייצט, אז ער איז געוואָרען אונפאַרזיכטיג און דער אלטער האָט בעמערקט, וואָס זי האָט געוואלט, און איז געווארען אייפערזיכטיג. ער האָט זיי גע־נומען היטען, דערזעהן די אינטריגע און געפונען משוגע׳נע בריעף אין וועלכע זיין זוהן האָט שטורעמדיג געפאָדערט, געבעטען, גע־סטראשעט, געבעטעלט איהר ליעבע.

איין אבענד האָט זי געזעהן, ווי דער אלטער איז אריינגעקו־מען און זיך בעהאַלטען אין א דונקעלען ווינקעל הינטער א שאַפע

אום זיי פון דארט צו היטען. וואנדא איז דאן געווען אליין מיט דעם פינף און צוואנציג יאהריגען יונגען מאן אין זאאל, וועלכער איז געווען פארגאסען מיט ליכט און פול מיט שעהנע שמעקעדיגע בלומען. ער האָט זיך אווארף געטהאָן צו איהרע פיס, ערקלעהרט איהר זיין ליעבע און גענומען בעטען, זי זאל מיט איהם אנטלויפען. זי האָט איהם געזוכט צו בערוהיגען מיט גוטען און מיט בייזען. האָט זיין ליעבע צוריקגעוויזען און מיט א הויכען קלאהרען קול איהם ערקלעהרט, אז זי ליעבט מאסיע דע לאובאנקאורט און וועט איהם בלייבען טריי. דאן האָט דער יונגערמאַן זי ווילד א כאַפּ געטהאָן פאר די עלענבויגענס און משוגע פון ליידענשאַפט, האָט ער מיט א הייזעריגען קול געשיפּעט ווערטער פון ליעבע און לוסט.

— לאזט מיך אב, — האָט זי א געשריי געטהאָן — לאזט מיך גלייך אב. איהר זייט א שופט אזוי צו בעפאלען א פרוי. איך בעט אייך, לאזט מיך גהען, אז ניט וועל איך רופען די דיענער, זיי זאלען מיך בעשיצען.

דעם נעקסטען מאָמענט איז דער אלטער מאן, מורא'דיג אין זיין ווילדען צארן, ארויסגעלאָפען פון זיין בעהעלטניש מיט צוזאמענ־געדריקטע פויסטען און שוים אין מויל, זיך א ווארף געטהאָן אויף זיין זוהן און אנווייזענדיג די טהיר מיט א געביעטערישער בעוועגונג, האָט ער געזאגט:

— דו ביזט א שמוציגער לומפּ. גלייך ארויס פון מיין הויז און זאלסט מיר מעהר קיינמאָל אויף די אויגען ניט קומען!

— — — — — — — — — — — — — — — — —

די קאָמעדיע האָט זיך געענדיגט. דאנקבאר פאר אזא טרויי־הייט און אמת'ע ליעבע, האָט מאסיע דע לאוקאנקאורט געהייראַט מיט וואנדא פאלסקא, וועלכע איז אין דעם חתונה קאָנטראקט פערשריעבען געווארען אלס פרידא קרובשטיין. עס האָט געהייסען אז זי קומט פון זאקסען און האָט דאָרט געדיענט אין א שענק

אלס א דיענסט. דאן האָט ער אנגעשריבען א צוואה, וואו ער האט פערלאנגט, אז זיין זוהן זאל גארנישט קריגען פון דער ירושה, אויסער וואס איהם קומט לויט פראנצויזישע געזעצען.

און איצט, ווען זי איז אן אנשטענדיגע און רעספעקטירטע אלמנה, ווערט מאדאם דע־לאובאנקאורט עמפפאנגען אין דער געזעלשאפט און אין יענע מאדערנע ווינטערפלעצער, וואו די זיידעס פון די יעצטיגע געסט האָבען זעלטען ווען פארשמעקט. פרויען מיט אריסטאקראטישע נעמען, וואס זיינען שעהן און קענען גוט טאַנ־צען — ווי די דייטשקעס קענען — זיינען דארטען איממער זעהר גוטע געסט.

# דעם אולאנער׳ס ווייב.



אָס איז געוועזן נאָך באורבאַק׳ס ניעדערלאגע אין איסט פראנקרייך. די ארמעע, צובראָכען, צו׳הרג׳עט, אויסגעמוטשעט, איז געוועזן געצוואונגען צוריקצוטרעטען קיין שווייצאריען נאָך אָ שרעקליכען קאַמפּף. און נאָר אָ דאנק דעם, וואָס דער קאָמפּף האָט געדויערט בלויז אָ קורצע צייט, האָבען זיך אָ הונדערט טויזענד מענשען געראַטעוועט פון אָ זיכערען טוידט. הונגער, שרעקליכע קעלטען און דאָס געצוואונגענע, נאָכאַנאַנדיגע מארשירען איבער שלעכטע, בערגיגע וועגען אין טיעפען שנעע, אָהן שיך, האָבען אונזערע סאָלדאטען פערשאפט די גרעסטע יסורים, ווייל מיר זיינען געוועזן אָהן פּאלאטקעס און כמעט אָהן שפּייז, שטענדיג אין פראָנט, ווען מיר האָבען מאַרשירט צו בעלפאָרט, און פון הינטען, ווען מיר האָבען זיך צוריקגעקעהרט. פון אונזער בריגאדע, וועלכע האָט געצעהלט צוועלף הונדערט מאן דעם ערשטען יאנואר, זיינען פערבליעבען בלויז צוויי און צוואנציג בלייכע, אויסגעצעהרטע, אָבגעריסענע בעשעפּענישען, וועלכע האָבען זיך מיט זייערע לעצטע קרעפטען קוים דערשלעפּט צום שווייצארישע גרענעץ.

דאָרט זיינען מיר געוועזן זיכער און האָבען זיך געקענט אויסרוהען. יעדער איינער ווייס וויפיעל סימפּאטיע מען האָט ארויסגעוויזען צו דער אונגליקליכער פראנצויזישער ארמעע און ווי גוט מען האָט אונז בעהאנדעלט. מיר האָבען אלע אָבגעלעבט און די צווישען אונז, וועלכע זיינען געוועזן רייך און גליקליך, איידער דער קריעג

האט אויסגעבראכען, האבען ערקלעהרט, אז קיינמאל אין זייער לע־
בען האבען זיי זיך ניט געפיהלט אזוי צופריעדען, אזוי גליקליך,
ווי דאן. א קליינינקייט, מיר האבען געהאט יעדען טאג וואס צו
עסען און האבען געקענט שלאפען יעדע נאכט.

אין דער זעלבער צייט איז די מלחמה נאך אלץ אנגעגאנגען
אין איסט פראנקרייך, וועלכע איז געווען אויסגעשלאסען פון וואפען־
שטילשטאנד. בעזאנקסאן האט נאך אלץ געהאלטען דעם שונא פון
ווייטען און דער לעצטער האט זיך אפט אן איהם נוקם געווען דער־
מיט, וואס ער האט פערוויסטעט אלעס אויף זיין וועג. מאנכעס מאל
האבען מיר געהערט אז זיי זיינען צוגעקומען נאהנט צום גרענעץ
און מיר האבען געזעהן מארשירענדיג שווייצארישע טרופען, וועלכע
זיינען געשטאנען צווישען אונז און די דייטשען און האבען אונז
ביידען עפעס אזוי ווי בעאבאכטעט.

אבער דאס האט פערוואונדעט אונזער שטאלץ, און אזוי ווי
מיר האבען זיך אויסגערוהט און געקומען צו נייע קרעפטען, האט
דער פערלאנג צו קעמפפען גענומען וואקסען אין אונז. דער גע־
דאנק, אז בלויז עטליכע מייל פון אונז געפינען זיך דייטשען, וועל־
כע זיינען זיעגעריש און פרעך, האט אונז ערניעדריגט און בעליי־
דיגט. מיר האבען ניט געקענט מעהר איינזיצען אין אונזער זיכע־
רען ווינקעל מיט פערלייגטע הענד און פיהלען, אז צוליעב דעם זיי־
נען מיר אזוי שוואך, אזוי מאכטלאז.

איין טאג האט אונזער קאפיטאן גענומען פינף אדער זעקס פון
אונז אן א זייט און האט מיט אונז וועגען דעם לאנג און ערנסט גע־
רעדט. ער איז געווען א וואוילער יונג, דער קאפיטאן. א הויכער, א
מאגערער און הארט ווי שטאהל. און אין דער גאנצער צייט פון'ם
קריעג האבען די דייטשען פון איהם א שעהן ביסעל צרות געכאפט.
ער איז געווען ענטריסטעט פון דעם גארנישט טהאן און זיך בשום
אופן ניט געקענט צוגעוועהנען צו דעם געדאנק, אז ער איז א גע־
פאנגענער און מוז זיצען מיט פערלייגטע הענד.

— צום טייפעל! — האט ער געזאגט — ווייסט איהר דען ניט.

טהוט עס אייך ניט וועה, מאכט עס אייך ניט משוגע צו וויסען, אז אין צוויי שטונדען רייזע פון דאנען געפינען זיך אולאנער? און די דאזיגע מיאוסע שלעפער געהן ארום ווי די בעלי הבתים אין אונזערע בערג, וואו זעקס ענטשלאסענע מענער וואלטען געקענט אויס'הרג'ענען א גאנצע טרופע אין איין טאג? איך קען עס מעהר ניט אריבערטראגען, און איך מוז געהן אהין.

— אבער ווי אזוי וועט איהר אהין צוקומען, קאפיטאן?

— ווי אזוי? עס איז ניט אזוי שווער! מיר האבען, דאכט זיך, עפעס שווערערע און גרעסערע זאכען אויפגעטהאן אין די לעצטע זעקס מאנאטען, און מיר האבען זיך אויסגעדרעהט פון וועלדער, וועלכע זיינען בעשיצט געווען פון גאנץ אנדערע מענער, ווי די שוויי־צארישע. דעם טאג, אין וועלכען איהר וועט וועלען אריבערגעהן דעם גרענעץ צו פראנקרייך, וועל איך נעהמען אויף זיך אייך צו ברייננגען אהין.

— דאס איז שוין מעגליך: אבער וואס וועלען מיר קענען אויפטהאן אין פראנקרייך אהן געוועהר?

— אהן געוועהר? מיר וועלען שוין דארט קריגען געוועהר, זייט גאנץ רוהיג!

— איהר פערגעסט דעם אבמאך — האט געזאגט אן אנדער סאלדאט — מיר נעהמען אויף זיך די ריזיקע צו שאדען שווייצאריען, אויב מאנטייפעל וועט זיך דערוויסען, אז זיי האבען ערלויבט גע־פאנגענע זיך אומצוקעהרען קיין פראנקרייך.

— עט! — האט געענטפערט דער קאפיטאן — דאס זיינען אלס פוסטע דיבורים. איך דענק צו געהן און אויס'הרג'ענען אביסעל פרייסען; און ווייטער קימערט מיך גאר נישט. אויב איהר ווילט ניט טהאן דאס זעלבע וואס איך, דאן זאגט עס גלייך. איך קען געהן איינער אליין, איך דארף ניט קיינעם'ס געזעלשאפט.

עס פערשטעהט זיך, אז מיר האבען אלע פראטעסטירט און אזוי ווי עס איז געווען אונמעגליך איבערצורעדען דעם קאפיטאן ער זאל אומבייטען זיין בעשלוס, האבען מיר אלע געמוזט צוזאגען, אז מיר

וועלען געהן מיט איהם. מיר האבען איהם צופיעל ליעב געהאט, אום איהם איבערצולאזען איצט אין אזא לאגע, איבערהויפט נאך, ווייל ער אליין האט אונז קיינמאל אונטער קיינע אומשטענדען ניט אב־געזאגט אין זיין הילף; און אויף אזא אופן איז די עקספעדיציע בעשלאסען געווארען.

## II

דער קאפיטאן האט געהאט זיין אייגענעם פלאן, א פלאן, וועל־כען ער האט אויסגעארבייט שוין פון א צייט לאנג. א מאן פון דער געגענד, וועמען ער האט געקענט, האט איהם געזאלט געבען א וואגען מיט קליידער פאר זעקס פויערים. מיר האבען זיך געקענט בעהאל־טען אונטער שטרוי אויף'ן וואגען, וועלכער איז געווען אנגעפילט מיט קעז. דאס דאזיגע קעז האט ער געזאלט פאהרען פערקויפען אין פראנקרייך.

די וואד־סאלדאטען האט ער ערקלעהרט, אז ער נעהמט מיט זיך צוויי פון זיינע פריינד צו בעשיצען זיין סחורה אין פאל, אז מען זאל איהם וועלען בעראבעווען און די דאזיגע פארזיכטיגקייט האט קיינעם אין יענער צייט זיך ניט אויסגעוויזען אויסערגעוועהנליך. א שווייצארישער אפיציער האט בעטראכט דעם וואגען מיט א פער־דעכטיגער מינע, אבער דאס איז נור געווען אום צו בעאיינפלוסען זיינע סאלדאטען. מיט איין ווארט, ניט די אפיציערען און ניט די סאלדאטען האבען זיך געכאפט.

— ווייטער! — האט דער קאפיטאן געזאגט צו די פערד און א שמיץ געטהאן מיט'ן בייטש, בעת אונזערע מענער האבען רוהיג זייערע לולקעס געראויכערט. איך בין געווען האלב דערשטיקט אין מיין קאסטען, אין וועלכער לופט איז אריינגעקומען בלויז דורך א פאר לעכער פון פארענט, בעת אין דער זעלבער צייט בין איך כמעט דערפראהרען געווארען, ווייל עס איז געווען שרעקליך קאלט.

— ווייטער! — האט דער קאפיטאן נאך אמאל געזאגט און דער וואגען, בעלאסטעט מיט קעז, איז אריינגעקומען קיין פראנקרייך.

די פּרייסישע גרענעצען זיינען געווען זעהר שוואך בעוואכט, ווייל דער שונא האט געגלויבט אין דער פארזיכטיגקייט פון שוויי־צאריען. דען וואך־מייסטער האט גערעדט נארד דייטש, בעת אונזער קאפּיטאן האט גערעדט א שלעכטען פּלאט דייטש, און זיי האבען ביידע ניט פערשטאנען איינער דעם אנדערען. אבער דער וואך־מייסטער האט געוואלט אויף אונז מאכען דעם איינדרוק, אז ער איז זעהר אינטעליגענט און אז ער פערשטעהט אונז גאנץ גוט און האט אונז געלאזט ווייטער פאהרען. נאך א זיבען שטונדיגער רייזע, וואו מיר זיינען נאכאנאנד אבגעשטעלט געווארען אויף אן עהנליכען אופן, זיינען מיר אנגעקומען אין א קליינער, אין גאנצען רואינירטער שטעדטעל, אין מיטען נאכט.

וואס האבען מיר געזאלט טהאן? אונזער גאנצע געוועהר איז בעשטאנען אין דעם קאפּיטאן'ס בייטש, אונזערע יוניפאָרמען, די פּויערישע בלוזעס; און אונזער שפּייז איז געווען די קעז. אונזער גאנצער רייכטהום איז בעשטאנען אין אונזער אמוניציאן און אין פּעקלאך מיט קוילען, וועלכע מיר האבען בעהאלטען צווישען די קאסטענס מיט קעז. מיר האבען געהאט אודאי א טויזענד שטיק. גראדע צו צוויי הונדערט שטיק פאר יעדען פון אונז. אבער דערצו האבען מיר געמוזט האבען ביקסען אן מיר האבען געהאט גאר־נישט, אויסער די טעפּ פון די קעז. אבער צום גליק איז דער קאַ־פּיטאן געווען א קלוגער מאן, א דרייסטער און ערפינדליכער און אט איז דער פּלאן, וואס ער האט פאר אונז אויסגעארבייט:

בעת דריי פון אונז זיינען געבליבען בעהאלטען אין א קעלער פון דער פערלאזענער שטעדטעל, פון וועלכער די איינוואהנער האבען זיך צולאפען, איז ער געפאהרען ווייטער, ביז צו בעזאנקסאן מיט דעם ליידיגען וואגען און איין מאן. די שטאדט איז געווען אונטער וואך. אבער מען קען זיך אימער דורכברעכען אין שטאדט אריין צווישען די בערג, די זייטיגע, געדרעהטע וועגען, איבער גראבענס און קאנאוועס. זיי האבען זייער וואגען געלאזען אין אמאנס צוויי־שען די דייטשען און אליין זיינען זיי אנטלאפען אין מיטען נאכט

צום פוס. אויף מאָרגען זיינען זיי אָנגעקומען אין בעזענקסאַן, וואו עס איז געווען גענוג געוועהר. דאָרט האָבען זיך געפונען נאָהנט פון פערציג טויזענד ביקסען אין ארסענאל, און גענעראל ראלאנד, א העל־דישער מאן, האָט געלאכט פון דעם קאפּיטאן'ס געוואגטען פּראָ־יעקט, דאָך האָט ער איהם געגעבען זעקס ביקסען און איהם גע־וואונשען גליק. דאָרט האָט ער אויך געפונען זיין פרוי, וועלכע איז די גאַנצע צייט פון'ם קריעג געווען מיט אונז צוזאמען, און וועלכע האָט צוליעב קראנקהייט ניט געקענט נאָכפאָלגען נאָך באור־באק'ס ארמעע. זי האָט זיך איצט געפיהלט בעסער און ניט קור־קענדיג אויף דער קעלט, וואָס איז געוואָרען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, טראָץ די אַלע יסורים וואָס האָבען איהר ערוואָרטעט, האָט זי געפאָדערט די ערלויבנים צו בעגלייטען איהר מאַן. ער איז געווען געצוואונגען איהר נאָכצוגעבען, און אַלע דריי, דער קאפּיטאַן, זיין פרוי און אונזער קאמעראד, האָבען זיך אַוועקגעלאָזט צוריק צו אונז.

דער געהן אהין איז געווען אַ גאָרנישט אין פערגלייך מיט דעם קומען צוריק. זיי האָבען געמוזט געהן בלויז ביינאַכט כדי אויסצו־מיידען וועמען עס איז צו טרעפען און וויל די זעקס ביקסען וואָס זיי האָבען איצט געהאַט, וואָלטען אויף זיי געוואָרפען אַ פערדאכט. אָבער דאָך, טראָץ אַלעם און אַלעמען, איז דער קאַפּיטאַן אין אַ וואָך נאָכדעם ווי ער האָט אונז פערלאָזען, געקומען צוריק צו אונז מיט זיינע „צוויי מאן" און באַלד האָט זיך אָנגעהויבען אונזער פעלדצוג. צו פוס.

די ערשטע נאַכט, ווי נור ער איז אָנגעקומען, האָט דער קאַפּיטאַן גענומען פיהרען דעם קריעג גאַנץ אליין. אונטער דעם אויסרייד אויסצופאָרשען דעם געגענד, איז ער אוועק איבער די שליאַכען. איך מוז אייך זאָגען, אז דאָס קליין שטעדטעל, וואָס האָט אונז גע־דיענט אַלץ פעסטונג, איז בעשטאַנען פון עטליכע אָרימע, שלעכט־געבויטע הייזער, וועלכע זיינען פערלאזען געווארען נאָך מיט אַ צייט

צוריק. עס איז געלעגען אויף א הויכען אבהאנג, וועלכער האט זיך געצויגען ביז צו א מיט בוימער בעוואקסנער לאנקע. די דארטיגע פויערים האבען געהאנדעלט מיט האלץ. זיי האבען די קלעצער ארונ־טערגעלאזען דורך שלוכטען, וועלכע האבען זיך געצויגען ביז צו דער לאנקע ארונטער. דארט האבען זיי זיי צוזאמענגעלייגט אין גרודעס, וועלכע זיינען דריי מאל א יאהר פערקויפט געווארען צו האלץ־הענדלער. דער פלאץ, וואו דער דאזיגער מארק האט זיך געפונען איז בעצויכענט געווארען דורך צוויי קליינע הייזלאך פוןביידע זיי־טען וועג, וועלכע האבען געדינט פאר קהל'שע צוועקען. דער קאפי־טאן איז אוועק איבער איינעם פון די דאזיגע שלוכטען.

ער איז געוועזען אוועק ארום א האלבע שטונדע, ווען מיר אויבען, איבער'ן שלוכט, האבען דערהערט א שאס. דער קאפיטאן האט אונז אנגעזאגט, אז מיר זאלען זיך ניט ריהרען פון ארט און זאלען קומען צו איהם בלויז דאן, ווען מיר וועלען הערען, ווי ער בלאזט דעם טרומפייט. דער דאזיגער טרומפייט איז געמאכט געווארען פון א ציגענעם הארן און מען האט איהם געקענט הערען פון גאנץ ווייט, אבער עס האט ניט געגעבען קיין פיפס און ניט קוקענדיג אויף אונזער שטארקער אונרוהיגקייט, האבען מיר געמוזט בלייבען זיצען שטיל, מיט אונזערע ביקסען ביים זייט.

ארונטערצוגעהן פון די דאזיגע שלוכטען איז לייכט, מען דארף זיך בלויז אוועקלייגען און מען גליטשט זיך גלייך ארונטער; אבער עס איז זעהר שווער צוריק ארויפצוקומען. מען מוז קריכען אריוף, זיך אנטשעפענדיג אן די צווייגען פון בוימער, אפט אויף אלע פיער און דערביי אנווענדען אלע קרעפטען. א לאנגע שטונדע איז אריבער, און פון דעם קאפיטאן האט מען גארנישט געזעהן און גארנישט געהערט. אונטען, צווישען די בושעס, האט זיך אויך קיין זאך נישט בעוועגט. דעם קאפיטאן'ס פרוי האט אנגעהויבען ווערען אונגעדולדיג. וואס אזוינס טהוט ער דארט? פארוואס רופט ער אונז ניט? איז דער שאס, וועלכען מיר האבען געהערט, געקומען פון שונא און האט דער'הרג'עט אונזער קאפיטאן, איהר מאן?

קיינער האָט ניט געוואוסט וואָס צו דענקען, און איך אליין האָב זיך געטראַכט, אַז אָדער ער איז טויט, אָדער זיין אונטערנעהמונג איז ערפאָלגרייך. אויף יעדען פאַל בין איך געוועזן שטאַרק נייגעריג צו וויסען, וואָס מיט איהם טהוט זיך.

פּלוצים האָבען מיר דערהערט דעם פייף פון טרומפּייט און מיר זיינען געוואָרען שטאַרק איבערראשט, וואָס אַנשטאָט צו קומען פון אונטען, ווי מיר האָבען ערוואַרטעט, איז עס גאָר געקומען פון דער שטעדטעל איבער אונז. וואָס האָט עס געמיינט? דאָס איז געוועזן עפּעס אַ געהיימניס, אָבער איין געדאַנק האָט אונז אַלעמען אַ קלאַפּ געטהאָן אין מוח, אַז ער איז דער׳הרג׳עט געוואָרען און די פרייסען פייפען דאָס אין טרומפּייט, אום פאַר אונז אויסצושטעלען אַ פאַסטקע. מיר האָבען זיך דעריבער אומגעקעהרט צוריק אין שטוב אריין. ניט ארונטערנעהמענדיג די פינגער פון אונזערע ביקסען, האָבען מיר זיך בעהאַלטען הינטער די צווייגען און אַנגעשטרעקט צוגעקוקט און צוגעהערט זיך צו אַלעם ארום. אבער זיין ווייב, ניט קוקענדיג אויף אונזער ווארנונג האָט זיך געלאָזט לויפען, ווי אַ צוררייצטע טיגערין. זי האָט געדענקט, אַז זי מוז געהן ראבע נעהמען פאַר איהר מאַן און צו איהר ביקס האָט זי מיטגענומען אַ באַיאָנעט. מיר האָבען זי אין גאַנצען פערלאָרען פון די אויגען אין דעם מאָמענט, ווען מיר האָבען ווידער אַמאָל דערהערט דעם טרומפּייט. אין אַ פּאָר מינוטען ארום האָבען מיר דערהערט איהר קול, רופענדיג אונז:

— אָהער! אַהער קומט! ער לעבט! דאָס איז ער!

מיר האָבען זיך אַלע אַ לאָז געטהאָן אַהין און דערזעהן דעם קאַפּיטאַן, רויכערענדיג זיין ליולקע, ביים אריינגאַנג אין שטעדטעל, אָבער מערקווירדיג, ער האָט געריטען אויף אַ פערד.

— איהר זעהט — האָט ער צו אונז געזאָגט — עס איז דאָ פאַראַן וואָס צו טהאָן. אָט בין איך שוין רייטענדיג אויף אַ פערד: איך האָב דאָרט אונטען דער׳הרג׳עט אַן אולאַנער און צוגענומען זיין פערד; איך דענק, זיי בעוואַכען דאָרט דאָס האָלץ, אבער זיי גיסען

אריין און שפּיעלען זיך ארום אין דער זעלבער צייט. איינער פון זיי איז געשטאַנען פאַר דער טהיר, אויף דעם וואך הפּנים, ער האָט נאָך ניט בעוויזען אויף מיר אַ קוק צו טהאָן, ווי איך האָב איהם מכבד געווען מיט אַ שווערד אין בויך אריין, און איידער די אנדערע האָבען געקענט ארויסקומען, בין איך ארויפגעשפּרונגען אויפ׳ן פערד און האָב זיך אוועקגעטראָגען, ווי דער ווינד. אכט אָדער צעהן פון זיי האָבען מיר פערפאָלגט, אָבער איך האָב זיך ארויסגע־דרעהט דורך די זייטיגע און געדרעהטע וועגען אין וואלד. איך בין אביסעל צוקראצט, צוריסען, אָבער עס מאַכט ניט. איך בין דאָ אַ גאַנצער. און איצט מיינע ליעבע קאמעראדען, אויפמערקזאם און פאָרזיכטיג! יענע דייטשוקעס, דאָרט, וועלען ניט איינרוהען, ביז וואנען זיי וועלען אונז ניט כאַפּען, לאָמיר זיין גרייט זיי צו עמפּ־פאַנגען מיט אונזערע ביקסען. קומט לאָמיר פערנעהמען אונזערע פּאָסטען!

מיר זיינען אַוועק. איינער פון אונז האָט זיך אויסגעשטעלט אויפ׳ן שליאך, אַ שטיק אַוועק פון שטעדטעל; איך האָב פערנומען אַ פּלאַץ ביים אריינגאַנג פון דער הויפּט גאַס, בעת די איבעריגע צוויי מיט דעם קאַפּיטאַן און זיין ווייב האָבען געמאַכט זייער פּאַ־זיציע אין מיטען שטעדטעל נעבען דער קירכע, וועמעס טהורעם האָט זיי געדינט אי אַלס בעאָבאַכטונגס פּלאַץ, אי אַלס פעסטונג.

מיר האָבען זיך ניט לאַנג געהאַט אויסגעשטעלט אויף אונזערע פּלעצער, ווי מיר האָבען דערהערט אַ שאָס און באַלד אַ צווייטען; דערנאָך צוויי שאָסען און דאַן דריי. דער ערשטער שאָס איז וואהר־שיינליך געווען פון אונזעריגען, מיר האָבען איהם דערקענט נאָך דעם שאַרפען טראַך, וועלכער האָט אָבגעקלונגען ווי אַ שמיץ פון אַ בייטש, — בעת די אנדערע דריי זיינען געווען פון די אולאנער׳ס פלינטען.

דער קאַפּיטאַן איז געווען מלא רציחה. ער האָט געגעבען אַ בעפעהל צו די פּאָר צוואָוואָרפענע קאמעראדען, אַז מען זאָל דעם שונא דורכלאָזען און איהם פון ווייטען נאָכפאָלגען ווען ער וועט מאַרשירען אין שטעדטעל אריין. דאַן זאָלען זיי זיך פעראייניגען

מיט מיר און זאָלען אויף איהם אָנפאַלען אונערוואַרטעט, מיט אַ מאָל. אויף אַזאַ אופן וואָלט קיינער פון זיי זיך ניט געקענט אויס־דרעהען פון אונזערע הענד און הגם מיר זיינען בלויז געווען זעקס, וואָלטען מיר אפילו צעהן פון זיי געקענט בייקומען.

— דער פערפלוכטער פּיעדעלאַט האָט זיך ארויסגעגעבען — האָט געזאָגט דער קאַפּיטאַן — און איצט ווילען זיי שוין ניט וואַ־גען צו געהן ווייטער אזוי בלינדערהייד. און דאָן בין איך זיכער, אַז ער איז דאָרט פערוואונדעט געוואָרען. ווייל מיר הערען גאָרניט פון איהם. רעכט אויף איהם: פאַרוואָס האָט ער ניט געטהאָן, וואָס מען האָט איהם געהייסען?

אָבער אין אַ ווײלע ארום, ווען דער בעס איז איהם אביסעל אָבגעגאַנגען, האָט ער אַ בורטשע געטהאָן אין באָרד אריין:

— נאָך אַלעמען טהוט מיר לייד פאַר איהם, ער איז אַ וואוילער יונג, אזוי מוטהיג און שיסט אַזוי גוט!

דער קאַפּיטאַן איז געווען גערעכט מיט זיינע בעמערקונגען. מיר האָבען געוואַרט ביז נאַכט, אָבער די אולאַנער האָבען מיר אין די אויגען ניט אָנגעזעהן; זיי האָבען זיך צוריקגעצויגען נאָך דער ערשטער אַטאַקע. אָבער צום אונגליק האָבען מיר פּיעדעלאַט׳ן שוין אויך מעהר ניט געזעהן. איז ער געווען טויט אָדער געפאַנגען? ווען די נאַכט איז אָנגעפאַלען, האָט דער קאַפּיטאַן פאָרגעשלאָגען, אַז מיר זאָלען ארויסגעהן איהם זוכען, און דריי פון אונז זיינען אוועק עס טהאָן. וואו די שליאַבען שניידען זיך איבער, האָבען מיר געפונען אַ צובראָכענעם ביקס און פערטריקענטע בלוט, בעת די ערד איז געווען צוטראַטען. אָבער מיר האָבען ניט געפונען ניט קיין פערוואונדעטען און ניט קיין טויטען קערפּער. הגם מיר האָבען אויס־געזוכט יעדער פּיצעל ערד, יעדען ווינקעלע. ארום האַלבע נאַכט האָבען מיר זיך אומגעקעהרט צוריק ניט געפינענדיג קיין שום שפּור פון אונזער אונגליקליכען קאַמעראַד.

— עס איז עפּעס מאָדנע—האָט דער קאַפּיטאַן געמורמעלט—זיי האָבען איהם הפנים דער׳הרג׳עט און אריינגעוואָרפען ערגעץ

צווישען די קוסטעס; עס איז דאָך ניט מעגליך, אַז זיי האָבען איהם גענומען געפאַנגען, ווייל ער וואלט דאָך גערופען צו הילף. איך קען עס ניט פערשטעהן — ווי גור ער האָט עס ארויסגערעדט, האָבען העלע־רויטע פלאַמען אַ שאָס געטהאָן אויפ'ן שליאַך, נעבער דער קרעטשמע, און בעלויכטען דעם הימעל.

— לומפען! פייגלינגע! — האָט דער קאַפּיטאַן אַ געשריי געטהאָן — דאָס האָבען זיי אונטערגעצונדען די צוויי הייזער אויפ'ן מאַרק־פּלאַץ, אום זיך מיט אונז אָבצורעכענען, און איצט וועלען זיי זיך אָבטראָגען אָהן אַ זיי־געזונד. זיי ווילען זיך צופריעדען שטעלען דערמיט, וואָס זיי האָבען דער'הרג'עט איין מאַן און פערברענט צוויי הייזער, אָבער וואַרט. אַזוי גרינג זאָל עס זיי ניט אָנקומען. מיר מוזען געהן נאָך זיי: זיי וועלען ניט וועלען פערלאָזען זייער איליומינאַציע אום זיך צו שלאָגען.

— עס וואָלט געווען אַ גוטע זאַך, ווען מיר זאָלען קענען בעפרייען פיעדעלאַט'ן אויך אין דערזעלבער צייט — האָט איינער פון אונז געזאָגט.

און אונזערע פינף מאַן זיינען אוועק פול מיט רציחה און האָפנונג. אין צוואַנציג מינוטען ארום זיינען מיר געווען אונטען, צו פוסען פון די שלוכטען, און ווען מיר זיינען שוין געווען הונדערט יאַרד פון דער קרעטשמע, האָבען מיר נאָך אַלץ קיינעם ניט אָנגעזעהן. דער פייער איז געווען הינטער'ן הויז און אַלעס וואָס מיר האָבען געזעהן איז געווען דער אָבגלאַנץ פון איהם איבער'ן דאַך.

דאָך זיינען מיר געגאַנגען זעהר לאַנגזאַם, מורא האָבענדיג פאַר אַ פאַסטקע. און דאָ האָבען מיר פּלוצים דערהערט פיעדלאַט'ס גוט בעקאַנטע שטימע. אָבער דאָס מאָל האָט זי געקלונגען עפּעס אַזוי מאָדנע, ציטערענדיג, פערשטיקט, צוריסען און דאָך קלאָהר, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט געשריען מיט אַלע זיינע קרעפטען מיט אַ פערשטאָפּטען מויל. ער האָט געשיינט צו זיין הייזעריג, זיך געוואָרגען און בלויז איין פערצווייפעלטען וואָרט האָט זיך נאָכאַנאַנד פון זיין פערשטיקטען האַלז ארויסגעריסען: „ראַטעוועט, ראַטעוועט!"

מיר האָבען אוועקגעוואָרפען אַלע אויסרעכנונגען און יעדע פּאָרזיכטיגקייט און אין איין מינוט זיינע מיר שוין געווען הינטער דער קרעטשמע וואו אַ שרעקליכעם בילד האָט זיך פאַר אונזערע אויגען ענטפּלעקט.

פּיעדעלאַט האָט געברענט לעבעדיגערהייד. צוגעבונדען צום שטאַנג איבער אַ ברענענדיגען שייטערהויפען, האָט ער זיך געדרעהט און געקרוטשעט פאַר יסורים, בעת די פלאַמען האָבען איהם גע־לעקט מיט זייערע שאַרפע צונגען. ווען ער האָט אונז דערזעהן, איז זיין צונג עפּעס ווי צוגעקלעפּט געוואָרען צו זיין גומען, זיין קאָפּ האָט זיך שווער אַראָבגעלאָזען אויף דער ברוסט און עס האָט אויס־געזעהן, אז אַט־אָט געהט ער אוים. אין איין מאָמענט האָבען מיר צוואוואָרפען דעם פייער, אוועקגעשליידערט דאָס ברענענדיגע האָלץ און איבערגעשניטען די שטריק, מיט וועלכע ער איז געווען צוגע־בונדען.

אָרימער יונג! אין וואָס פאַר אַ שרקליכער לאַגע מיר האָבען איהם געפונען. מיט אַן אָבענד פריהער האָט מען איהם צובראָכען דעם לינקען אָרעם און עס האָט אויסגעזעהן, אַז זייט דאַן האָט מען איהם זעהר פיעל געשלאָגען, ווייל זיין קערפּער איז געווען בעדעקט מיט וואונדען, סיניאַקעס און בלוט. און די פלאַמען האָ־בען אויך אָנגעהויבען אויף איהם זייער שרעקליכע ארבייט, זיינע פים זיינען געווען שטאַרק צוברענט און זיין באָרד און די האָהר אויפ'ן קאָפּ צושמאַליעט. אָרימער פּיעדעלאַט, נעבעך!

קיינער ווייס ניט, ווי דאָס בלוט האָט אונז גענומען קאָכען, ווען מיר האָבען דאָס דערזעהן. מיר זיינען דאַן אימשטאַנד געווען זיך צו וואַרפען אַנטקעגען הונדערט טויזענד פרייסען. אונזער דורשט נאָך נקמה איז געווען אונגעהויער גרוים: אָבער די פייג־לינקע זיינען אַנטלאָפען, לאָזענדיג זייער פערברעכען הינטער זיך. וואו האָבען מיר זיי איצט געקענט געפינען? דערווייל האָט דעם קאַפּיטאַן'ס ווייב גענומען בעזאָרגען פּיעדעלאַט'ן, און האָט פער־

באַנדאַזשירט זיינע וואונדען אַזוי גוט ווי זי האָט נור געקענט, בעת דער קאַפּיטאַן אַליין, אַ שטאַרק אויפגערעגטער, האָט געדריקט זיין האַנד. אין אַ פּאָר מינוטען אַרום איז פּיעדעלאָט געקומען צו זיך:

— גוט מאַרגען, קאַפּיטאַן, גוט מאַרגען אייך אַלעמען! — האָט ער געזאָגט — אַך, די לומפּען, די אויסוואורפען! גאַנצע צוואַנציג שטיק זיינען זיי געווען און זיי אַלע האָבען אונז געוואָלט בעפאַלען.

— צוואַנציג זאָגסטו?

— יאַ אַ גאַנצע באַנדע זייערע, און דאָס איז געווען די אורזאַכע, וואָס איך האָב ניט געפאָלגט אייער בעפעהל, קאַפּיטאַן, און האָב געשאָסען אויף זיי, אַז ניט וואָלטען זיי אייך אַלעמען דערהרג׳עט. איך האָב ביי זיך בעשלאָסען זיי אַבצוהאַלטען. דאָר האָט זיי דערשראָקען און זיי האָבען ניט געוואַגט צו געהן וויטער ווי דער שליאַך. אַזעלכע פּייגלינגע. פיער פון זיי האָבען געשאָסען אויף מיר פון צוואַנציג יאַרד, אַזוי ווי איך וואָלט געווען אַ שיס־ברעט און דאַן האָבען זיי מיך צובוטשערט מיט זייערע שווערדען. מיין אָרעם איז געווען צובראָכען און איך האָב געקענט געברויכען מיין באַיאָנעט בלויז מיט איין האַנד.

— אָבער פאַרוואָס האָסטו ניט גערופען נאָך הילף?

— איך האָב זיך גאַנץ גוט געהיט עס ניט צו טהאָן, ווייל איהר וואָלט אַלע אַהער געקומען און ניט איהר וואָלט מיך געקענט ראַטעווען, נים זיך אַליין פערטהיידיגען און איהר וואָלט אַלע געווען פערלאָרען, ווייל איהר וואָלט געהאַט צו קעמפּפען פּינף אַנטקעגען צוואַנציג.

— וואָס מאַכט עס אויס, אַלטער פריינד, מיר וואָלטען אָבער ניט צוגעלאָזען אַז זיי זאָלען דיך נעהמע געפאַנגען.

— איך האָב בעסער געוואָלט שטאַרבען אַליין. איהר פערשטעהט! איך האָב ניט געוואָלט אייך ברייננגען אַהער, ווייל דאָס וואָלט געווען ווי אין אַ פאַסטקע אַריין.

— מילאַ, לאָמיר מעהר ניט ריידען וועגען דעם. פיהלסטו זיך אַביסעל לייכטער?

— ניין, איך ווער דערשטיקט. איך ווייס, אז איך וועל שוין לאנג ניט לעבען. די מערדער! זיי האבען מיך צוגעבונדען צו א בוים און מיך געשלאגען ביז איך בין געוועזען האלב טויט, און דאן האבען זיי מיך גענומען טרייסלען, ציהען פאר מיין צובראכענעם ארעם, איך האב א פיפס ניט געטהאן. איך וואלט מיר בעסער דעם צונג אבגעביסען, איידער א קרעכץ טהאן אין זייער געגענווארט. איצט קען איך אויסריידען, וויפיעל איך לייד און קען פערגיסען טרעהרען. עס ווערט דערפון דאך אביסעל לייכטער. איך דאנק אייך אלע, מיינע טהייערע פריינד!

—ארימער פיעדעלאט! מיר וועלען זיך פאר דיך אברעבענען, זיי רוהיג!

— יא, יא, דאס מוזט איהר טהאן. איך פערלאנג דאס פון אייך. איבערהויפט זאלט איהר זיך נוקם זיין אן דער פרוי. דארט צווישען זיי געפינט זיך די פרוי פון דעם אולאנער, וועמען דער קאפיטאן האט נעכטען דער'הרג'עט. זי איז אויך אנגעטהאן ווי אן אולאנער, און זי איז דאס געוועזען די יעניגע, וואס האט מיר נעכטען געמאטערט און די גרעסטע יסורים פערשאפט. דאס איז געוועזען איהר פלאן מיך צו פערברענען לעבעדיגערהייד. און אין דער אמת'ן האט זי דאס די ערשטע דעם פייער אונטערגעצונדען. אה, וואס פאר א שלאך, וואס פאר א מערדערין זי איז! אה, וויפיעל איך לייד! מיינע פיס! מיינע ארעמס!

און ער איז א פאל געטהאן צוריק א פערמוטשעטער, סאפענדיג און בארכלענדיג מיט א שווערען אטהעם, אין די לעצטע מורא'דיגע קוואלען פון דער גסיסה. דעם קאפיטאן'ס ווייב איז פון איהם ניט אבגעטראטען און האט איהם אבגעווישט דעם שוויים פון זיין שטערען. און קוקענדיג אויף איהם האבען מיר אלע פערגאסען טרעהרען ווי קינדער. איך וועל אייך דא ניט בעשרייבען זיין סוף: ער איז געשטארבען אין א האלב שעה ארום, אבער פאר זיין טויט האט ער אונז געזאגט אויף וואס פאר א וועג דער שונא איז אוועק. ווען ער איז שוין געוועזען טויט, האבען מיר זיך

געגומען צייט איהם צו בעערדיגען און דאן האבען מיר זיך אוועק־געלאזט נאכיאגען די אולאנער מיט הערצער פול גיפט און האס.

— מיר ווערען זיך ארויפוואַרפען אויף דער גאנצער פרייסישער ארמעע, אויב נויטהיג — האט געזאגט דער קאפיטאן — אבער פאר פיעדעלאט'ן וועלען מיר נקמה נעהמען. לאמיר שווערען, אז מיר וועלען בעסער שטארבען, איידער זיך אבזאגען פון אונזער ראכע, און אויב איך וועל דער'הרג'עט ווערען דער ערשטער, דאן זיינען אט מיינע בעפעהלען: אלע געפאנגענע וואס איהר וועט פערכאפען זאלען דערשאסען ווערען גלייך אויפ'ן שטעל און וואס אנבעלאנגט דעם אולאנער'ס ווייב, זאל זי אפריהער געמאטערט און דאן גע־טויטעט ווערען.

— זי איז א פרוי, און א פרוי דארף מען ניט שיסען! — האט געזאגט דעם קאפיטאן'ס ווייב — אויב איהר וועט בלייבען לעבען, בין איך זיכער, אז איהר וועט ניט שיסען א פרוי. ווען איהר וועט זי מאטערען און בעשימפפען וועט איהר זיין געגוג. אבער אויב איהר וועט פאלען אין דעם דאזיגען קאמפף, פערלאנג איך איין זאך און דאס איז דאס רעכט אליין צו קעמפפען מיט איהר: איך וועל איהר דער'הרג'ענען מיט מיינע אייגענע הענד און די איבעריגע קענען טהאן מיט איהר וואס זיי ווילען, אויב זי וועט מיך דער'הרג'ענען.

— מיר וועלען זי מאטערען! מיר וועלען זי פערברענען! מיר וועלען זי אין שטיקער צורייסען! פיעדעלאט זאל האבען זיין נקמה, אן אויג פאר אן אויג, א צאהן פאר א צאהן!

אויף מארגען אין דער פריה זיינען מיר גאנץ אונערווארטעט אנ־געפאלען אויף א טרופע אולאנער פיער מייל אוועק פון דעם פלאץ, וואו מיר האבען אונזער ארימען קאמעראד געפונען. צוטומעלט פון דעם פלוצלינגדיגען אנפאל, זיינען זיי ניט אימשטאנד געווען אפילו אויף זייערע פערד ארויף, ניט געקענט זיך פערטהיידיגען און אין

א פּאָר מינוטען ארום האָבען מיר געהאט פינף געפאנגענע, פונקט אזוי פיעל, וויפיעל מיר זיינען געווען. דער קאפּיטאן האָט זיי אויס־געפרעגט און פון זייערע ענטפערס איז ער געוואָרען איבערצייגט, אַז דאָס זיינען די זעלבע, וואָס ער האָט געטראָפען מיט א טאָג פריהער. דאן איז געמאכט געוואָרען א זעהר קאָמישע אונטערזוכונג. איינער פון אונז איז געשיקט געוואָרען אויסצוגעפינען זייער גע־שלעכט און עס זיינען נישטאָ קיין ווערטער אויסצודריקען אונזער פרייד, ווען מיר האָבען זיך דערוואוסט, אַז די מערדערין פון אונ־זער פריינד געפינט זיך צווישען זיי.

די איבעריגע פיער געפאנגענע זיינען גלייך אויפ'ן שטעל דער־שאָסען געוואָרען, שטעהענדיג מיט'ן רוקען צו אונז, גאַנץ נאָהנט צו אונזערע ביקסען. דערנאָך האָבען מיר זיך א נעהם געטהאָן צו דער פרוי. וואָס זאָלען מיר טהאָן מיט איהר? איך מוז צוגעבען, אַז מיר אַלע זייען געווען דאפיר, אַז מען זאָל זי שיסען. דער האָס און דער פערלאַנג צו נעהמען נקמה פאַר פּיעדעלאָט'ן האָט דער־שטיקט אין אונז יעדען מיטלייד און מיר האָבען גאָר פערגעסען, אַז מיט געהען דאָ שיסען א פרוי. אָבער א פרוי האָט אונז אויף דעם דערמאָנט, דעם קאפּיטאן'ס פרוי; אויף איהר געבעט האָבען מיר בעשלאָסען זי צו האַלטען אַלס געפאנגענע. דעם קאפּיטאן'ס אָרימע פרוי איז דערנאָך שווער בעשטראָפט געוואָרען פאַר דער דאזיגער בארמהערציגקייט איהרע.

אויף מאָרגען האָבען מיר דערהערט, אַז דער וואפען־שטילשטאַנד איז ערקלעהרט געוואָרען אויך אין איסט פראַנקרייך, און מיר זיינען געווען געצוואונגען אויפצוגעבען אונזער קליינעם קאַמפף. צוויי פון אונז, וועלכע זיינען געווען פון דער נאכבארשאַפט, האָבען זיך אומ־געקעהרט אהיים. מיר זיינען געבליבען בלויז זאָלבע־פערט: דער קאפּיטאן, זיין פרוי, און צוויי מענער. מיר האָבען געהערט צו בע־זאַנקסאן, וואָס איז נאָך אַלץ בעלאַגערט געוועזן, ניט קוקענדיג אויף דעם וואפען־שטילשטאַנד.

— לאָמיר דאָ בלייבען — האָט געזאָגט דער קאפּיטאן — איך

קען זיך ניט פארשטעלען, אז דער קריעג זאל זיך ענדיגען אויף אזא אופן. צום טייפעל! עס זיינען דאך נאך געבליבען מענער אין פראנקרייך און איצט איז די צייט צו בעווייזען ווער זיי זיינען. דער פריהלינג קומט אן, און דער וואפען-שטילשטאנד איז ניט מעהר ווי א פאסטקע פאר די פרייסען. די צייט וועט אויסגענוצט ווערען אויף צו שאפען א נייע ארמעע און אין א שעהנעם פריה-מארגען וועלען מיר זיי אויף דאס ניי בעפאלען. לאמיר זיין גרייט דערצו, מיר האבען די געפאנגענע אלס משכן — לאמיר בלייבען דא.

מיר האבען דארט אויפגעשטעלט אונזער לאגער. עס איז געווען שרעקליך קאלט און מיר זיינען זעהר ווייניג ארויסגעגאנגען, ווייל אימיצער האט שטענדיג געמוזט האלטען אן אויג אויף דער גע-פאנגענער.

זי איז געווען ערנסט, האט קיינמאל ניט גערעדט אויסער וועגען איהר מאן, וועמען דער קאפיטאן האט דער'הרג'עט. זי האט נאכ-אנאנד געקוקט אויף איהם מיט ברענענדיגע אויגען און מיר האבען געפיהלט, אז זי ווערט געמאטערט פון א ווילדען פערלאנג נאך נקמה. עס האט אונז שטארק הנאה געטהאן און מיר האבען אין דעם געזעהן די בעסטע שטראף פאר די מורא'דיגע יסורים, וואס זי האט פער-שאפט אונזער ארימען קאמעראד פיעדעלאט'ן, ווייל אונגעשטילטע ראכע-דורשט איז א שרעקליכער געפיהל.

מיין גאט! מיר, וועלכע האבען געוואוסט ווי אזוי צו נעהמען ראכע פאר אונזער קאמעראד, האבען געדארפט וויסען, אז דיעזע פרוי וועט געפינען א וועג ווי זיך אבצורעכענען פאר איהר מאן און מיר האבען זיך געדארפט היטען. עס איז אמת, אז איינער פון אונז איז געווען אויף דער וואך יעדע נאכט. און אז אין אנהויב האבען מיר זי צוגעבונדען מיט א לאנגע שטריק צו דער דעמבענער באנק, וועלכע איז געווען צוגעשלאגען צום וואנד, אבער ביסלעכווייז, אזוי ווי זי האט קיינמאל ניט פרובירט אנט-לויפען, ניט קוקענדיג אויף איהר האס צו אונז, האבען מיר זיך גענומען מיט איהר בעגעהן ווייניגער ברוטאל. מיר האבען איהר

ערלויבט צו שלאָפן ערגעץ אַנדערש און האָבן איהר בעפרייט פון די שטריק. פאַר וואָס האָבן מיר געהאַט מורא צו האָבן? זי איז געווען אויף דעם אַנדערען עק צימער. אַ מאַן איז געשטאַ־נען אויף דער וואַך ביים טהיר און צווישען איהר און דעם קאַ־פּיטאַן מיט זיין פרוי פלעגען שטענדיג ליגען צוויי אַנדערע מענער. זי איז געווען אַליין, אונבעוואפענט אנטקעגען פיער, אַלזאָ האָט ניט געקענט זיין קיין געפאהר.

איין נאַכט, ווען מיר האָבן אַלע געשלאָפען און דער קאַפּי־טאַן איז געווען אויף דער וואַך, איז דעם אולאַנער׳ס ווייב גע־לעגען אין איהר ווינקעל רוהיגער ווי אַלע מאָל. זי האָט זאָגאר אַ שמייכעל געטהאַן יענעם אבענד, און דאָס איז געווען צום ער־שטען מאָל זייט זי איז געווען אונזער געפאַנגענע. אין מיטען נאַכט זיינען מיר פּלוצים אויפגעוועקט געוואָרען פון אַ שרעקלי־כען געשריי. מיר זיינען אַלע גלייך אויפגעשפּרונגען און האָבן זיך אַנגעשטויסען אָן אַ פּאָאַרל, וועלכע האָט זיך געקייקעלט אי־בער דער ערד, איינגעגעסען איינער אין אַנדערען און זיך גע־שלאָגען מיט אַ ווילדע רציחה. דאָס איז געווען דער קאַפּיטאַן און דעם אולאַנער׳ס ווייב. מיר האָבן זיך אַ וואַרף געטהאַן צווייען זיי און אָבגעריסען איינס פון דעם אַנדערען. זי האָט זיך בעפרייט און געלאַכט און ער האָט געסאָפּעט און געבאָרכעלט און, ווי עס האָט געשיינט, זיך שוין געמאַטערט מיט דער גסיסה. דאָס אַלעס איז געשעהען אין דער פינסטערניש. צוויי פון אונז האָבן זי געהאַלטען און ווען מען האָט פייער געמאַכט, האָבן אונזערע אויגען אַ שרעקליכעס בילד דערזעהן. דער קאַפּיטאַן איז געלעגען אויף דער ערד אין אַ טייך בלוט מיט אַן אונגעהויער גרויסער וואונד אין האַלז, און זיין אייגענער שווערד, וועלכען מען האָט ארויסגענומען פון זיין גאַרטעל, האָט געשטעקט אין דער רויטענדער בלוטענדער וואונד. אין אַ פּאָר מינוטען אַרום איז ער געשטאָרבען, ניט זייענדיג אימשטאַנד אפילו אַ וואָרט

זיין ווייב האָט ניט פערגאָסען אַ טרעהר. איהרע אויגען זייד נען געווען טרוקען, איהר מויל פערשלאָסען. זי האָט זיך איינ־ געגעסען אין דעם אולאַנער'ם ווייב און געקוקט אויף איהר מיט אזא רוהיגער גרויזאמקייט, אַז עס האָט אָנגענומען אַ מורא.

— די פרוי געהערט צו מיר — האָט זי פלוצים געזאָגט צו אונז — איהר האָט מיר ערשט מיט אַ וואָך צוריק געשוואָרען, אַז איהר וועט זי איבערגעבען אין מיינע הענד, אויב מיין מאַן וועט זיין טויט, און איהר מוזט האַלטען אייער שבועה. איהר מוזט צובינדען זי גאַנץ שטאַרק צום קאַמין און דאַן קענט איהר געהן וואו איהר ווילט, אָבער ווייט אַוועק פון דאַנען. איך וועל אַליין ראַכע נעהמען פון איהר. לאָזט איבער דעם קאַפּיטאַן'ם קערפּער, און מיר זאַלבע־ דריט, ער, זי און איך וועלען דאָ פערבלייבען.

מיר האָבען געפאָלגט איהר בעפעהל און זיינען אַוועק. זי האָט אונז צוגעזאָגט צו שרייבען צו אונז אין זשענעווא, און מיר זיינען אַוועק אַהין.

אין צוויי טעג אַרום האָב איך ערהאַלטען דעם פאָלגענדען בריעף, דאַטירט אין אַ טאָג אַרום, ווי מיר זיינען אַוועק. ער איז געשריעבען געוואָרען אין אַ קרעטשמע אויפ'ן שליאך:

„מיין פריינד!

איך שרייב צו אייך ווי איך האָב אייך צוגעזאָגט. אין דיעזען מאָמענט געפין איך זיך דאָ אין קרעטשמע, וואו איך האָב נור וואָס איבערגעגעבען מיין געפאַנגענע צו אַ פּרייסישען אָפיציער.

„איך מוז אייך זאָגען, מיין פריינד, אַז די דאָזיגע אָרימע פרוי נעבאך האָט איבערגעלאָזען צוויי קינדער אין דייטשלאַנד. זי האָט נאָכגעפאָלגט איהר מאַן ווען זי האָט פערגעטערט, ווייל זי האָט ניט געוואָלט אַז ער זאָל זיין אויסגעזעצט צו די געפאַהרען פון דער מלחמה איינער אַליין און זי האָט איבערגעלאָזען די קינדער ביי זייער באָבען און זיידען. דאָס אַלעס האָב איך זיך דערוואוסט

זייט געסטערען און עס האט מיין פערלאנג נאך ראכע פערוואנדעלט אין מעהר מענשליכע געפיהלען. אין דער צייט, ווען איך האב געקיהלט מיין צו־וועהטאגט הארץ דערמיט, וואס איך האב זי בע־ליידיגט, איהר וועה געטהאן, דערמאנט פיעדעלאט'ן, וועלכער איז פערברענט געווארען לעבעדיגערהייד און איהר געסטראשעט מיט אן עהנליכען טויט, האט די פרוי געקוקט אויף מיר רוהיג און האט געזאגט:

— פארוואס זאלסטו מיר פארווירפע מאכען, דו, פראנצויזישע פרוי? דו דענקסט, אז דו וועסט טהאן א גערעכטע זאך, ווען דו וועסט נקמה נעהמען פאר דיין מאן'ס טויט, ניט אמת?

— יא, — האב איך געענטפערט.

— נו, אויב אזוי, האב איך אויך געטהאן דאסזעלבע, וואס דו ווילסט איצט געהן טהאן. טויטענדיג איהם, האב איך געפאלגט דעם זעלבען געפיהל, וועלכער טרייבט דיר מיך צו פערברענען. איך האב ראכע גענומען פאר מיין מאן, וועמען דיין מאן האט דער'הרג'עט.

— וויבאלד אז דו דענקסט אז דער געפיהל פון ראכע איז א גערעכטער—האב איך זיך אבגערופען—טא זיי גרייט צו שטארבען.

— איך האב קיין מורא ניט.

„און אין דער אמת'ן האט זי געשיינט ניט צו האבען פערלארען איהר מוטה. איהר פנים איז געווען רוהיג און זי האט געקוקט אויף מיר אהן מורא, ווען איך האב אנגעטראגען האלץ און פערטריקענטע בלעטער און האב עס אלעס בעשאטען מיט פולווער פון די ביקסען, כדי צו מאכען דעם שייטערהויפען פאר איהר וואס שטארקער, וואס מורא'דיגער.

„אין מיינע געדאנקען האב איך זיך אויף א מאמענט אבגע־שראקען פאר איהר שרעקליכע הינריכטונג. אבער דעם קאפיטאן'ס קערפער איז געלעגען דערביי, א בלייכער, אין גאנצען אין בלוט, און ער האט עפעס אזוי ווי געקוקט אויף מיר מיט זיינע גרויסע גלעזערנע אויגען. און איך האב זיך ווידער גענומען צו מיין ארבייט. נאך דעם ווי איך האב איהם א קוש געטהאן אין זיינע קאלטע טויטע

ליפען. פלוצים, ווי איך האָב מיין קאָפּ אויפגעהויבען, האָב איך דערזעהן, אַז זי וויינט און דאָס האָט מיך איבערראַשט.

— דו האָסט זיך אַלזאָ דערשראָקען? — האָב איך צו איהר געזאָגט.

— ניין, אָבער ווען איך האָב געזעהן, ווי דו קושט דיין מאַן, האָב איך אַ טראַכט געטהאָן וועגען מיינעם און וועגען די אַלע, וואָס זיינען מיר טהייער.

„זי האָט אַליץ געשלוכצעט און פּלוצים האָט זי אויפגעהערט צו וויינען און געפרעגט געבראָכען מיט אַ שטיל, דערשטיקט קול:

— האָסטו קינדער?

אַ שוידער איז מיר איבער׳ן גאַנצען לייב אַריבער, ווייל איך האָב זיך אָנגעשטויסען, אַז די דאָזיגע אָרימע פרוי, נעבעך, איז אַ מאַמע. זי האָט מיך געבעטען, איך זאָל אַ קוק טהאָן אין אַ פּעקעלע, וועלכער געפינט זיך ביי איהר אונטער׳ן בוזים און דאָרט האָב איך דערזעהן צוויי בילדער פון נאָך גאַנץ יונגע קינדער, אַ אינגעל און אַ מיידעל, מיט יענע גוטע, ליעבע, פּולינקע פּנים׳לאך ווי די דייטשע קינדער האָבען געוועהנליך. דאָרט האָבען זיך אויך געפונען צוויי לאָקען פון ליכטיגע האָאר און אַ בריעף געשריבען מיט אַ גרויסער קינדערשער האַנדשריפט, וועלכער האָט זיך אָנגעהויבען מיט די דייטשע ווערטער: „מיין טהייערע קליינע מאַמאַ!“

„איך האָב ניט געקענט איינהאַלטען מיינע טרעהרען, מיין ליעבער פריינד, און איך האָב אָבגעבונדען איהרע שטריק, ניט וואָגענדיג אַ קוק צו טהאָן אין פּנים פון מייז אָרימען טויטען מאַן, פאַר וועלכען איך האָב ניט געקענט מעהר נקמה נעהמען. איך בין אוועק מיט איהר ביז צו דער קרעטשמע. זי איז פריי; איך האָב זי נור וואָס פערלאָזען און זי האָט מיך געקושט מיט טרעהרען אין די אויגען. איך געה צוריק צו מיין מאַן; קומט אַזוי שנעל ווי מעגליך, מיין ליעבער פריינד, אום צו בעזאָרגען אונזערעביידען׳ס קערפּערס“.

איך בין גלייך אויפ׳ן שטעל אוועק אהין און בין געפאָהרען אַזוי שנעל ווי נור מעגליך, און ווען איך בין אהין אָנגעקומען. האָב איך געפונען אַ פריסישע וואך ארום דאָס הייזעל. ווען איך האָב גע־פרעגט וואס דאָס מיינט, האָט מען מיר ערקלעהרט, אז אינווייניג געפינען זיך אַ פראנצויזישער קאפיטאן און זיין פרוי, ביידע טויטע. איך האָב אָנגעגעבען זייערע נעמען און געבעטען, מען זאָל מיר ערלויבען זיי צו בעערדיגען.

—אימיצר האָט שוין די בעערדיגונג גענומען אויף זיך — האָט מען מיר געענטפערט — געהט אריין, אויב איהר ווילט, און אַזוי ווי איהר קענט זיי, וועט איהר זיך וועגען דעם קענען דורכריידען מיט זייער פריינד.

איך בין אריין אינווייניג. דער קאפיטאן און זיין פרוי זיי־נען געלעגען זייט ביי זייט אויף אַ בעט און זיינען געווען אריבער־געדעקט מיט אַ ליילאַך. איך האָב איהם אויפגעהויבען און דער־זעהן, אַז די פרוי האָט זיך געמאַכט אַ וואונד אין האַלז עהנליך צו דער, פון וועלכער איהר מאַן איז געשטאָרבען.

אָן א זייט פון בעט איז אַ פערטרויערטע, אַ פערוויינטע גע־זעסען און זיי געהיט אַ פרוי, וועלכע מען האָט מיר אָנגעוויזען אַלס זייער לעצטען פריינד. דאָס איז געווען דעם אולאנער׳ס ווייב.

---

# דער טאָג פון דריי קעניגע



עווים — האָט געזאָגט דער קאַפּיטאַן גראַף פין גאַ־רעם — געדענק איך נאָך דעם סאַפּער בעת דער מלחמה אין דעם טאָג פון דריי קענגיע איך בין דעמאָלט געווען וואַכטמייסטער ביי די גוסאַרען. זייט פיערצעהן טעג האָבען מיר אַלץ געהיט די דייטשע פאָרפּאָסטען.

מיט אַ טאָג פריהער האָבען מיר אַ פּאָר אולאַנער אוועקגעשיקט אויף יענער וועלט און דערביי פערלאָרען דריי מאַן. צווישען זיי איז אויך געווען דער אָרימער ראָודעווילל. איהר געדענקט ראָך נאָך אודאי יאַזעף פון ראָודעווילל?

קורץ, אין יענם טאָג האָט מיר מיין קאַפּיטאַן געהייסען מיטנעה־מען צעהן פערד, אַרומרינגלען דעם דאָרף פּאָרטעריין און אויב מען ליד דאָרט צו פערבלייבען איבער נאַכט. אין יענעם פּלאַץ איז פּאַר די לעצטע דריי וואָכען געווען פינף געפעכטען. קיין צוואַנציג הייזער זיינען דאָרט ניט געווען גאַנצע און קיין איין טוץ איינוואָהנער האָבען זיך אין זיי ניט געפונען.

אַלזאָ האָב איך גענומען צעהן פערד און אַרום פיער אַזייגער זיך אַהין אוועקגעלאָזט. אַרום פינף, ווען עס איז נאָך געווען דונ־קעל, זיינען מיר צוגעקומען צו די ערשטע הייזער פון פּאָרטעריין. איך האָב זיך געלאָזט אָבשטעלען און געהייסען מאַרכאַס — איהר קענט דאָך פעטער פון מאַרכאַס, וועלכער האָט שפּעטער חתונה געהאַט

מיט דער קליינער מארטעל־אובעלין, דעם מארקיז פון מארטעל־אובעלין'ס טאָכטער — ער זאָל איינער אליין אוועקגעהן אין דאָרף אריין און זאָל דאָן ברענגען א בעריכט, וואָס דאָרט טהוט זיך.

איך האָב אויסגעקליבען נור פרייווילליגע, אלע מענשען פון גוטע פאַמיליעס. עס איז אנגענעהם ניט צו האָבען צו טהאָן אין דיענסט מיט פּראָסטע סאָלדאַטען.

דער דאָזיגער מארכאס איז געווען מערקווירדיג קלוג, כיטרע ווי א פוקס און ריהרעווּדיג ווי א שלאַנג. ער האָט דערשמעקט די פרייסען, ווי א הונד די האָזען, ער האָט געפונען שפּייז אין פלעצער, וואו מיר וואָלטען אָהן איהם געשטאָרבען פאַר הונגער. און ער האָט געקראָגען נאַכריכטען פון אומעדום, נאַכריכטען, וועלכע זיינען אי־מער געווען ריכטיגע, זיכערע.

אין צעהן מינוט ארום איז ער צוריק געקומען און געזאָגט:

— אלעס איז אין אָרדנונג, זייט דריי טעג איז קיין איין פרייס דאָ ניט דורכגעגאַנגען. אבער טרויעריג זעהט דאָרט אויס אין דאָרף! איך האָב גערעדט מיט א בארמהערציגער שוועסטער, וועלכע געהט ארום ארום פיער—פינף קראַנקע אין א פערלאָזענעם קלויסטער.

איך האָב געהייסען געהן ווייטער און מיר זיינען אריין אין דער הויפּט גאַס פון דאָרף. רעכטס און לינקס האָבען זיך אין דער ארו־מיגער דונקעלהייט געזעהן א פּאָר וועגד אָהן א דאַך. דאָ און דאָרט האָט געבלישטשעט א שיין פון א ליכט הינטער א פענסטער. א פאַמיליע איז איבערגעבליבען צו בעוואַכען זייער הויז, וועלכע איז נאָך ניט געווען צוטראָגען, א פאַמיליע פון דרייסטע, מוטהיגע מענשען, אָדער פון גרויסע אָרימע־לייט. עס האָט גענומען גיסען א רעגען, א דראָבנער, קאַלטער רעגען, וועלכער האָט אונז דורכגע־נומען נאָך איידער ער האָט אונז דורכגענעצט. די פערד האָבען זיך ספּאָטיקעט איבער שטיינער, קלעצער און שטיקער מעבעל. מאר־כאס, האַלטענדיג זיין פערד פאַר די לייצעס, איז געגאַנגען צו־פוס פאָראויס און האָט אונז געפיהרט.

— וואוהין פיהרסטו אונז? — האָב איך געפרעגט.

ער האָט געענטפערט:

— איך האָב געפונען אַן אויסגעצייכענטע קוואַרטיר.

און באַלד איז ער געבליבען שטעהן פאַר אַ קליינע הויז פון אַ בירגער, וועלכע איז נאָך געבליבען גאַנץ און איז געווען פערשלאָסען. עס איז געשטאַנען אַרויסגערוקט צו דער גאַס און האָט געהאַט אַ גאָרטען פון הינטען.

מיט אַ גרויסען שטיין, וועלכען ער האָט אויפגעהויבען ביים פּאַרקאַן, האָט מאַרכאַס אויפגעבראָכען דעם שלאָס, איז אַרויף אויף די טרעפּ און דאַן, מיט עטליכע זעץ מיט די פיס און די שולטערען, אויפגעעפענט די הויז־טהיר. דאַן האָט ער אָנגעצונדען אַ ברעקעל ליכט, וועלכעס ער האָט אימער געהאַט מיט זיך און איז אַוועק פאָראויס אין דער שעהן און אַנגענעהם אויסגעמעבלירטער וואָה־נונג פון אַ רייכען לענדלאָרד. מיט אַ מערקווירדיגער זיכערקייט האָט ער אונז געפיהרט אין דער דאָזיגער הויז, ווי ער וואָלט דאָ אַמאָל געוואָהנט. הגם ער איז דאָ געווען צום ערשטען מאָל.

צוויי מענשען, וועלכע זיינען געבליבען שטעהן אין דרויסען, האָבען בעוואַכט אונזערע פערד.

מאַרכאַס האָט געזאָגט צום דיקען פּאָנדערעל, וועלכער איז געגאַנגען נאָך איהם:

— דער שטאַהל מוז זיין לינקס, איך האָב עס געזעהן ביים אַריינקומען. שטעל דאָרט אַריין די פערד, איצט דאַרפען מיר זיי דאָך נים.

דאַן האָט ער זיך געווענדעט צו מיר:

— נו, גיב דאָך דיינע בעפעהלען.

דער יונג האָט ביי מיר אַלע מאָל אַרויסגערופען פערוואונדע־רונג, און איך האָב איהם געענטפערט לאַכענדיג:

— איך וועל פריהער געהן אין דאָרף און דאָרט אוועקשטעלען אונזערע לייט און דערנאָך קום איך צוריק אַהער.

ער האָט געפרעגט:

— וויפיעל מאַן נעהמסט דו מיט?

— פינף. די אַנדערע וועלען זיי דערנאָך, אַ זייגער צעהן, איבערבייטען.

— גוט. פיער מוז איך איצט האָבען, כדי אויפצווזוכען די שפּייזען, צו קאָכען און צו גרייטען דעם טיש. וואו דער וויין איז בעהאַלטען וועל איך נאָך אויך אויסגעפינען!

און איך בין אוועק בעקוקען די פערלאָזענע גאַסען ביז דאָרט, וואו דאָס פעלד פאַנגט זיך אָן, און וואו איך האָב געוואָלט אויס־שטעלען מיינע לייט אַלס פּאָסטען.

אין אַ האַלב שעה אַרום בין איך געוועזן צוריק. מאַרכאַס איז געלעגען אין אַ גרויסען פאָטעל, פון וועלכען ער האָט אַראָבגענומען דעם בעצוג. ער האָט ליעב לוקסוס, האָט ער געזאָגט.

ער האָט געוואָרעמט די פיס ביים פייער און גערויכערט אַן אויסגעצייכענטען סיגאַר, וועמעס גערוך האָט אָנגעפילט דעם גאַנצען צימער. ער איז דאָרט געזעסען אַליין מיט די אָרעמס אויף די ווענטלאַך פון׳ם שטוהל אָנגעשפּאַרט און דעם קאָפּ אויף הינטען פערוואָרפען. זיינע באַקען זיינען געווען אַביסעלע פעררויטיגט, זיינע אויגען האָבען געבלישטשעט. ער האָט אויסגעזעהן גליק־זעליג.

פון צווייטען צימער האָט זיך געהערט דאָס קלינגען פון געשיער און מאַרכאַס האָט געזאָגט צו מיר מיט אַ פרעהליכען געלעכטער:

— אַלעס איז שוין אין אָרדנונג. פאַר׳ן בראַטען האָב איך גע־פונען אין היהנער־שטאַהל און דעם סעקט אונטער די טרעפּ. אין פּרוכט־גאָרטען אָבער האָב איך דערטאַפּט פּופציג פלאַשען אויסגע־צייכענטען שנאַפּס. ער איז געווען בעגראָבען אונטער אַ באַרן־בוים, וועלכע האָט ביים שיין פון מיין לאַמטערנע ניט אויסגע־זעהן צו שטעהן גלייך. פאַר אונזער דינער האָבען מיר צוויי היהנער, איין גאַנז, איין ענטעל, דריי טויבען און איין פויגעל, וועלכע איך האָב געפונען אין אַ שטייגעל. ווי דו זעהסט, וועלען מיר האָבען ניט קיין שלעכטען דינער. די גאַנצע געשיכטע קאָכט זיך שוין. אַ פיינער, אַ גרויסאַרטיגער געגענד איז דאָ!

איך האָב זיך געזעצט איהם אנטקעגען. דאָס פייער האָט מיר געברענט אין פּנים אריין.

— וואו האָסטו געפונען האַלץ? — האָב איך געפרעגט.

ער האָט ארויסגעברומט:

— אָ, דאָס איז טהייערע האָלץ, שטיקער פון אַן עקיפּאַזש. דערפאר פלאַקערט עס אויף אַזוי אַלע ווײַלע, דאָס ברענט אַזוי די פּאַליטור. ווירקליך, דאָס איז זעהר אַ פיין הויז, קיין זאַך פעהלט דאָ ניט.

איך האָב זיך צולאַכט. דער יונג איז ווירקליך געווען קאָמיש. ער האָט געזאָגט:

— און דערבײַ איז נאָך היינט דער טאָג פון די דריי קעניגע! איך האָב געהייסען אריינשטעקען אין דער גאַנז אַ בעבעל. אָבער וואָס איז די פּעולה, אַז מיר האָבען ניט קיין קעניגין. דאָס פערדריסט מיך, עס איז אַ סקאַנדאַל.

איך האָב איבערגע׳חזר׳ט:

— יאָ, דאָס איז אַ סקאַנדאַל. אָבער וואָס קען איך דיר העלפען?

— דו? צום טייפעל. קענסטו ניט געפינען וועלכע ניט איז?

— וואָס זאָל איך געפינען?

— פרויען!

— פרויען? דו ביזט אפּנים משוגע געוואָרען!

— טאָ הער אקאָרשט, איך האָב אויסגעפונען דעם שנאַפּס פון אונטער דעם באַרן־בוים און דעם סעקט פון אונטער די טרעפּ, הגם איך האָב ניט געהאַט קיין שום שפור, וואָס זאָל מיך צו דעם פיהרען. פאַר דיר אָבער איז דאָך אַ ווייבערשע קליידעל שוין אַ גוטער סליעד. אַלזאָ, אַלטער פריינד, פּרוביר גוט אַ זוך טהאָן און דו וועסט געפינען.

ער האָט אויסגעזעהן אַזוי ערנסט און האָט געשיינט צו זיין

אזוי איבערצייגט, אַז איך האָב ניט געוואוסט צי ער לאַכט, צי ניט. איך האָב געענטפערט:

— אָך, מאַרכאַס, רעד נישט קיין נאַרישקייטען.

— אין דיענסט רעד איך קיינמאָל נישט קיין נאַרישקייטען.

— אָבער וואו, צום טייפעל, זאָל איך דיר קריגען פרויען?

— וואו דו ווילסט. עס האָבען דאָך נאָך געמוזט בלייבען עטליכע פרויען אין דאָרף. זאָל זיין צוויי צו דריי, זוך זיי אויף און ברענג זיי צושלעפען אהער.

איך בין אויפגעשטאַנען. עס איז געווען צו־הייס ביים פייער. מאַרכאַס האָט זיך אָבגערופען:

— ווילסטו הערען מיין עצה, ווי אזוי זיך צו נעהמען צום עוסק?

— יא.

— געה צום פּריסטער.

— צום פּריסטער? צו וואָס?

— לאָז איהם איין צום סאַפּער און בעט איהם מיטצוברייינגען א דאַמע.

— דער פּריסטער, א דאַמע... כאַ־כאַ־כאַ!

מאַרכאַס האָט געזאָגט מיט אַן אונגעוועהנליכער ערנסטקייט:

— עס איז גאָר נישטאָ וואָס צו לאַכען דערביי. געה צום פּריסטער און ערקלעהר איהם אונזער לאַגע. ער אַליין לאַנגווייליגט זיך זיכער אויך זעהר שטאַרק און ער קומט געוויס. זאָג, אַז ווייניגסטענס איין פרויענצימער מוזען מיר האָבען, אָבער אַן אנשטענדיגע דאַמע, דו פערשטעהסט, ווייל מיר זיינען אַלע ניט אבי ווער, מיר שטאַמען פון פיינע פאַמיליע. ער מוז דאָך זיין געמיינדע גוט קענען און ווען עס געפינט זיך דאָ אַזאַ, ווי פּאַר אונז פּאַסט, און ווען דו וועסט נור האַנדלען מיט קאָפּ, וועט ער זי דיר שוין אָנצייגען.

— געה שוין, געה, מאַרכאַס, וואָס פעלט דיר איין?

— ליעבער פריינד, דו וועסט עס שוין אויספיהרען! דאָס

וואָלט געווען אַ פּרעהליכער שפּאַס... מיר ווייסען שוין, ווי אַזוי הנאה צו האָבען פון לעבען... צום טייפעל! און גיב אכטונג, מיר וועלען זיך האַלטען אַזוי אַנשטענדיג, ווי אין דער בעסטער געזעל־שאַפט. דו זאָג דעם פּריסטער וואָר מיר זיינען, צוטרייסעל איהם אביסעל. דו מוזט אויף איהם ווירקען, איהם ריהרען, דאַן וועט ער עס שוין טהאָן.

— עך, דאָס איז אונמעגליך!

ער האָט צוגערוקט זיין שטוהל צו מיינעם און אַזוי ווי דער חברה־מאַן האָט געוואוסט מיין שוואכע זייט, האָט ער געזאָגט:

— שטעל זיך פאָר ווי לוסטיג דאָס וואָלט געווען, און וואָס פאַר אַ קאָמישען וויץ דו וואָלסט געהאַט צו דערצעהלען. עס וואָלט זיך צוטראָגען איבער דער גאַנצער אַרמעע און דיין נאָמען וואָלט אַ דאַנק דעם אפשר בעריהמט געוואָרען ווייט און ברייט אַרום.

איך האָב געצעגערט, הגם די געשיכטע האָט מיך אַ היבש ביסעל אָנגעצויגען און ער האָט ווידער אָנגעהויבען:

— נו, נו, ליעבער גאַרענס, טראַכט ניט אַזוי לאַנג. דו ביזט אונזער קאָמאַנדיר, דו אַליין קענסט קומען בעזוכען דעם פּריסטער פון דער קירכע. מאַך ניט קיין שהיות און גיה. נאָך דער מלחמה וועל איך די געשיכטע בעשרייבען אין פּערזען אין דער „רעוויו דע דעי מאָנד". דו ביזט פערפליכטעט עס צו טהאָן פאַר דיינע לייט, וועלכע דו טרייבסט אַרום שוין פיער וואכען צייט אהן רוה און אהן ראַסט.

איך בין אויפגעשטאַנען און געפרעגט:

— וואו איז דעם פּריסטער'ס הויז?

— די צווייטע גאַס לינקס. דאַן קומסטו צו אַן אַלעע און אויפ'ן סוף שטעהט די קירכע. לינקס געפינט זיך דעם פּריסטער'ס הייזעל.

איך בין אוועקגעגאַנגען און ער האָט מיך נאָכגעשריען:

— זאָג איהם נאָר, אַז מיר האָבען וואָס צו עסען, כדי ער זאָל קריגען אַפּעטיט.

איך האָב גלייך געפונען דעם פּריסטערס הויז נעבען אַ גרויסער העסליכער, געמויערטער קירכע. איך האָב אַ זעץ געטהאָן מיט דעם פויסט אין טהיר, וועלכע האָט ניט געהאַט קיין גלעקעל און ניט קיין קלאַפּער און אַ קרעכצענדיגע שטימע האָט געפרעגט פון אינווייניג:

— ווער איז דאָ?

איך האָב געענטפערט:

— דער וואכמייסטער פון די גוסאַרען.

איך האָב געהערט אַ גערויש פון דעם ריגעל און דעם אָב־דרעהען פון שליסעל און באַלד בין איך געשטאַנען אַנטקעגען אַ הויכען בעלייבטען פּריסטער, וועלכער האָט געהאַט אַ פיגור פון אַן אַטלעט, מיט גרויסע שטאַרקע הענד, וועלכע האָבען אַרויסגעקוקט פון פערקאַשערטע אַרבעל. זיין געזיכט איז געוועזען פעררויטיגט ער האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ גאַנץ בראַווען מאַן.

איך האָב איהם בעגריסט מיליטעריש:

— גוט מאָרגען, הערר פּריסטער.

ער האָט מורא געהאַט פאַר אַן איבערפאַל פון אַ טרעמפּ, אַ לאַנד שטרייכער און דערזעהן מיך, האָט ער געזאָגט שמייכלענדיג:

— גוט מאָרגען, קומט אַריין, איך בעט אייך.

איך בין אַריין נאָך איהם אין אַ קליין, רויט געפאַרבטען צימער, וואו אין קאַמין האָט געברענט אַ קליין פייערעל און אין פערגלייך מיט מאַרכאַס׳ס העללישען פייער האָט עס געמאַכט אַ זעהר אָרימען איינדרוק.

ער האָט מיר אָנגעוויזען אויף אַ שטוהל און געפרעגט:

— מיט וואָס קען איך אייך דיענען?

— הערר פּריסטער, אפריהער ערלויבט מיר זיך אייך פאָר־צושטעלען.

איך האָב איהם דערלאַנגט מיין וויזיט קאַרטע.

ער האָט זי גענומען און שטיל פאַר זיך איבערגעלעזען:

— גראַף פון גאַרענס.

איך האָב אָנגעהויבען:

— הערר פריסטער, מיר זיינען אונזערע עלף מאַן. פינף פון אונז זיינען אויף פּאָסטען און זעקס אין אַ הויז פון אַ דאָרפישען איינוואָהנער, וועמען מיר קענען ניט. די דאָזיגע זעקס הייסען: גאַרענס — מיין נאָמען, פּעטער פון מאַרכאַס, לודוויג פון פאַנדערעל, דער זוהן פון דעם בעריהמטען מאהלער, און יאָזעף הערבאַן, אַ יונגער מוזיקער.

איך קום אייך צו בעטען אין זייער נאָמען און אין מיין אייגענעם, איהר זאָלט אונז מאַכען די עהרע און עסען מיט אונז סאַפּער. מיר פייערען דעם טאָג פון די דריי קעניגע מיט אַ שעהנעם מאָהלצייט, הערר פריסטער, און וואָלטען זעהר וועלען זיך מאַכען אביסעל לוסטיג.

דער פריסטער האָט געשמייכעלט און געמורמעלט:

— איך דענק, אַז איצט איז נים די צייט זיך צו אַמוזירען. איך האָב געענטפערט:

— הערר פריסטער, מיר שלאָגען זיך אַלע טאָג. אין די לעצטע פיער וואָכען זיינען פיערצעהן פון אונזערע קאַמעראַדען געפאַלען און געסטערען האָבען מיר ווידער פערלאָרען דריי. אַזוי וויל די מלחמה. יעדען אויגענבליק שטעלען מיר איין אונזער לעבען. האָבען מיר ניט אַ רעכט, כאָטש אין אַ קורצע ווייל, לוסטיג צו זיין? מיר זיינען פראַנצויזען, מרי לאַכען גערן, לאַכען פון אַלסדינג.

— אונזערע פאָטערס זיינען מיט אַ שמייכלענדיג פּנים אויף דעם עשאַפאָט געגאַנגען. היינט ביינאַכט אָבער ווילען מיר זיין אביסעל לוסטיג, גאַנץ געלאַסען און אַנשטענדיג, ניט אָנשיכורען זיך, נור אַזוי פּשוט זיך מאַכען פרעהליך. איהר פערשטעהט? איז עס דען אַן עולה?

ער האָט געענטפערט:

— איהר זייט גערעכט, ליעבער פריינד, און איך נעהם אָן אייער איינלאַדונג מיט דעם גרעסטען פערגעניגען.

ער האָט אַ רוף געטהאָן:

— הערמאַנסע!

אַן אַלטע, אויסגעקרימטע, צורונצעלטע פויערטע איז אריין און געפרעגט:

— וואָס איז?

—מיין טאַכטער, איך עס היינט ביינאַכט נים אין דער היים.

— וואו דען וועט איהר עסען?

— מיט די גוסארען.

מיר האָט זיך געוואָלט זאָגען:

— ברייננט מיט אייער קעכין! — בלויז אום צו זעהן, וואָס פאר א פנים מארכאם וועט מאַכען, אָבער איך האָב נישט געוואגט.

איך האָב אָנגעהויבען פון דאָס ניי:

— האָט איהר ניט אימיצען פון אייער געמיינדע, איינעם אָדער איינע, וועמען מיר וואָלטען אויך געקענט איינלאַדען?

ער האָט א ווייַלע געטראַכט, געזוכט אין די געדאנקען און געענטפערט:

— ניין, קיינעם נישט.

אָבער איך האָב געפרעגט פון דאָס ניי:

— קיין איין מענש? אַך, הערר פריסטער, זוכט אָקאָרשט גוט אויס. עס וואָלט געווען זעהר אנגענעהם, ווען מיר וואָלטען געהאַט א פּאָר דאמען מיט אונז, עס פערשטעהט זיך פערהייראַטע, עס מאַכט נישט אויס ווער עס איז, דעם בעקער מיט זיין פרוי, דעם קאנדיטער, דעם זייגער־מאַכער, דעם אפּטהעקער מיט דער אפּטהע־קערשע. מיר האָבען גוטען עסען, וויין, און מיר וואָלטען זיך גע־שעצט זעהר גליקליך, ווען מיר זאָלען קענען איבערלאָזען א גוטען אנדענקען ביי די היגע מענשען.

דער פריסטער האָט לאַנג נאָכגעטראַכט. דאַן האָט ער ארויס־געזעדט מיט זיכערקייט:

— ניין, קיין איין מענש.

— איך האָב גענומען לאַכען:

— אָבער, הערר פריסטער, דאָס וואָלט דאָך געווען זעהר נא־ריש, ווען מיר זאָלען ניט קענען קריגען קיין קעניגין. עס איז דאָך

דער טאָג פון די דריי קעניגע און דעם בעבעל האָבען מיר שוין אין דער גאנז אריינגעטהאָן, כדי אז אימיצער זאָל עס געפינען. טהוט אקאָרשט גוט א זוך. איז דען דער דאָרף־פאָרשטעהער ניט פער־הייראט אָדער אפשר זיין שטעל־פערטרעטער? אָדער וועלכער ניט איז געמיינדעראט, וועלכער איז פערהייראט, פיליייכט האָט דער לעהרער א פרוי?

— ניין, אלע דאמען זיינען אוועק פון דאָרף.

— וואס, אין דער גאנצער געגענד איז נישטא איין עהרליכע פרוי מיט איהר מאן, וועמען מיר זאלען קענען פערשאפען דאס פערגעניגען איינלאדענדיג זיי צו אונז אויף סאפער? און איך פערזיכער אייך, אז זיי וועלען האבען גרויס פערגעניגען.

אָבער פלוצים האָט זיך דער פריסטער צולאכט אזוי שטארק, אז ער האט זיך ממש געקייקעלט פאר געלעכטער און האט אויס־גערופען:

— אך,איצט האב איך עס! יעזוס מאריא, איצט האב איך געפונען, וואס איהר זוכט. קינדער, מיר וועלען אבער לאכען! עס וועט זיין א זעלטענער שפאס און זיי וועלען זיך אויך פרעהען! אך, וועלען זיי זיך פרעהען! וואו וואָהנט איהר?

איך האָב איהם אויסגעמאָהלען די הויז און ער האָט גלייך דערקענט:

— זעהר שעהן, דאס איז דאס הויז פון הערר בערטין־לאווי־אלעע. אין א האלבע שעה ארום קום איך מיט פיער דאמען. האָט עס אין זינען: פיער דאמען.

ער איז אוועק מיט מיר אין איין צייט, האט נאך אלץ געלאכט און ווען מיר האבען זיך געזעגענט, האט ער מיר פערזיכערט „אין א האלב שעה ארום בין איך ביי אייך“.

איך האָב זיך שנעל אומגעקעהרט אהיים, זעהר פערוואונדערט און שטארק נייגעריג.

ווען מארכאס האט מיר דערזעהן, האט ער געפרעגט:

— פאר וויפיעל פערזאנען זאל מען סערווירען דעם טיש?

— פאַר עלף. מיר זיינען זעקס הוסאַרען, דאַן דער פּריסטער און פיער דאַמען.

ער האָט אויסגעגלאַנצט אויף מיר אַ פּאָאַר גרויסע אויגען. און איך האָב אויף איהם געקוקט מיט נצחון.

ער האָט געפרעגט נאָך אַ מאָל:

— וואָס, פיער דאַמען? פיער דאַמען זאָגסטו?

— איך זאָג פיער דאַמען.

— אמת'ע פרויען?

— אמת'ע פרויען.

— צום טייפעל, דו פערדיענסט דעם גרעסטען רעספּעקט!

— יאָ, איך מיין אויך אַזוי.

ער איז אויפגעשטאַנען פון זיין שטוהל, געעפענט די טיהר און איך האָב דערזעהן אַ לאַנגען טיש, וועלכער איז געווען צוגע־דעקט מיט אַ שעהנעם ווייסען טישטוך. דריי הוזאַרען אין בלויע שירצען האָבען אַרויסגעשטעלט טעלער און גלעזער.

— מיר וועלען דאָ האָבען פרויענצימער! — האָט אויס־גערופען מאַרכאַס און די דריי מענער האָבען אַ שפּרונג געטהאַן אין צימער און אויסגערופען מיט אַ הויך קול:

— בראַוואָ! בראַוואָ! בראַוואָ!

אַלעס איז געווען גרייט. מיר האָבען געוואַרט און געוואַרט, כמעט אַ גאַנצע שעה. אַ וואונדערבאַרער גערוך פון געבראַטענע עופות האָט זיך געטראַגען איבער'ן גאַנצען הויז.

דאַ האָט אימיצער אַנגעקלאַפּט אין לאַדען פון פענסטער און מיר זיינען אַלע מיט איין מאָל אויפגעשפּרונגען. דער דיקער פאַנ־דאַרעל איז אַרויסגעלאָפען עפענען. און אין אַ מינוט אַרום איז אַ קליינע פרומע שוועסטער אין טהיר אַריין. זי איז געווען מאָגער, צורונצעלט, זעהר שעמעוודיג און האָט זיך פערנייגט אין אַלע זייטען פאַר די פיער פערוואונדערטע הוזאַרען, וועלכע האָבען זי גע־זעהן אַריינקומענדיג. הינטער איהר האָט זיך געהערט דאָס קלאַ־פּען פון אַ שטעקען אין דעם פאָל פון פיהר־הויז. און אַזוי שנעל ווי

די שוועסטער איז אין צימער אריין, האָב איך דערזעהן הינטער איהר איינע נאָך דער אנדערער, דריי אלטע ווייבער אין ווייסע הייבלאַך, וועלכע זיינען, שאָקלענדיג זיך, געגאַנגען אהער. און איצט האָבען מיר דערזעהן פאר זיך דריי אויסגעטריקענטע אלטיטשקע, וועלכע האָבען קוים געשלעפט זייערע פיס. איינגעשרומפּען און שוואך פון אלטקייט און קראנקהייטען, זיינען זיי דאך געווען די איינציגע דריי פּאציענטען פון דאָרפישען שפּיטאָל, וועלכע זיינען געווען אימ־שטאנד זיך אוועקצושלעפּען.

די שוועסטער האָט זיך אומגעדרעהט צו איהרע דריי אינוואלי־דען פול מיט זאָרג וועגען זיי. ווען זי האָט דערזעהן מיינע עפּאָ־לעטען, האָט זי געזאָגט:

— הערר אָפיצער, איך דאנק אייך פיעל מאָל וואָס איהר האָט זיך דערמאָנט אָן די אלטע פרויען. זיי האָבען זעהר ווייניג גליק אין זייער לעבען און איהר פערשאפט זיי דערמיט גרויס פרייד און גרויס כבוד צו גלייך.

איצט ערשט האָב איך בעמערקט דעם פּריסטער, וועלכער איז געשטאַנען אין דער דונקעלהייט פון קאָרידאָר און האָט הערצליך געלאכט. איך האָב אויך גענומען לאכען און האָב אַ קוק געטהאָן אויף מארכאס'ן, וואָס פאר אַ פּנים ער וועט מאכען. דאן האָב איך זיך אַ קעהר געטהאָן צו דער פרומער שוועסטער און אָנגעווי־זען אויף אַ פּאָר שטוהלען:

— זיצט, איך בעט אייך, ליעבע שוועסטער. מיר זיינען זעהר שטאָלץ און פרעהען זיך זעהר, וואָס איהר האָט אונזער איינ־לאדונג אָנגענומען.

זי האָט גענומען דריי שטוהלען, וועלכע זיינען געשטאַנען נע־בען וואנד און זיי צוגערוקט איינס נעבען אנדער'ן צום פענסטער, האָט צוגעפיהרט אלע דריי אלטע ווייבער אהין און זיי געהייסען זיך זעצען. זי האָט ביי זיי צוגענומען זייערע שטעקענס, ארונטער־גענומען פון זיי די פאטשיילעס און עס אוועקגעלייגט אין אַ ווינקעל,

דאַן האָט זי אָנגעוויזען אויף דער ערשטער, אַ מאָגערע פרוי מיט אַ גרויסען לייב, וועלכע האָט הפנים געהאַט די וואַסערזוכט.

— דאָס איז די אַלטע פּאָומעללע, וועמעס מאַן איז אַרונטערגעפאַלען פון אַ דאַך; איהר זוהן איז פערבליבען אין אַפריקאַ. זי איז צוויי און זעכציג יאָהר אַלט.

דאַן האָט זי אָנגעוויזען אויף דער צווייטער, אַ הויכע אַלטע, וועמעס קאָפּ האָט זיך נאָכאַנאַנד געשאָקעלט:

— אָט איז די אַלטע זשאַן־זשאַן. זי איז זיעבען און זעכציג יאָהר אַלט. זי איז כמעט אין גאַנצען בלינד, ווייל אין אַ פייער איז ביי איהר פערברענט געוואָרען דער גאַנצער פּנים און כמעט אַ העלפט פון דער רעכטער פוס.

צום סוף האָט זי אונז אָנגעוויזען די דריטע, אַ מין סאָרט קאַרליק, מיט אויסגעשטאַרטשעטע, רונדע, אידיאָטישע אויגען, וועלכע זיינען אַרומגעלאָפען אין אַלע זייטען:

— דאָס איז די פּוטאַיס. זי איז משוגע אָבער זי טשעפּעט קיינעם ניט. זי איז ערשט פיער און פערציג יאָהר אַלט.

איך האָב בעגריסט די דריי פרויען, ווי מען וואָלט מיך פאָרגעשטעלט פאַר פּרינצעסינס און זיך דאַן אומגעקעהרט צום פּריסטער און געזאָגט:

— הערר פּריסטער, מיר זיינען אייך זעהר דאַנקבאַר פאַר אונזערע געסט.

אַלע האָבען זיך צולאַכט, נור מאַרבאַס ניט. ער האָט געשיינט צו זיין שטאַרק אויפגערעגט:

— דער טיש איז געגרייט, שוועסטער! — האָט פּלוצים אויסגערופען קאַרל מאַסאַליני.

איך האָב איהר געלאָזט געהן פאָראויס מיט דעם פּריסטער, דאַן האָב איך גענומען די אַלטע פּאָומעללע אונטער'ן אָרעם, איהר געהאָלפען זיך אויפהויבען און זי אוועקגעשלעפּט מיט גרויס מיה אין צווייטען צימער; איהר גרויסער לייב האָט געשיינט צו זיין שווער ווי בליי.

דער דיקער פאַנדרעל האָט געכאַפּט די אַלטע זשאַן־זשאַן, וועלכע האָט געשריען נאָך איהע קוליעס, און דער קליינער יאָזעף הערבאַן האָט געשלעפּט די אידיאָטקע אין עס־צימער, וואו דאָס געקאָכטע פליישׁ האָט געשמעקט אין דער לופט.

אַזוי ווי מיר זיינען צוגעקומען צו אונזערע טעלער, האָט די פרומע שוועסטער דריי מאָל א פּאַטש געטהאָן מיט די הענד און די אַלטע ווייבער האָבען זיך שנעל איבערגעצלמ'ט. זיי האָבען עס געטהאָן ווי סאָלדאַטען אויף קאָמאַנדע. דאַן האָט דער פּריסטער לאַנגזאַם און שטיל געזאָגט אויף לאַטייניש דאָס געבעט פאַר'ן עסען.

מיר האָבען זיך געזעצט און מאַרכאַס האָט דערלאַנגט ביידע הינער. ער האָט בעסער געוואָלט אונז דערלאַנגען די געריכטע איידער אליין צו זיצען ביי דעם דאָזיגען לעכערליכען מאָהלצייט.

אָבער איך האָב אויסגערופען:

— שנעל דעם סעקט אהער!

די פּראָבקעס זיינען אַרויסגעשפּרונגען ווי דורכגעשאָסענע, און ניט קוקענדיג אויף דער געגענוואַרט פון'ם פּריסטער און דער שוועסטער, האָבען די דריי הוזאַרען אַריינגעגאָסען מיט געוואַלד דריי פולע גלעזער די אַלטע ווייבער אין האַלז אַריין.

מאַסאַליני, וועלכער האָט געהאַט די פעהיגקייט אומעדום און מיט יעדערען זיך צו פיהלען היימיש און גלייך ווערען גוט בעקאַנט, האָט אויף דעם קאָמישסטען אופן געפלירטעט מיט דער אַלטער פאַר־מעללאַ.

די וואַסערזוכט־קראַנקע, וועלכע האָט טראָץ איהר אונגליק איינגעהאַלטען איהר פרעהליכקייט, האָט איהם געענטפערט אין טאָן און אַזוי געלאַכט פון זיינע שפּאַסען, אַז זי האָט זיך געוואָרפען און געדרעהט און עס האָט זיך געדאַכט, אַז איהר דיקער לייב ווערט צושפּרונגען. דער קליינער הערבאַן האָט זיך געמאַטערט אָנצו־שיכור'ען די אידיאָטקע און דער באַראָן פון עטראַללים, וועלכער איז

געוועזן אביסעל ערנסטער, האָט אויסגעפרעגט די אַלטע זשאַן־זשאַן וועגן דעם לעבען אין שפּיטאָל.

די פרומע שוועסטער האָט זיך אַ צושראָקענע געווענדעט צו מאַסאַליני:

— אך, מיין גאָט, איהר וועט זי נאָך קראַנק מאַכען. לאָזט איהר ניט אַזוי פיעל לאַכען. איך בעט אייך, מיין הערר, איך בעט אייך זעהר.

דאַן איז זי אויפגעשטאַנען און זיך אַ וואָרף געטהאָן צו הערר־באַן'ען, אום ביי איהם אַרויסצורייסען די פולע גלאָז, וועלכע ער האָט געוואָלט אריינגיסען זיין דאַמע אין האַלז אַריין.

דער פּריסטער אָבער האָט זיך געקייקעלט פאר געלעכטער און געזאָגט צו דער שוועסטער:

— לאָזט זיי צופריעדען! איין איינציג מאָל וועט זיי דאָך ניט שאַדען. לאָזט זיי אָב!

נאָך די ביידע היהנער האָט מען געגעסען די ענטעל, וואו ביי דער זייט זיינען נאָך געלעגען דריי טויבען. דאַן איז געקומען דאָס לעצטע געריכט, די שמעקעדיגע, ברוינע גאַנז און פערשפּרייט איבער'ן גאַנצען הויז אַן אַנגענעהמען גערוך פון בראָטען.

די אַלטע פּאומעללע איז געוואָרען אויפגערעגט און גענומען פּאַטשען מיט די הענד. די אַלטע זשאַן־זשאַן האָט שוין מעהר ניט געענטפערט אויף די פראַגען פון דעם באַראָן און די פּוטאים האָט געקוואָלען פאר שמחה ווי אַ קליין קינד, ווען מען גיט צוקערקעס.

— מיינע הערען, ערלויבט מיר צו סאַרווערן די גאַנז! — האָט געזאָגט דער פּריסטער. איך פערשטעה זיך אויף אַזעלכע זאַ־כען!

— געוויס, הערר פּריסטער!

און די שוועסטער האָט זיך אָבגערופען:

— איך בעט אייך, עפענט אויף אביסעל אַ פענסטער. עס איז צו וואַרים דאָ אין שטוב. איך האָב מורא, זיי זאָלען נישט קראַנק ווערען.

איך האָב זיך געווענדעט צו מארכאס:

— עפען אויף דאָס פענסטער אויף א ווייל׳ע.

ער האָט געעפענט און די קאַלטע לופט פון דרויסען האָט זיך אריינגעריסען אין צימער אריין אזוי, אז די ליכט האָבען גענומען פלאקערן און זיך לעשען. דער פריסטער האָט זיך פערבונדען די סערוועטקע און זיך גענומען צו צושניידען די גאנז.

מיר האָבען שווייגענדיג צוגעקוקט, ווייל אונז האָט אינטערעסירט ווי אזוי ער וועט עס מאכען. די פעטע, פערברוינטע, שמעקעדיגע גאנז, וועלכע איז געלעגען אויף א שיסעל אין א געשמאקען סאָוס, האָט ביי אונז אויף דאָס ניי דעם אפעטיט אויפגעוועקט.

דאן האָט פלוצים דורך׳ן אָפענעם פענסטער זיך דערהערט א שאָס, וועלכער האָט איבערגעריסען אונזער שטילקייט.

איך בין אויפגעשפרונגען אזוי שנעל, אז מיין שטוהל איז געפאלען צו דר׳ערד און האָב אויסגערופען:

— אויף די פערד! מארכאס, נעהם גלייך מיט צוויי מאן און זעה וואָס דאָרט איז געשעהן, אין פינף מינוט מוזטו זיין צוריק.

און בעת די דריי רייטער האָבען זיך אין גאלאָפּ געטראָגען אין דער נאכט אריין, בין איך מיט מיינעביידע איבערגעבליבענע הורזארען געזעסען אויף די שטיינערנע טרעפּ פון דער ווילל׳א, און דער פריסטער, די שוועסטער און די דריי אלטע ווייבער האָבען צושראָקען פון די פענסטער ארויסגעקוקט.

איצט האָט מען מעהר גאָרנישט געהערט. פון וויטען נור האָט זיך דערטראָגען דאָס בילל׳ען פון א הונד. דער רעגען האָט אויפגעהערט. עס איז געווען קאַלט, ביטער קאַלט. און באלד האָב איך ווידער געקענט אונטערשיידען דאָס קלאפּען פון קאפּיטעס פון א גאלאָפּירענדען פערד.

דאָס איז געווען מארכאס. איך האָב אויסגערופען צו איהם:

— נו?

ער האָט געענטפערט:

— עס איז גאָרנישט. פראנץ האָט געשאָסען אויף אן אלטען

פויער, וועלכער האָט אויף דער פראגע „ווער איז דאָ?“ ניט גע־ענטפערט און טראָץ זיין בעפעהל צוגעקומען אלץ נעהנטער. זיי וועלען איהם גלייך ברייננגען. מיר מוזען זעהן, וואָס מיט איהם טהוט זיך.

איך האָב געהייסען ברייננגען די פערד צוריק אין שטאהל אריין און אוועקגעשיקט מיינעביידע הוזארען אנטקעגען די אנדערע.

דאן האָבען דער פריסטער, מארכאס און איך געבראכט אין סאלאָן אריין א מאטראץ, וואו דעם פערוואונדעטען אוועק צולייגען. די שוועסטער האָט צוריסען א סערוועט אויף באנדאזשען, בעת די דריי אלטע ווייבער זיינען געבליבען זיצען אין ווינקעל צושראָקענע.

באלד האָב איך דערהערט דאָס קלינגען פון שווערדען אויף דער גאס. איך האָב גענומען א ליכט, אום צו לייכטען די אָנקור־מענדיגע. און די הוזארען האָבען זיך בעוויזען און געטראָגען יענעם רעגונגסלאָזען, שלאָפען, אויסגעצויגענעם, טרויעריגען גע־גענשטאַנד, וואָס ווערט פון דעם מענשליכען קערפּער, ווען קיין לעבען איז אין איהם שוין מעהר נישטאָ.

מען האָט ארויפגעלייגט דעם פערוואונדעטען אויפ'ן מאטראץ און אויף דעם ערשטען בליק האָב איך דערזעהן, אז דאָס איז געווען א גוסס'ער.

ער האָט געכאָרכעלט, געשפּיגען מיט בלוט, וואָס איז איהם גע־לאָפען פון די ווינקלאך פון מויל און ביי יעדען אָטהעם־צוג האָט עס איהם פון מויל ארויסגעשאָסען. דער מאן איז געווען אין גאנצען בעדעקט מיט בלוט. די באקען, די באָרד, די האָהר, דער האלז, די קליידער, אלעס האָט אויסגעזעהן, ווי ער וואָלט נור וואָס פון א בלוט־באָד ארויס. און דאָס בלוט, מיט בלאָטע אויסגעמישט, איז פון איהם ארונטערגערונען. עס איז געווען מורא'דיג אויף איהם א קוק צו טהאָן.

דער גרייז איז געווען איינגעוויקעלט אין א לאנגען מאנטעל פון א פאסטוך. פון צייט צו צייט האָט ער געעפענט די שטארע, פער־

לאַשענע אויגען אין וועלכע עס איז ניט געווען קיין שום אויסדרוק, אויסער אַן אימה'דיגע מורא. מיט אזעלכע אויגען קוקט די חיה אויף דעם יעגער, וואָס האָט זי געטויטעט, בעת עס ליגט איהם צו די פיס, שוין דריי פיערטעל טויט, אין גאנצען געלעהמט פאר מורא און שרעק.

דער פריסטער האָט אויסגערופען:

— אך, דאָס איז דאָך דער אלטער פלאסידע, דער אלטער פאסטוך פון די מיהלען! ער איז טויב, דער אָרימער יונג, און האָט גאָרנישט געהערט. מיין גאָט, מיין גאָט, איהר האָט דעם אונגליק־ליכען דערשאָסען אויף טויט!

די שוועסטער האָט איהם געעפענט דעם ראָק און די העמד און בעטראכט אַ קליינע, בלוטיגע לאָך אין מיטען ברוסט, וועלכע האָט שוין מעהר ניט געבלוטעט.

— דאָ איז שוין מעהר גאָרנישט צו מאַכען — האָט זי געזאָגט.

דער פאסטוך האָט מורא'דיג געקרעכצט, האָט אויסגעשפּיגען מיט זיינע לעצטע אָטהעם־ציגע דאָס בלוט און אין זיין האלז, ביז טיעף אין די לונגען אריין, האָט מען געהערט אַ שטענדיגען כאָרכלען.

דער פריסטער איז געשטאַנען אריבערגעבייגט איבער איהם, האָט איהם געצלם'ט און מיט אַ לאַנגזאַמער פייערליכער שטימע געזאָגט די לאטיינישע ווערטער פון ווידוי.

איידער נאָך ער האָט געענדיגט, האָט דעם גרייז אַ שוידער גע־טהאָן, ווי עפּעס אינוויינינג אין איהם וואָלט צובראָכען געוואָרען. ער האָט מעהר ניט געאָטהעמט, ער איז געווען טויט.

איך האָב זיך אומגעדרעהט און דערזעהן אַ בילד, וואָס איז נאָך מורא'דיגער געווען, ווי דאָס שטארבען פון דעם אונגליקליכען: די דריי אלטע ווייבער זיינען געשטאַנען אָנגעשפּארט איינע אנטקע־גען דער אנדערער מיט צוקרימטע פּנים'ער און אויסגעקאָטשעטע אויגען און האָבען געמאַכט עפּעס אזעלכע משונה'דיגע אָוואיעס.

איך בין צוגעגאנגען צו זיי און דאָ האָבען זיי פּלוצים אָנגע־הויבען צו שרייען מיט בענומענע קולות און געזוכט צו אנטלויפען, ווי איך וואָלט אויך זיי וועלען טויטען.

די אלטע זשאן־זשאן, וועמעס פערברענטע פיס האָבען זי מעהר נישט געקענט טראָגען, איז געפאלען צו דר׳ערד אין איהר גאנצער לייננ.

די פרומע שוועסטער האָט איבערגעלאָזט דעם טויטען און זיך אַ וואָרף געטהאָן צו איהרע קראנקע אינוואלידען. ניט זאָגענדיג מיר אַ וואָרט, ניט אַ קוק טהאָענדיג אויף מיר אפילו, האָט זי אויף זיי ווידער ארויפגעוואָרפען זייערע פאטשיילעס, געגעבען זיי די שטעקענס און קוליעס אין די הענד אריין, זיי ארויסגעשטופּט פון טהיר און איז פערשוואונדען מיט זיי אין דער שווייגענדיגער, פינ־סטערער נאַכט.

איך האָב איינגעזעהן, אז איך האָב אפילו ניט געקענט שיקען אַ הוזאר זיי צו בעגלייטען, ווארים דער גערויש פון׳ם שווערד וואָלט זיי אין גאנצען משוגע געמאכט.

דער פּריסטער האָט נאָך אַלץ אָנגעקוקט דעם טויטען.

דאן האָט ער זיך אומגעקעהרט צו מיר און געזאָגט:

— דאָס איז ניט שעהן, פעו!...

# דער גנב.



יך זאג דאך אייך אבער, אז איהר וועט עס ניט גלוי־בען...

— עס מאכט נישט אוים, דערצעהלט.

—פון מיינטוועגען. אבער איך מוז אייך פערזיכע־רען, אז מיין געשיכטע איז א'ן אמת'ע, הגם זי וועט אייך פארקומען זעהר אונגלויבליך. די מאהלער וועלען זיך גאר ניט וואונדערען, איבערהויפט די עלטערע וועלכע געדענקען נאך די צייט, ווען די אונגלויבליכסטע געשיכטען האבען פאסירט, און עס האט געהערשט א שטימונג פאר שפיצלאך און לצנות, אפילו דאן, ווען מען האט די ערנסטע ארבייט געטהאן.

און דער אלטער קינסטלער האט זיך אוועקגעזעצט רייטענדיג אויף א שטוהל. זיי האבען זיך געפונען אין דעם עסצימער פון א האטעל אין בארביצאן. ער האט אנגעהויבען:

— אין יענעם אבענד האבען מיר געגעסען ביי דעם ארימען סאריעל. היינט איז ער טויט. ער איז געווען מעהר משוגע פון אונז אלעמען. מיר זיינען בלויז געווען זאלבע דריט: סאריעל, איך און לע פאיטעווין, גלויב איך, אבער איך קען ניט זאגען אויף געוויס, אז דאס איז ער געווען. איבריגענס מיין איך דעם מארינע נאלער יודזשין לע פאיטעווין, וועלכער איז שוין אויך גע־שטארבען — ניט דעם טאלאנטפאלען לאנדשאפט מאלער, וועלכער לעבט נאך היינט.

ווען איך זאג, אז מיר האבען ביי סאריעל געגעסען, מיינט עס אז מיר זיינען אלע געווען גוט אנגעסנאסקעט און גאנץ פרעה־ליך. נור לע פאיטעווין איז נאך געווען אביסעל ביים פערשטאנד, פרעהליך אויפגעלעגט, אבער דאך נאך גאנץ קלאהר. יונג זיינען מיר דאן געווען, יונג! מיר זיינען געווען געלעגען אויסגעצויגען אין אונזער גאנצער לענג אויפ'ן קאוויאר אין דעם קליינעם צימער נעבען דעם אטעליר און האבען געזופט דעם ביטערען טראפען. סאריעל האט ארויפגעלייגט זיינע פיס אויף א שטוהל און האט געהאלטען לאנגע רעדעס איבער מלחמות און איבער די יוניפארמען פון דעם קייזער רייך. דערביי איז ער פלוצים אויפגעשפרונגען, האט פון זיין גרויסען קליידער שאפע ארויסגענומען א הוזארען יוניפארם און עס אנגעטהאן. דאן איז ער צוגעשטאנען צו לע פאיטע־ווען, ער זאל זיך פערקליידען פאר א גרענאדיער. יענער האט ניט געוואלט, אבער מיר האבען איהם אנגענומען פאר'ן קראגען, איהם אויסגעטהאן און איהם אריינגעווארפען אין א ריעזיגער יוניפארם, אין וועלכער ער איז אינגאנצען פארלארען געווארען.

איך אליין האב זיך פערשטעלט פאר א קיראסיר, און סאריעל האט מיט אונז גענומען מאכען גאנץ שווערע מאנעווערס. דאן האט ער אויסגערופען:

— קינדער, אזוי ווי מיר זיינען היינט וואיענע, לאמיר אויך טרינקען ווי וואיענע!

מען האט צו רעכט געמאכט א הויסען פונש, איהם אויסגעטרונ־קען און א צווייטען מאל געמאכט. דערצו האבען מיר געזונגען אויף דער העכסטער אקטאווע אלטע לידער, וועלכע אלטע סאל־דאטען פון דער גרויסער ארמעע האבען אמאל געזונגען.

פלוצים האט לע פאיטעווין, וועלכער איז נאך אלץ געווען ביים זינען, אונז געהייסען שווייגען, אייניגע סעקונדען איז אלעס געווען שטיל, דאן האט ער געזאגט מיט א שטיל קול:

— אימעצער איז נאר וואס דורכגעגאנגען דעם אטעליער!

סאריעל האט זיך קוים אויפגעהויבען אויף די פיס און אויס־געשריען:

— א גנב! אוי וועלען מיר זיך באלד צו איהם א נעהם טהאן!

דא האט ער גענומען זינגען די מארסיליעזע:

„צו די וואפען, בירגער!“

ער האט זיך א ווארף געטהאן צום סטענדער מיט די וואפען און אונז אלעמען בעטהיילט נאך אונזערע יוניפארמען נאך: איך האב געקראגען אזא מין מוסקעט מיט א שווערד, לע פאיטעווין א גרויסען געוועהר מיט א באיאנעט. סאריעל האט ניט געקענט געפינען אזוי גיך עטוואס פאסענדעס, און ער האט זיך אריינגע־שטעקט אין גארטעל א פיסטאלעט און אין האנד א האק. דאן האט ער פארזיכטיג געעפענט די טהיר פון אטעליער און די ארמעע איז אריינגעטראטען אויף דעם קריעגספלאץ.

ווען מיר האבען זיך געפונען אין מיטען פון׳ם גרויסען צימער, וועלכער איז געווען פול מיט ריעזיגע בילדער, מעבעל און אלערליי וואונדערליכע זאכען, האט סאריעל צו אונז געזאגט:

—איך ערקלעהר זיך אצינד אלס גענעראל. לאמיר אבהאלטען א קריעגס־ראטה. דו, דער קוראריר רעגימענט, פערשפארסט דעם שונא דעם וועג צוריק. דאס הייסט, דו פערשליסט די טהיר. דו, אלא גרענאדיער, בעגלייטעסט מיך.

איך האב אויסגעפיהרט דעם בעפעהל, דאן האב איך געפאלגט נאך די טרופען, וועלכע האבען אונטערנומען א הויז־זוכונג.

ווען איך האב זיי אנגעיאגט, האט זיך הינטער א גרויסען פאראוואן דערהערט א שרעקליכען געשריי. איך האב זיך א ווארף געטהאן אהין מיט א ליכט אין האנד. לע פאיטעווין האט מיט זיין באיאנעט דורכגעלעכערט די ברוסט פון א גיפסענער פיגור און סאריעל האט מיט איין זעץ איהר מיט א האק דעם קאפ ארונטערגענומען. מיר האבען באלד איינגעזעהן אונזער טעות און דער גע־נעראל האט בעפוילען:

— קינדער — פארזיכטיג!

און מיר האבען זיך ווידער אוועקגעלאזען זוכען.

צוואנציג מינוט נאכאנאנד האבען מיר אויסגעקערט יעדער ווינקעל פון אטעליער אהן שום ערפאלג דאן איז לע פאיטעווין איינגעפאלען צו עפענען א גרויסע, דונקעלע שאפע, וועלכע איז געווען איינגעמויערט טיעף אין וואנד. איך האב איהם צוגעלויכטען מיט'ן ליכט און מיר האבען אהין אריינגעקוקט. פלוצים האב איך צורשראקען אבגעשפרונגען צוריק: א מאן איז דארט געווען אינוויינינג, א לעבעדיגער מאן, וועלכער האט מיך אנגעקוקט.

גלייך האב איך די שאפע צוגעמאכט און צוויי מאל דעם שליסעל ארומגעדרעהט, און מיר האבען ווידער גענומען אבהאלטען א קריעגסראט.

מיר האבען געהאט פערשיעדענע מיינונגען. סאריעל האט דעם גנב געוואלט אויסרויכערען, לע פאיטעווין אויסהונגערען און איך בין געווען דערפאר, אז מען זאל די שאפע מיט פולווער אויפרייסען.

לע פאיטעווין'ס פארשלאג איז דורכגעגאנגען און בעת ער האט מיט זיין גרויסען ביקס פערנומען זיין פאסטען האבען מיר געבראכט דאס רעשט פון פונש און אונזערע טרובקעס. דאן האבען מיר זיך אוועקגעשטעלט פאר דער פערשלאסענער טהיר און געטרונקען פאר דעם געזונד פון דעם געפאנגענעם.

אין א האלבע שעה ארום האט סאריעל זיך אבגערופען:

— הערט חברה, איך וואלט וועלען זעהן דעם יונג פון נאהענטען, טאמער וואלטען מיר איהם מיט געוואלט אויפגעהויבען.

איך האב אויסגערופען:

— בראווא!

מיר האבען זיך א נעהם געטהאן צו די וואפען. די טהיר פון שאפע איז געעפענט געווארען, סאריעל האט אויסגעשטעלט זיין פיסטאלעט, וועלכער איז ניט געווען געלאדען, און האט זיך אווארף געטהאן אין פאראויס.

מיר נאָך איהם מיט א קוויטשעריי, און נאָך א מורא'דיגען קאמפף אין דער פינסטער, נאָך סטוסאקעס און קולאקעס, וועלכע האבען געדויערט גאנצע פינף מינוטען, האבען מיר פון שאפע ארויס־געשלעפט אַן ארומגעריסענעם, שמוציגען, אלטען באנדיט מיט ווייסע האאר.

מען האָט איהם געבונדען הענד און פיס און דערנאָך איהם אוועקגעזעצט אויף א פאטעל, ער האט ניט גערעדט א ווארט.

דאן האט סאריעל, א טויט שיכורער, אויסגערופען מיט א פייערליכען טאן:

— נו און איצט ברידער, לאמיר דער לומפ שטעלען פאר'ן געריכט.

איך בין געווען גוט אנגעשנאסקעט און דער דאזיגער פארשלאג איז מיר פארגעקומען גאנץ נאטירליך.

לע פאיטעווין איז ערוועהלט געוואָרען אלס אדוואָקאט, איך האב געשפיעלט די ראלע פון פראקוראר.

מיט אלע שטימען אויסער איין אייניציגע פון זיין אדוואקאט איז ער פעראורטהיילט געווארען צום טויט.

— און איצט וועלען מיר איהם היגריכטען! — האט גע־זאגט סאריעל.

אבער פּלוצים איז איהם איינגעפאלען א געדאנק און ער האט געזאגט:

— דער דאזיגער מענש דא, דארף ניט שטארבען, אהן די לעצטע טרייסט ווערטער פון דער קירכע. ווי וואלט געווען. אשטייגער, מיר זאָלען רופען א גלח?

איך האב זיי אויפמערקזאם געמאכט, אז עס איז שפעט ביי־נאכט. דאן האט מיר סאריעל פארגעשלאגען, איך זאל אויף זיך נעהמען די פריסטער שטעלע און האט געהייסען דעם פערברעכער ער זאָל זיך פאר מיר מתודה זיין.

זייט פינף מינוטען האָט דער מענש געקוקט אויף אונז מיט צושראקענע, אויסגעגלאנצטע אויגען, אין וועלכע עס איז געלעגען

די פראגע, צו וואס פאר א סארט מענשען ער איז אריינגעפאלען. און דאן האט ער אויסגעשטאמעלט מיט א הייזעריגער פארשיכור'־טער שטימע, וועלכע איז געקומען ווי פון א פוסטער פאס:

— איהר מאכט הפנים נור שפאס...

אָבער סאריעל האָט איהם געצוואונגען זיך ארונטערצולאזען אויף די קניע, און מורא האבענדיג טאמער האבען זיינע עלטערן איהם ניט געטויפט, האט ער איהם ארויפגעגאסען א גלאז ראם אויפ'ן קאָפּ.

דאן האט ער צו איהם געזאגט:

— נו און איצט זיי זיך מתודה פאר דעם הערר. דיין לעצטע שטונדע האט געשלאגען.

דער אלטער באנדיט, דערשראקען אויף טויט, האט גענומען שרייען און רופען צו הילף מיט אזעלכע בענומענע קולות, אז מיר האָבען איהם געמוזט פערשטאָפּען דעם מויל, אז ניט וואלטען די שכנים זיך אויפגעכאפּט. איצט האט ער זיך געשליידערט אן דער ערד, אומגעווארפען די מעבעל, צושליידערט די בילדער, זיך געדרעהט און געקרוטשעט און געשלאגען ארום זיך מיט הענד און פיס. צום סוף האט סאריעל אויסגערופען אונגעדולדיג:

—לאמיר מאכען א סוף מיט איהם! — ער האט זיך געצילע־וועט אויף דעם אונגליקליכען דארט אויף דער ערד, האט אבגע־דריקט די הענטעל פון זיין פיסטאָלעט. איך האָב נעפאָלגט זיין ביישפּיעל און האב אויך געוואלט שיסען.

דאָ האָט פּאיטעווין געפרעגט לאנגזאם און מיט ווירדע:

— האבען מיר אויגענטליך א רעכט דיעזען מאן צו טויטען?

סאריעל האט איהם פערוואונדערט אנגעקוקט:

— מיר האבען איהם דאך פעראורטהיילט צום טויט!

— ציווילע מענשען ווערען ניט אויף אזא אופן דערשאָסען. מיר מוזען איהם איבערגעבען אין די הענד פון געריכט. מיר מוזען איהם ברייגגען אין סטיישאן הויז.

ער איז געווען געכעבט און מיר זיינען געווען מיט איהם איינ־פערשטאנען. מיר האבען דעם קערל אויפגעהויבען פון דער ערד און אזוי ווי ער האט נים געקענט געהן, האבען מיר איהם ארויפ־געלעגט אויף א טיש, וואו די ליים ווערט געקנאטען. דארט האבען מיר איהם געבונדען און לע פאיטעווין און איך האבען איהם אוועקגעשלעפט, בעת סאריעל בעוואפענט ביז צו די צייהן, איז געגאנגען נאך אונז.

דער פאליציסט פאר'ן סטיישאן הויז האט אונז אבגעשטעלט, און ארויסגערופען דעם ביינאכטיגען קעפטען. אבער אזוי ווי דער קעפטען האט טעג טעגליך צוגעזעהן אונזערע משוגענע שפיצלאך, אונזערע אונגלויבליכע שטוקעס, האט ער זיך צולאכט און נים גע־וואלט צונעהמען אונזער געפאנגענעם.

סאריעל האט ניט געוואלט אבטרעטען און געפאדערט מען זאל דעם באנדיט צונעהמען, אבער דער קעפטען האט אונז מיט א שטרענגען טאן געהייסען געהן אהיים און ניט מאכען קיין גערודער.

חברה האט זיך ניט געקענט העלפען און געמוזט מארשירען צוריק. באלד זיינען מיר געווען צוריק אין אטעליער. איך האב געפרעגט:

— וואס וועלען מיר איצט טהאן מיט'ן גנב?

לע פאיטעווין איז געווארען ווייך און געזאגט, אז דער קערל מוז נעבעך זיין זעהר מיעד. און ער האט טאקע אויף אן אמת אויס־געזעהן ווי א גוסס'ה, ליגענדיג צוגעבונדען צום טיש א געפענטעטער, מיט א פערשטאפטען מויל און אויסגעגלאנצטע אויגען.

אויך איך האב אויף איהם רחמנות געהאט, איך האב איהם ארויסגענומען די שמאטעס פון מויל און געפרעגט:

— נו, מיין אלטינקער — ווי פיהלט איהר זיך עפעס?

ער האט ארויסגעקרעכצט: — אום גאטעס ווילען, זאל שוין זיין גענוג! — דא איז סאריעל אויך ווייך געווארען, האט ארונטער־גענומען פון איהם די שטריק, געהייסען איהם אוועקזעצען, געערדט

צו איהם דו און אום איהם צו ברייננגען אביסעל צו זיך, האבען מיר זיך ווידער גענומען ברייען א נייעם פונש. דער גנב איז געזעסען רוהיג אויף זיין שטוהל און זיך צוגעקוקט. ווען דער פונש איז פארטיג געווארען האט ער געקראגען א גלאז דערפון — מיר האבען איהם אפילו דעם קאפ צוגעהאלטען — און מיר האבען זיך מיט איהם מיט די גלעזער געקלאפט.

ער האט געגאסען אין זיך פאר א גאנצען רעגימענט, אבער ווען עס איז טאג געווארען, האט ער זיך אויפגעהויבען און געזאגט גאנץ רוהיג:

— ליידער מוז איך אייך פערלאזען, איך מוז געהן אהיים.

דאס האט אונז אלעמען פערדראסען און מיר האבען איהם געזוכט אבצוהאלטען, אבער ער האט זיך אבגעזאגט לענגער צו פערבלייבען.

מיר האבען איהם אלע געדריקט די האנד און סאריעל האט איהם געלויכטען פון די טרעפ אראב און נאכגעשריען:

— פארזיכטיג, ווי איהר געהט פון די טרעפ. אונטען ביים טויער איז דא נאך א טרעפעל.

---

אלע ארום דעם ערצעהלער האבען געלאכט. ער האט זיך אויפגעהויבען, פארויכערט זיין פיפקע און בעת ער האט זיך געמיטליך אוועקגעזעצט צווישען אונז, האט ער צוגעלייגט:

— אבער דאס וואונדערבארסטע אין מיין ערצעהלונג איז דאס וואס זי איז א'ן אמת!

---

# אן אלטער פויער



י ליכטיגע זון האָט געגאָסען איהרע ברענענדיגע שטראהלען איבער די פעלדער און אונטער דעם דאָ־זיגען ווארימען שטראם האָט אלעם אויף דער ערד געבליהט און געוואקסען. אזוי ווייט ווי דאָס אויג האָט געקענט כאַפּען איז אלעם ארום געווען גרין, און דער הימעל איז געווען בלוי ביז צום האָריזאָנט. די נאָר־מאַנישע פארעמס צו־וואָרפען איבער'ן פעלד האָבען פון ווייטען אויסגעזעהן ווי קליינע וועלדלאך, איינגעשלאָסען יעדע בעזונדער אין אַ צירקעל פון דינע ביכען־בוימער. צוקומענדיג נעהנטער האָט זיך געדאַכט, אז מען זעהט דאָ פאר זיך אַ ריזיגען גאָרטען, ווייל אלע אלטע עפּעל־בוימער זיינען געווען אין פוללער בליהונג. די שווארצע שטאַמען, פון ווינד און וועטער צוקרימט און צוקרוטשעט, געדיכט פערצווייגט, האָבען זיך געצויגען אין רייהען און זייערע שפּיצען, הויך אונטער'ן הימעל, האָבען געבליסטשעט ווייס און ראָ־זאווע. דער זיסער פארפיום פון זייער בליהונג האָט זיך אויסגע־מישט מיט אַ שווערען גערוך פון די אָפענע שטאַהלען און מיט דעם רח פון'ם היהנער שטייג, וואָס איז פול געווען מיט עפּות און קורטשאַטקעלאך. עס איז געווען מיטאָג־צייט. די פאמיליע איז גע־זעסען ביים עסען אין'ם שאָטען פון'ם בארען־בוים, וועלכער איז פערפלאַנצט געווען פאר דער טהיר. ביים טיש זיינען געזעסען דער פאָטער, די מוטער, פיער קינדער, צוויי דיענסט־מיידלאך און די

דריי פארם־ארבייטער. זיי האָבען וויינינ וואָס גערעדט. זייער מאָלצייט איז בעשטאַנען פון סופּ און א קאשע פון צוריבענע קאר־טאָפעל, צונעפראוועט מיט א חזיר שמאלץ.

פון צייט צו צייט איז איינע פון די דיענסט־מיידלאך אויפ־געשטאַנען און איז ארונטער אין קעלער ברייננען א קרוג עפּעל־וויין.

דער מאן, א הויכער יונג פון א יאָהר פיערציג, האָט מיט שטארע אויגען געקוקט אויף א וויין־בוים, וועלכע האָט זיך געוואָר־פען אין די אויגען גאנץ נאָהנט פון הויז. זיינע צווייגען האָבען ווי א שלאנג זיך געדרעהט און געפלאכטען אונטער די לאדענס און איבער דער גאנצער לייננ פון דער וואנט.

ער האָט געזאָגט נאָך א לאנגען שטיל־שווייגען:

— דעם פאָטער'ס וויין־בוים בליהט פריה דאָס יאָהר. אפשר וועט ער ברייננען גוטע פרוכט.

דעם פויער'ס ווייב האָט זיך אויך א קעהר געטהאָן און גע־קוקט אויפ'ן בוים, אָבער זי האָט גאָרניט געזאָגט.

דער דאָזיגער וויין־בוים איז פערפלאנצט געוואָרען פונקט אויף דעם אָרט, וואו דער פאָטער פון דעם פויער איז דערשאָסען געוואָרען.

דאָס איז געשעהן בעת דער מלחמה פון 1870. די פרייסען האָבען פערנומען דאָס גאנצע לאנד, גענעראל פאידהערבע מיט דער ארמעע פון דער נאָרטה איז געווען אן דער שפּיצע.

איצט האָט דער פרייסישער שטאַב געמאַכט זייער קוואַרטיר אין אָט דער דאָזיגער פארם־הויז. דער פויער, פאָטער מילאן, צו וועמען דאָס הויז האָט געהערט, האָט זיי אויפגענומען גאנץ פריינד־ליך און זיי בעהאנדעלט אזוי גוט, ווי ער האָט נור געקענט.

א גאנצען מאָנאַט האָט דער דייטשער אוואנגארד זעהר פאָר־זיכטיג געהיט דאָס שטעדטעל. די פראנצויזען זיינען געווען אויס־געשטעלט צעהן מייל אוועק און האָבען זיך ניט גערירט פון אָרט,

און דאָך זיינען יעדע נאכט עטליכע פון די אולאנער פערפאלען געוואָרען.

אלע אָבגעזונדערטע שפּיאָנען, וועלכע זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען עפּעס אויסצוגעפינען, ווען זיי האָבען זיך אוועקגעלאָזען אליין, אָדער אין גרופּען פון צוויי־דריי פּערזאָן, זיינען קיינמאָל ניט צוריקגעקומען.

מען האָט זיי אויף מאָרגען געפונען טויטע אויף א פעלד, אין א גראָבען, ניט ווייט פון א פערמע. זייערע פערד אפילו זיינען געפונען געוואָרען ליגענדיג איבער די וועגען מיט איבערגעשניטענע העלזער. די דאָזיגע אלע מאָרדען זיינען, ווי עס האָט אויסגעזעהן, בעגאנגען געוואָרען פון דיזעלבע מענשען, אָבער מען האָט זיי בשום אופן ניט געקענט אויסגעפינען.

די גאנצע ארומיגע געגענד איז געווען אין טויט שרעק. פּויערים זיינען דערשאָסען געוואָרען אויף דעם קלענסטען פערדאכט. פרויען האָט מען ארייגעוואָרפען אין געפענגניס און אפילו קינדער האָט מען געמאַטערט און אָנגעשראָקען, טאָמער וועט מען פון זיי עפּעס דערגעהן.

אָבער איין פריהמאָרגען האָט מען געפונען פּאָטער מילאָן ליגענדיג אויסגעצויגען אין זיין שטאהל מיט א שניט איבער'ן גאנצען פּנים.

צוויי אולאנער זיינען געלעגען דער'הרג'עטע, דריי קילאָמעטער ווייט פון דער פערמע. איינער פון זיי האָט נאָך אלץ געהאלטען אין זיין האנד זיין פערבלוטיגט געוועהר. ער האָט קענטיג געקעמפּפט און זיך פערטהיידיגט.

א קריעגס־געריכט איז גלייך צוזאמענגעשטעלט געוואָרען אין דרויסען, פאר דער הויז, און דער אלטער מאן איז געשטעלט געוואָרען פאר דעם דאָזיגען געריכט.

ער איז געווען אכט און זעכציג יאָהר אלט. קליין, דאר, אביסעל איינגעהויקערט, מיט לאנגע הענד, וואָס האָבען אויסגעזעהן ווי די לאַפּעס פון א קרעב. זיינע אָבגעבליאַקירטע, שיטערע און

דינע הערלאָך, ווי דער פּוך אויף אַ יונגער קאַטשקע, האָבען געלאָזט זעהן זיין היילען קאָפּ. אויף זיין ברוינער צוקנייטשטער האַלז האָבען זיך געזעהן די גרויסע אָדערען. אין דער ארומיגער געגענד האָט מען איהם געקענט פאַר אַ קמצן און פאַר אַ מאַן מיט וועל־כען עס איז שווער צו פיהרען געשעפט.

מען האָט איהם אוועקגעשטעלט צווישען פיער סאָלדאַטען פאַר'ן טיש, וועלכען מען האָט צו דעם צוועק פון קיך ארויסגע־טראָגען. פינף אָפיציערען און דער קאָלאָנעל זיינען געזעסען איהם אנטקעגען. דער קאָלאָנעל האָט דער ערשטער גענומען ריידען:

— פּאַטער מילאָן — האָט ער געזאָגט אויף פראַנצויזיש — זייט מיר זיינען געקומען אהער, האָבען מיר וועגען אייך אויסגע־דריקט די בעסטע מיינונג. איהר זייט אימער געווען פריינדליך און זאָגאר גוט צו אונז. אָבער היינט איז אויף אייך געפאַלען אַ שרעקליכער חשד און די זאַך מוז אויפגעקלעהרט ווערען. ווי אַזוי האָט איהר בעקומען די וואונד אויף אייער פּנים?

דער פּויער האָט ניט געענטפערט.

דער קאַפּיטאַן האָט ווייטער גערעדט:

— אייער שווייגען פעראורטהיילט אייך, פּאַטער מילאָן. אָבער איך וויל, אַז איהר זאָלט מיר ענטפערען, איהר פערשטעהט? ווייסט איהר, ווער עס האָט דער'הרג'עט די צוויי אולאַנער, וועלכע זיינען היינט אין דער פריה געפונען געוואָרען נעבען שליאך?

דער אַלטער האָט געענטפערט מיט אַ קלאָהרער שטימע:

— דאָס האָב איך געטהאָן!

דער קאָלאָנעל איז געוואָרען איבערראַשט, אַ ווײַלע איז ער געבליבען שטיל און מיט גרויסע אויגען אָנגעקוקט דעם געפאַנגע־נעם גלייך אין פּנים אריין. פּאַטער מילאָן איז געשטאַנען פאַר איהם מיט זיין געוועהנליכער רוהיגער גלייכגילטיגקייט, מיט דעם פערגליווערטען טעמפּען אויסדרוק אין פּנים און מיט ארונטערגע־לאָזענע אויגען, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיין פּריסטער. און נור דער אופן ווי אַזוי ער האָט לאַנגזאַם זיין סליונע געשלונגען, עפּעס

אזוי ווי אין האַלז וואָלט איהם געשטיקט, האָט ארויסגעוויזען זיין אינערליכע אויפרעגונג.

דעם אַלטען פויער'ס פאַמיליע — זיין זוהן דזשין, זיין שנור און די צוויי קליינע קינדער זיינען געשטאַנען צעהן טריט אוועק, צושראָקען און צוטומעלט.

דער קאָלאָנעל האָט ווייטער גערעדט:

— ווייסט איהר אויך, ווער עס האָט דער'הרג'עט די אַלע שפּיאָנען פון דער ארמעע, וועמען מיר האָבען געפונען טויטע יעדען פריהמאָרגען, אין פערלויף פון אַ גאַנצען מאָנאַט, איבער די פעלדער?

דער אַלטער האָט געענטפערט מיט דער זעלבער ברוטאַלער רוהיגקייט:

— איך האָב דאָס געטהאָן!

— איהר, איהר האָט זיי אַלעמען דער'הרג'עט?

— אַלע... יאָ, איך!

— איהר אַליין?

— איך אַליין.

— זאָגט מיר ווי אַזוי איהר האָט עס געטהאָן?

דאָס מאָל איז דער פויער געוואָרען עטוואָס אונרוהיג, די נויטהיגקייט צו רעדען, צו דערצעהלען אַ לאַנגע מעשה, האָט איהם ניט געשמעקט און ער האָט זיך גענומען פּיהלען אונבעקוועהם.

— וואָס איז דער אונטערשייד ווי איך האָב עס געטהאָן, אבי איך האָב עס געטהאָן.

דער קאָלאָנעל האָט פאָרטגעזעצט:

— איך וואָרן אייך, איהר מוזט מיר אַלעס דערצעהלען. עס וועט זיין גלייכער פאַר אייך, אַז איהר וועט מיר דערצעהלען דעם גאַנצען אמת. אַלזאָ, ווי אַזוי האָט איהר עס געמאַכט?

דער פויער האָט געוואָרפען אַן אונרוהיגען בליק אויף זיין פאַמיליע, וועלכע איז געשטאַנען הינטער איהם און האָט זיך צוגעהערט.

ער האָט אַ ווײַלע געצעגערט, דאַן איז ער פּלוצים געקומען צו אַ בעשלוס און האָט גענומען רעדען ענטשלאָסען און פעסט:

— איך בין אַהיים געקומען איין נאַכט אַזייגער צעהן און אויף מאָרגען זייט איהר אַהער געקומען. איהר און אייערע סאָלדאַטען האָבען מיר גענגעבען פופציג קראַנען פאַר פוטערוואַרג מיט אַ קוה און צוויי שעפּסען. האָב איך אַ טראַכט געטהאַן ביי זיך: אַזוי לאַנג ווי איך קען ביי זיי קריגען עטליכע קראַנען, וועל איך זיי פאַר־קויפען, וואָס זיי דאַרפען. אָבער אין מיין האַרצען האָב איך געהאַט גאַנץ אַנדערע געפילען. און וועגען דעם וועל איך אייך אַצינד דער־צעהלען. איינמאָל האָב איך זיך אָנגעשטויסען אויף אייערן אַ קאַוואַלעריסט, וועלכער איז געשטאַנען און געראויכערט זיין ליולקע נעבען גראַבען הינטער מיין שפּייכלער. איך בין אַוועק, האָב אַראָב־גענומען די קאָסע פון וואַנט און בין געקומען צוריק מיט שטילע טריט פון הינטען, בעת יענער האָט זיך רוהיג געראויכערט, און נאָר־נישט געהערט. איך האָב אַראָבגעהאַקט זיין קאָפּ מיט איין קלאַפּ, ווי אַ פעדער, ער האָט קוים צייט געהאַט אַרויסצולאָזען אַ „אַ־אַ־ף" איהר קענט אַ קוק טהאָן אויפ'ן גרונד פון טייך און איהר וועט איהם דאָרט געפינען אין אַ זאַק פון קוילען מיט אַ גרויסען שטריק אַרומ־געבונדען.

און דאַן איז מיר איינגעפאַלען איין איינפאַל. איך האָב אַראָב־גענומען אַלעס וואָס ער האָט געהאַט אויף זיך פון זיינע שטיוועל ביז צו זיין היטעל און איך האָב זיי בעהאַלטען אין וואַלד הינטער דער פערמע.

דער אַלטער האָט זיך אָבגעשטעלט. די אָפיציערען פאַר־גאַפטע, אַהן לשון, האָבען אַנגעקוקט איינער דעם אַנדערען. דער פאַרהער איז פאַרגעזעצט געוואָרען און אָט וואָס זיי האָבען פון איהם דערגאַנגען:

* * *

ווי נור ער האָט אויסגעפיהרט דעם ערשטען מאָרד, האָט דער פויער געגומען לעבען נור מיט איין געדאנק: „צו דער׳הרג׳ענען די פּרייסען“! ער האָט זיי געהאַסט מיט דעם פערשטיקטען, מורא־דיגען האַס פון אַ דאָרף־מענשען, וועלכער איז געווען האַבזיכטיג און פּאַטריאָטיש אין איין און דערזועלבער צייט. איהם איז איינ־געפאלען אַן איינפאַל, ווי ער האָט געזאָגט, און ער האָט ניט גערוהט ביז וואַנען ער האָט איהם געקענט אויספיהרען. ער האָט אָבגע־וואַרט עטליכע טעג.

אַזוי ווי ער האָט זיך פערהאַלטען מיט דרך ארץ, מיט אַ גע־וויסע אונטערטהעניגקייט און האָט געפאָלגט אַלעם וואָס מען האָט איהם געהייסען, האָט מען איהם ערלויבט צו געהן און קומען ווען ער האָט געוואָלט. ער איז געווען אַ פאַלשטענדיגער פרייער מענש.

ער האָט זיך גענומען צוקוקען און געזעהן ווי יעדען אָבענד בעזוכען עטליכע קאַוואַלעריסטען דאָס הויז, אום איבערצוגעבען וועמען מען דאַרף נויטיגע בעריכטען. און ווען ער האָט זיך דער־וואוסט דעם נאָמען פון דער שטעדטעל, וואוהין זיי זיינען געגאַנגען און נאָכדעם ווי ער האָט זיך פון די סאָלדאַטען אויסגעלערענט די עטליכע דייטשע ווערטער, וואָס זיינען איהם נויטהיג געווען, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט נאָך זיי.

דורכ׳ן הויז פון פאַרם האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט אין וואַלד און האָט אָנגעטהאָן די קליידער פון׳ם דייטשען סאָלדאַט וואָס ער האָט דאָרט געהאַט בעהאַלטען. דאַן האָט ער זיך גענומען גנב׳ענען איבער די פעלדער, האַלטענדיג זיך אַרום די גראָבענס און קאַנאַ־ווען, כדי אויסצומיידען, אַז מען זאָל איהם זעהן. אין דערזעלבער צייט האָט ער זיך ווי אַ גנב אונרוהיג צוגעהערט צו יעדען קלאַנג, צו יעדען גערויש.

ווען ער האָט געדענקט, אַז די צייט איז געקומען, האָט ער זיך אָבגעשטעלט אַן אַ זייט פון וועג און זיך בעהאַלטען הינטער אַ קופּע שטעכעדיגע קוסטעס. דאָרט האָט ער געוואַרט. צום סוף אַרום האַלבער נאַכט, האָט ער דערהערט דעם גאַלאָפּ פון אַ פערד

און דאס קלאפּען פון קאפּיטעס אן דער הארטער ערד פון׳ם וועג. דער אלטער מאן האט צוגעלייגט זיין אויער צו דער ערד און זיך צוגעהערט. ער האט געוואלט זיין זיכער, אז בלויז איין קאוואלע־ריסט פאָהרט דאָ אהער, דאן האָט ער זיך צוגעגרייט.

דער אולאנער איז אנגעקומען אין שנעלען גאלאפּ, איילענדיג זיך איבערצוגעבען די בעריכטען. ער האָט געריטען אין פאָראויס מיט אנגעשטרענגטע אויערען און געקוקט ארום זיך מיט שארפע פארזיכטיגע בליקען. אזוי שנעל ווי ער איז געווען ניט מעהר ווי צעהן טריט אוועק, האט זיך פאטער מילאן דערשלעפּט ביז אין מיטען פון וועג און גענומען שרייען: „הילפע! הילפע“!

דער אולאנער איז צוגעקומען נעהנטער, דערקענט אַ דייטשען אונ־בעוואפנעטען סאָלדאט און דענקענדיג, אז ער איז פערוואונדעט, איז ער אראבגעשפּרונגען פון פערד און צוגעקומען נעהנטער צום דעם מאן, וועלכער איז געלעגען אויסגעצויגען אויפ׳ן וועג. ניט אפילו אויף אַ מינוט איז איהם איינגעפאלען דער קלענסטער פערדאכט. ערשט ווען ער האט זיך אריבערגעבויגען איבער׳ן פרעמדען, האט ער געקראגען מיט א שווערד אין בויך. ער איז געפאלען צו דער ערד אהן געשרייען און זיין קערפּער האט בלויז אויפגעציטערט מיט דעם לעצטען שוידער פון טויט.

דאן האט זיך דער נארמאנער אויפגעהויבען, שטראהלענדיג מיט שטומען גליק פון אן אלטען פויער און נור אום זיך צו אמוזירען האט ער איבערגעשניטען די האלז פון׳ם טויטען סאלדאט. נאכ־דעם האט ער אוועקגעשלעפּט דעם טויטען קערפּער ביז צו א גראבען און איהם אהין אריינגעווארפען.

דער פערד האט רוהיג געווארט אויף זיין רייטער. פאטער מילאן איז אריינגעשפּרונגען אין זאטעל און זיך געלאזט לויפען אין גאלאפּ איבע׳ן פעלד.

אין א שטונדע ארום האט ער דערזעהן נאך צוויי אולאנער רייטענדיג זייט ביי זייט אויפ׳ן וועג צו זייער הויפּט קווארטיר. ער האט זיך א לאז געטהאן גלייך אנטקעגען זיי שרייענדיג

„הילפע! הילפע!" דערקענענדיג די דייטשע יוניפארם, האבען איהם די פרייסען געלאזט צוקומען אהן דעם מינדסטען פערדאכט.

ווי א פייל פון בויגען האט זיך דער אלטער מאן א ווארף געטהאן צווישען זיי ביידען מיט א שווערד אין איין האנד און א ביקס אין דער אנדערער... און ביידע פרייסען זיינען ארונטער גע־שליידערט געווארען צו דער ערד טויטע. די נעקסטע זאך וואס ער האט געטהאן איז געווען איבערצושניידען די העלזער פון די פערד — די דייטשע פערד! דאן האט ער זיך שטיל צוריקגעקעהרט צום וועלדעל און אין אן אלטען פערלאזענעם שטעלכעל אריינגעשטעלט דעם פערד אויף וועלכען ער איז געריטען. דארט האט ער אויך פון זיך אראבגעווארפען דעם יוניפארם, צוריק אנגטהאן זיינע אלטע קליידער און איז אוועק אהיים, זיך געלייגט אין בעט און געשלאפען ביז אין מארגען אין דער פריה.

פיער טעג נאך דעם איז ער געזעסען אין דער היים. ער האט אבגעווארט צו זעהן וואס וועט ווערען פון דער אונטערזוכונג איבער דעם טויט פון די סאלדאטען; אבער אויפ'ן פינפטען טאג איז ער ווידער ארויס און אויף א עהנליכען אופן דער'הרג'עט נאך צוויי אולאנער.

פון דאן אן האט ער שוין מעהר ניט אויפגעהערט. יעדע נאכט האט ער געוואנדערט איבער'ן דארף, זיך ארומגעשלעפט איבער די פעלדער און וועלדער גלאט אזוי אין דער וועלט אריין און דער־הרג'עט עטליכע פרייסען, אמאל דא און אמאל דארט, וואו נור דער צופאל האט זיי אין זיינע הענד געבראכט. ווי א פערבלאנד־זשעטער אולאנער האט ער זיך געטראגען איבער די פערלאזענע פעלדער, אונטער דעם שיין פון דער בלאסער לבנה — א יעגער נאך מענשליכע לעבענס. און ווען ער איז פארטיג געווארען מיט דער דאזיגער ארבייט איז דער אלטער פארמער אוועק צוריק, איבער־לאזענדיג הינטער זיך אויפ'ן וועג די טויטע קערפערס. אין דעם פערבארגענעם שטעלכעל האט ער דאן איבערגעלאזען זיין יוניפארם און דעם פערד. ארום האלבען טאג איז ער רוהיג צוגעגאנגען צו

יענעם פלאַץ און געגעבען דעם פערד א מעסטעל האבער און וואסער. ער האט אויך איהם גוט אכטונג געגעבען, ווייל ער האט פון איהם געפאדערט שווערע ארבייט.

אבער די לעצטע נאכט איידער מען האט איהם ארעסטירט, האט איינער פון די צוויי סאלדאטען, ווען ער האט אטאקירט, זיך אנגעשטויסען אז דא איז עפעס ניט גלאט און ער האט זיך פערטהיידיגט. מיט זיין שווערד האט ער א זעץ געטהאן דעם אלטען פויער און איהם צושניטען דעם פנים.

ער האט פון דעסטוועגען זיי ביידען דער'הרג'עט. ער האט נאך אפילו בעוויזען צו קומען צוריק און בעהאלטען זיין פערד און זיין יוניפארם און אנצוטהאן זיינע טעגליכע קליידער, אבער ווען ער איז צוגעקומען צום שטאל, איז אויף איהם אנגעפאלען אזא שוואכ־קייט, אז ער האט ניט געקענט זיך דערשלעפען ביז צום הויז.

מען האט איהם געפונען ליגענדיג אויפ'ן שטרוי, זיין פנים פול אין בלוט.

ווען ער האט געענדיגט דערצעהלען די דאזיגע געשיכטע, האט ער פלוצים אויפגעהויבען דעם קאפ און שטאלץ אנגעקוקט די פריי־סישע אפיצערען.

דער קאלאנעל האט געפרעגט, דרעהענדיג זיינע וואנצעס:

— האט איהר נאך עפס צו זאגען?

— ניין, מעהר גארנישט; מיר זיינען קוויט. איך האב דער־הרג'עט זעכצעהן שטיק, ניט איינעם מעהר און ניט איינעם וויני־גער.

— ווייסט איהר אז איהר מוזט שטארבען?

— יא.

— זייט איהר געווען א סאלדאט?

— יא, איך האב אמאל געדיענט. און איהר, פרייסען, זייט עס געווען די יעניגע וואס האבען דער'הרג'עט מיין פאטער, א סאלדאט פון דעם ערשטען אימפעראטאר, שוין ניט רעדענדיג פון מיין איינגסטען זוהן פראנסעז, ווענען איהר האט דער'הרג'עט לעצטען

מאנאט נעבען עקסרעי. איך בין אייך שולדיג געווען און איך האב אייך בעצאהלט. „א צאהן פאר א צאהן !"

די אפיצערען האבען געקוקט איינער אויפ'ן צווייטען.

דער אלטער האט ווייטער גערעדט:

— אכט פאר מיין פאטער, אכט פאר מיין זוהן — דאס איז א גלייכע רעכענונג ! איך האב ניט געזוכט קיין קריעג מיט אייך. איך קען אייך ניט ! איך וויים נור פון וואנען איהר זייט געקומען. איהר זייט געקומען אהער אין מיין הויז און האט זיך ארומגעשאפט מיט מיר, אזוי ווי איך און דאס הויז וואלטען געווען אייערע. איך האב גענומען מיין נקמה און איך בין צופריעדען דערמיט !

און אויסגלייכענדיג זיין אלטען קערפער, האט ער צוזאמענגעלייגט די הענד און איז געבליבען שטעהן פאר זיי, ווי א זיעגער, פול מיט נצחון.

די פרייסען האבען זיך א צייט לאנג בעראטהען. א קאפיטאן, וועלכער האט אויך פערלארען א זוהן מיט א מאנאט צוריק, האט פערטהיידיגט דעם מוטהיגען פארמער.

דאן האט דער קאלאנעל זיך אויפגעהויבען און צוקומענדיג א פאר טריט נעהנטער צו פאטער מילאן, האט ער געזאגט מיט א שטיל קול:

— הערט אויס, אלטער ! עס איז אפשר נאך דא איין וועג צו ראטעווען אייער לעבען — דאס איז —

אבער דער אלטער פויער האט ניט געוואלט הערען, וואס ער רעדט צו איהם און אנשטעלענדיג זיינע אויגען גלייך אויף דעם דייטשען אפיצער, האט ער געקוקט אויף איהם מיט א שארפען, שטעכענדיגען בליק. דער ווינד האט בעוועגט אהין און אהער די שיטערע הערלאך אויף זיין בלויזען קאפ, זיין מורא'דיג צושניטענער פנים האט זיך עפעס מאדנע פערקרימט און אויסשטעלענדיג זיין ברוסט אין פאראויס, האט ער מיט אלע זיינע קרעפטען א שפיי געטהאן דעם דייטשען קאלאנעל גלייך אין פנים אריין.

דער קאַלאַנעל איז צומישט געוואָרען, האָט אויפגעהויבען זיין האנד, און אַ צווייטען מאָל האָט דער פויער איהם אַ שפּיי געטהאָן אין פּנים

אַלע אָפיצערען האָבען אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער און אין איין קול ארויסגעגעבען אַ בעפעהל איהם צו טויטען.

עס האָט ניט גענומען קיין מינוט און דער אלטער מאן, נאך אליץ רוהיג און געלאסען ווי אימער, איז אוועקגעשטעלט געווארען אנטקעגען וואנד און דערשאָסען געוואָרען, בעת זיינע אויגען האָבען מיט אַ שמייכעל געקוקט אויף דזשאן, זיין עלטסטען זוהן, דאָן אויף זיין שנור און די צוויי קינדער, וועלכע האָבען מיט טויט־שרעק צוגעזעהן די דאָזיגע סצענע.

# די פליעג



ר האָט זיך אבגערופען צו אונז:

— נו! איך זאג אייך, איך האָב אמאָל משוגענע זאכען איבערגעלעבט און קאָמישע מיידלאך גע־זעהן, ווען איך בין נאָך א מאַטראַז געווען, אזוי אַפּט, אז איך האָב אין זינען געהאַט ארויסצולאזען א בוך מיט דעם טיטול „אויף דער סעין" און בעשרייבען דאָרט דעם זאָרגלאָזען, געזונדען לעבען, פול פרעהליכקייט, אָהן פּרעטענזיעס און פּאָדערונגען, פול טומולדיגע און פרעהליכע הוליאנקעס, וועלכע איך האָב געפיהרט צווישען צוואנציג און דרייסיג יאָהר.

איך בין געווען א בעאַמטער און האָב ניט געהאַט קיין אייגע־נעם פפעניג. איצט בין איך א מאַן מיט א נאָמען, מיט א גרויסער שטעלונג, וועלכער קען פאר א קליינעם פארבייגעהענדיגען קאפּריז אויסגעבען אוצרות מיט גאָלד. אמאָל האָבען טויזענד בעשיידענע, אונערייכבארע פערלאנגען געדרעמעלט אין מיין הארצען און האָבען מיין לעבען פערשעהנערט מיט אלע מעגליכע האָפנונגען פון גליק. היינט ווייס איך ניט וואָס עס וואָלט מיך געקענט בעוועגען אויפצו־שטעהן אפילו פון אָט דעם שטוהל, אויף וועלכען איך זיץ דאָ. אין יענעם לעבען איז אלעס געווען אזוי איינפאך, אזוי מחיה'דיג און אזוי שווער: האלב צווישען דער ביוראָ אין פאריז און און האלב צווישען דער טייך ארזשאנטעל. מיין גרויסע, מיין איינציגע, מיין ברענענדיגע ליידענשאַפט איז צעהן יאָהר נאָכאַנאַנד געווען די

סעין. אַך, דער שעהנער, רוהיגער, אימער פערשיעדענאַרטיגער, שלעכט שמעקענדיגער שטראַם, פול מיט וואונדער און מיט שמוץ. איך דענק, אז איך האָב איהם אזוי געליעבט, ווייל ער איז פאר מיר, ווי עס שיינט, אין געוויסען זין געוועזן דער סימבאָל פון לעבען. אַך, די שפּאַציר־גאַנגען אין דער לענג פון די בליהענדע ברעגעס! מיינע פריינד, די זשאבעס, האָבען דאַרט געקוואַקעט און זיך גע־ווארימט אונטער דער זון אויף די בלעטער פון ים־ראָזען. און די צאַרטע, חן'עוודיגע וואַסער־ליליען צווישען פיינע הויכע גראָז, האָ־בען זיך מיר פלוצים בעוויזען, ווי א בילד אין א יאפּאנישען אַל־באַם, און דער אייז־פויגעל איז פארביי מיר פארבייגעפלויגען ווי א בלויער פייערעל. מיט אינסטיקטיווער ליעבע האָב איך דאַס אלעס געליעבט, און ווען מיין אויג האָט אויף דעם אלעמען געקוקט, איז מיין הארץ מיט טיעפער גליקזעליגקייט אָנגעפילט געוואָרען.

ווי אנדערע דערמאָנען זיך אָן שעהנע ליעבעס־נעכט, אזוי דענק איך וועגען די זונען אויפגאַנגען אין די פריהעדיגע נעבעלען, וועלכע ציהען זיך אהין און אהער און זעהען אויס ווייס ווי טויטע אין דער פריהמאָרדיגער גרויקייט. און ווי דער ערשטער זונען שטראהל פאלט אויף די פעלדער אראָב און בעשיינט אלעס מיט א ראָזאַווען גלאַנץ, ווערט אייך ליכטיג אויפ'ן הארצען און די נשמה הויבט אָן צו זינ־גען אין אייך. און איך דענק וועגען דעם זילבערנעם לבנה־שיין אויף ציטערענדע, פליסענדע וואסערען, וועלכער רופט ארויס אין אונז אזוי פיעל טרוימען.

און דאָס אלעס, אלס סימבאָל פון דער אויביגער אילוזיאָן פון לעבען, האָט זיך צו מיר ענטפּלעקט אויף די שמוציגע וואסערען, וועלכע נעהמען אריין אין זיך דעם גאַנצען איבערגעבליבענעם שמוץ פון פאריז, אום עס צום ים צו פערטראָגען.

און דאָס דאָזיגער וואוילער לעבען מיט די חברים. מיר זיינען געוועזן א באַנדע פון פינף מאַן, היינט אלע געזעצטע לייט. און אזוי ווי מיר זיינען אלע אָרעם געוועזן, האָבען מיר אין איינעם פון די ערגסטע שענקען אין ארזשאנטיעל געגרינדעט אזא מין קלוב, וועל־

כער איז בעשטאַנען פון בלויז איין שלאָף־צימער פאר אונז אלעמען און דאָרט האָב איך פערבראַכט די פרעהליכסטע נעכט פון מיין לע־בען. מיר האָבען גאַרנישט געוואָלט, אויסער זיך אַמוזירען און רו־דערען, דען ביי אונז אלעמען, אויסער איינעם, איז דאָס רודערען געוואָרען און אמת'ע ליידענשאַפט. איך דערמאָן זיך אויף אַזעלכע מאָדנע פאַסירונגען, אַזעלכע אונגלויבליכע, משוגענע שטיק, וואָס מיר אַלע צוזאַמען פלעגען אָבטהאָן, אַז היינט וואָלט עס גאָר קיינער ניט געגלויבט. עפּעס אַזוינס פּאַסירט שוין ניט מעהר היינט צו טאָג, אפילו אויף דער סעין אויך ניט, ווייל אין די נשמות פון היינ־טיגע יונגע מענשען איז די דאָזיגע אונבעגרענצטע משוגענע פאַנ־טאַזיע, וועלכע האָט אונז געטריבען, אָבגעשטאָרבען.

מיר אַלע זאַלבעפינפט האָבען געהאַט איין איינציגע שיפעל וועלכע מיר האָבען מיט גרויס מיה געקויפט און אויף וועלכער מיר האָבען אזוי געלאַכט, ווי מיר וועלען שוין מעהר קיינמאָל ניט לאַ־כען. עס איז געווען א ברייטע לאָדקע, אביסעלע א שווערליכע, אָבער אַ שטאַרקע, אינווייניג גערוים און בעקוועם. איך וויל מיינע חברים ניט געגוי בעשרייבען. איינער איז געווען א קליינער, א דורכגעטריבענער יונג, פּטיט בלוי, האָבען מיר איהם גערופען; דאָן א הויכער קערל מיט א צושויבערטען אויסזעהן, מיט גרויע אויגען, שווארצע האָהר, וועלכע מיר האָבען גערופען טאָמאַהוק. נאָך איינער אַ גייסטרייכער פוילישער מענש מיט'ן נאָמען לא טאָק, דער איינציגער צווישען אונז, וועלכער האָט קיין מאָל קיין רודער ניט אנגעריהרט אונטער דעם אויסרייד, אַז דאָס שיפעל וועט זיך איבער־קעהרען. און צום סוף א מאָגערער עלעגאַנטער, שעהן געקליידעט יונג, וועלכען מיר האבען גערופען „איין אויג", צוליעב א געוויסען ראַמאַן פון קלאַדעל, וועלכער איז דאַן פיעל געלעזען געוואָרען און ווייל ער האָט געטראָגען א מאָנאָקל. און דאָן איך, וועמען זיי האָבען גערופען יאָזעף פּרוינער. מיר האָבען געלעבט אין פאָלקאָמענער צופריעדענהייט און נור בעדויערט, וואָס מיר האָבען ניט קיין מיידעל מיט זיך. א מיידעל איז אבסאָלוט נויטיג פאר א שיפעל. עס איז

אונמעגליך זיך צו באגעהן אהן איהר, ווייל זי פרישט אב דעם גייסט און דאס הארץ, זי באלעבט, אונטערהאלט, צושטרייט און מיט איהר רויטען זונענשירעם, וועלכער שטעכט אב פון די גרינגע ברעגעס, זעהט זי אויס ווי א בעפוצונג צו דעם שעהנעם ארום. אבער מיר האבען ניט געקענט געברויכען קיין געוועהנליכע שיפער־מיידל, מיר פינף, וועלכע זיינען געוועזן אנדערש ווי אלע איבעריגע מענשען. מיר האבען געמוזט האבען עטוואס גאנץ פעררוקטעס, קאמישעס, אזא וואס וואלט צו אלעמען פעהיג געוועזן, קורץ אזא, וואס איז אונמעגליך געוועזן צו קריגען. מיר האבען א גאנצע מאסע פון זיי דורכגעפרובירט אבער אהן ערפאלג, זיי זיינען אלע געוועזן נארישע מאטראזען מיידלאך, וועלכע וואלטען מיט פערגעניגען פערביטען די בלויע וואסערן, וועלכע האבען די שיפעל געטראגען אויף רויטען וויין, מיט וועלכען זיי וואלטען זיך איינגע'שכור'ט. איין זונטאג האבען מיר זיי ביי זיך געהאלטען און דאן האבען מיר זיי מיט עקעל אוועקגעשיקט.

דאן האט אונז איין מאל א שבת איין אויג געבראכט א קליין לעבעדיג, פריש, שטיפעריש מיידעל, אן אמת'ע פאריזער גלאנצונג. זי איז געוועזן נעט, ניט שעהן — איינע פון יענע פרויען אין וועלכע אלעס איז פעראייניגט, א פנים, וועלכען מען קען אנווארפען מיט דריי שטריכען. די נאטור ברייגגט מאנכעס מאל עטוואס אזוינס אויף דער וועלט.

דעם ערשטען אבענד האט זי ביי אונז אלעמען ארויסגערופען פערוואונדערונג, האט אונז אלע אמוזירט. אבער מיר האבען אויף זיכער ניט געוואוסט וואס צו דענקען וועגען איהר, אזוי פיעל אונערווארטעטעס האט אין איהר געשטעקט. זי, וועלכע איז אזוי אונערווארטעט אין אונזער קליקע אריינגעפאלען, וועלכע איז צו אלע דומהייטען בערייט געוועזן, איז באלד געווארען די אנפיהרערין פון אלע משוגענע שטיק און האט אויפ'ן צווייטען טאג אונז אלע־מען געוואונען. איבריגענס איז זי געוועזן א גאנץ פעררוקטע פרויענצימער, מען קען זאגען, אז זי איז געבארען געווארען מיט

שנאפס אין די אדערן, וואס זי האט געקראגען בירושה פון איהר מוטער. זייט דאן איז זי קיינמאל ניט ניכטער געוועז, ווייל ווי זי האט דערצעהלט, האט איהר אם אויך ליעב געהאט דעם ביטערן טראפען, האט געזונד ארייגעגאסען און דעם קינד אויך ניט גע־זשאלעוועט.. און דערפאר טאקע האט זי די שנאפס־פלאשען, וועלכע זיינען אויפ'ן בופעט געשטאנען, גערופען ניט אנדערש ווי „מיינע ליעבע שוועסטער".

איך וויים ניט ווער פון אונז האט איהר א נאמען געגעבען „די פליעג", אדער פארוואס מען האט איהר דעם דאזיגען נאמען געגעבען, אבער ער האט איהר גוט געפאסט און איז ביי איהר גע־בליעבען. און אונזער שיפעל „דעק בלאט" האט יעדע וואך גע־פיהרט איבער דער סעין צווישען אסניערס און מאיסאן לאפיט פינף קרעפטיגע, לוסטיגע יונגען און א קליינע נערוועזע פערזאן אונטער א בונטען פאפירענעם זונען־שירעם, וועלכע האט אלעמען אויף דער שיפעל בעהאנדעלט ווי שקלאפען און וועמען אלע האבען גאנץ ליעב געהאט.

מיר האבען זי ליעב געהאט צוליעב טויזענד אורזאכען אבער פריהער פאר אלעם, פאר איין זאך. הינטען אין אונזער שיפעל איז זי געזעסען, ווי א קליינע רעד מאשין, ווי א מיהל, וועלכע האט זיך נאכאנאנד בעוועגט, בעת דער ווינד האט איבער די וואסער גע־בלאזען. זי האט געפלוידערט אהן אן ענד, דאס מויל האט זיך ביי איהר ניט פערמאכט אויף קיין מינוט און דער צונג האט זיך נאכ־אנאנד בעוועגט, ווי די פליגלען אין א ווינד מיהל. און געזאגט האט זי די אונערוואַרטעסטע, אונערהערטעסטע, אונגלויבליכסטע זאכען. אין איהר גייסט, וואו אלעס איז געווען צוריסען, אהן א צוזאמענהאנג, האט געלעבט א מערקווירדיגע פאנטאזיע, גאסען־וויץ, אונפערשעהמטהייט, שאמלאזיגקייט, זי איז געווען פול מיט לצנות, קאמיזם, ליגענס, לוסט..

מיר האבען איהר געשטעלט פראגען אום ארויסצורופען ביי איהר ענטפערס וועלכע דער טייפעל אליין ווייסט פון וואנען זי

האט זיי גענומען. אם מייסטען האבען מיר זי געמאטערט מיט דער פראגע:

— פארוואס אייגענטליך רופט מען דיר פליעג?

זי האט אויף דעם געפונען אזעלכע משונעדיגע גרינדע, אז מיר האבען זיך געקייכט פאר געלעכטער און געמוזט אויף א ווײלע אויפהערען צו רודערן.

זי איז אונז אויך געפעלען געווען אלס פרוי און לא־טאק, וועל־כער האט קיינמאל ניט גערודערט און איז די גאנצע צייט געזעסען נעבען איהר ביים שטייער, האט אויף דער געוועהנליכער פראגע — פארוואס אייגענטליך רופט מען דיר פליעג? — געענטפערט, אז דאס איז דערפאר ווייל זי איז א קליינע שפאנישע פליעג.

און זי איז טאקע אויף אן אמת געווען א קליינע פיעבער־האפט זשומענדיגע, ברומענדיגע שפאנישע פליעג, ניט די וואס מען געברויכט אלס היילמיטעל, נור א לעבעדיגע, א ריכטיגע קליינע שפא־נישע פליעג מיט רויטע פליעגעלאך, וועלכע האט אנגעהויבען די גאנצע מאנשאפט פון דעם שיפעל „דעק־בלאט“ משוגע צו מאכען.

וויפיעל פוילע וויצען זיינען געזאגט געווארען איבער דאס דאזיג בלאט, אויף וועלכען די פליעג האט זיך אוועקגעזעצט.

איין אויג איז געווארען א גאנצער קנאקער זייט די פליעג איז אויף דער שיפעל אנגעקומען. ער האט געשפיעלט די ראלע פון א מאן, וועלכער איז דער גליקליכער בעזיצער פון א מיידעל, בעת די אנדערע פיער האבען גאר נישט געהאט. ער האט דעם דאזיגען פארטייל זיינעם אזוי אויסגענוצט, אז מיר זיינען מאנכעס מאל געווארען שטארק אויפגעבראכט. ער האט זיך ערלויבט צו קושען די פליעג פאר אונז אלעמען אין די אויגען. נאכ'ן עסען פלעגט ער זי ארויפזעצען צו זיך אויפ'ן שויס. מיט איין ווארט ער האט גע־האנדעלט אזוי, אז זיין אויפפיהרונג האט אונז אפט אי ערניעדריגט אי אויפגערעגט.

אין שלאף־צימער זיינען זיי געווען אבגעטהיילט פון אונז מיט א פארהאנג.

אָבער באלד האָב איך בעמערקט, אַז מיינע חברים און איך, יעדערער פאַר זיך, איז אין זיינע געדאנקען געקומען צו איין און דעם זעלבען בעשלוס. „וואו שטעהט עס געשריבען, אַז די פליעג, וועלכע איז אין גאנצען פריי פון אַלע פעראַנטוואָרטליכקייטען, זאָל זיין אַן אויסנאַהמע און זאָל בלייבען טריי איהר געליבטען, בעת די דאַמען פון דער בעסטער געזעלשאַפט בלייבען ניט טריי זייערע מענער?“

אז דער שלום, וואס מיר האָבען געצויגען, איז געוועזען א גאנץ ריכטיגער, אין דעם האָבען מיר זיך אַלע באלד איבערצייגט. מעהר נישט מיר האָבען וועגען דעם געדאַרפט א סך פריהער א טראַכט טהאָן, ווייל עס איז געוועזען א שאָד די פערלאָרענע צייט. די פליעג האָט בעטראַגען איין אויג מיט דער גאַנצער מאַנשאַפט פון דער „דעק בלאַט“. זי האָט איהם בעטראַגען אָהן שום שוועריגקייטען, אָהן ווידערשטאַנד, ביי דעם ערשטען פערלאַנג פון יעדען פון אונז.

מיין גאָט, טוגענדהאַפטע מענשען וועלען ווערען דערפון אויפ־סער זיך. פאַרוואָס? וועלכע בעוואוסטע האַלב־וועלט פרוי האָט ניט א טוץ ליעבהאָבער און ווער פון זיי איז אַזוי נאַריש עס ניט צו בעגרייפען? איז עס ניט פונקט אַזאַ מאָדע צו האָבען א בע־שטימטען טאָג ביי א בעוואוסטער דאַמע, ווי א פּלאַץ אין דער אָפּערא, אין טהעאַטער פראַנסע אָדער אין אָדעאָן? צעהן מענער נעהמען זיך צוזאַמען, אום אויסצוהאַלטען א האַלב־וועלט פרוי, וועל־כע פערטהיילט איהר צייט מיט גרויס שוועריגקייטען צווישען זיי אַלעמען, פונקט אַזוי ווי מען לעגט זיך צוזאַמען זאַלבע־צעהנט, אום צו האַלטען א רייס־פערד אויף וועלכען עס פאָהרט בלויז איין זשאָקעי, דער ריכטיגער סימבאָל פאַר דעם איינציגען און ווירקליכען געליבטען.

אויס העפליכקייט האָט מען די פליעג געלאָזען מיט איין אויג פון שבת ביז מאָנטאָג אין דער פריה. די טעג ווען מיר האָבען גערוד־דערט האָבען געהערט צו איהם. מיר האָבען איהם בעטראַגען בלויז אין די וואָכען טעג אין פאַריז, ווייט פון דער סעין, וואָס עס איז פאַר שיפּעל־לייט ווי מיר, שוין מעהר קיין בעטרוג ניט געוועזען.

אינטערעסאנט איז געווען, וואס מיר פיער האבען פון דער צוטהיילונג גענוי געוואוסט, האבען צווישען זיך וועגען דעם גערעדט און אפילו מיט איהר אויך זיך וועגען דעם געוויצעלט דורך פער־שטעלטע אנצוהערענישען, פון וועלכע זי האט אימער הערצליך גע־לאכט. איין אויג בלויז האט געשיינט גאר נישט צו וויסען. און דאס דאזיגע ניט וויסען, אדער זיך מאכען ניט וויסענדיג, האט אין גיכען אריינגעבראכט צווישען אונז א געוויסע פערלעגענהייט. ער איז ביסלעכווייז געבליבען אליין און צווישען אונזער פערטרויליכ־קייט און פריינדשאפט פון פריהער האט זיך אויפגעשטעלט א וואנד. דורך דעם איז ער אריינגעפאלען אין א קאמישע לאגע פון א בע־טראגענעם געליעבטען, כמעט פון א בעטראגענעם מאן און דאס האט איהם אביסעלע לעבערליך געמאכט.

אבער אזוי ווי ער איז געווען זעהר כיטרע, א דורכגעטריבענער יונג, האבען מיר זיך מאנכעס מאל מיט אונרוהיגקייט געפרעגט, אויב ער ווייס טאקע ניט פון עפעס צו זאגען.

אין גיכען האט ער אונז די דאזיגע פראגע פערענטפערט אויף א גאנץ אנגענעהמען אופן. מיר האבען געוואלט פריהשטיקען אין בוזשיוואל און האבען גערודערט מיט דער גרעסטער אנשטרענגונג. פלוצים טהוט זיך לא־טאק א כאפ — ער איז ווי אלע מאל געזעסען נעבען דער פליעג, אבער היינט האט ער געהאט א בעזונדערעס טרי־אומפירענדען אויסזעהן און האט זיך, נאך אונזער מיינונג, אביסעלע צו פריי געדריקט צו איהר — און גיט א געשריי: „סטאפ!“

די אכט רודער האבען זיך אונטער'ן וואסער אויפגעהויבען...

דאן האט ער זיך א קעהר געטהאן צו זיין שכנה און געפרעגט:

— פארוואס רופט מען דיך פליעג?

נאך איידער זי האט צייט געהאט צו ענטפערען, האט איין אויג, וועלכער איז געזעסען פון פארענט, אויסגערופען מיט א טרו־קענעם טאן:

— ווייל זי זעצט זיך אויף יעדען אייזעל!

צוערשט איז איינגעטראָטען אַ טיעפע שטילקייט, אַ מין פער־לעגענהייט, דאַן האָט אויסגעבראָכען אַ געלעכטער. די פליעג האָט דאָ געקראָגען גוט איבער׳ן פּיסק

גלייך האָט לא־טאָק געגעבען אַ בעפעהל :

— איינס ! צוויי ! ווייטער געפאָהרען !

דאָס שיפעל האָט זיך ווידער גענומען בעוועגען.

דער דאָזיגער צווישען־פאַל האָט אַלץ אויפגעקלעהרט און די וואַנד צווישען אונז און איין אויג איז געפאַלען.

די דאָזיגע קליינע פּאַסירונג האָט גאָר ניט געענדערט אין אונ־זער לעבענס־געוואָהנהייטען. עס האָט אונז בלויז ווידער בע־פריינדעט מיט איין אויג. ער איז ווידער געוואָרען דער אנער־קענטער בעזיצער פון דער פליעג פון שבת ביז מאָנטאָג אין דער פריה און מיר האָבען איהם אויך איבערגעלאָזען די ראָלע פון איהר געליעבטען, דאַנקבאַרע און אויפמערקזאַמע פריינד, וועלכע האָבען שטילערהייד די וואָכען־טעג אויסגענוצט, אָהן דעם אַז אימיצער פון אונז זאָל האָבען עפּעס דאַגעגען. דאָס האָט אויך געבראַכט דערצו, אַז אַלע אָנצוהערענישען איבער דעם נאָמען פליעג האָבען אין גאַנצען אויפגעהערט.

דריי מאָנאַטען לאַנג איז אַלעס געגאַנגען אויסגעצייכענט. אָבער פּלוצים האָט זיך די פליעג גענומען מיט אונז האַלטען זעהר זאָנדערבאַר. זי איז ניט געווען מעהר אַזוי פרעהליך, איז געוואָרען נערוועז, אונרוהיג, כמעט צורייצט. מען האָט זי נאָכאַנאַנד גע־פרעגט :

— וואָס איז מיט דיר ?

זי האָט געענטפערט :

— גאָר נישט, לאָזט מיך צופריעדען.

איין מאָל, אַ שבת ביינאַכט, האָט אונז איין אויג ערקלעהרט די זאַך. מיר האָבען זיך נאָר וואָס געהאַט געזעצט צום טיש אין

דעם קליינעם צימער, וועלכען דער שענקער בארביכאן האט אונז אבגעגעבען פון זיין שענק, האבען אבגעגעסען די סוף און געווארט אויף דעם פיש, ווען אונזער פריינד, וועלכער האט אויסגעזעהן צו זיין פערטראכט, האט אנגענומען די פליעג פאר א האנד און גע־זאגט:

— מיינע ליעבע חברים, איך האב אייך צו זאגען א זעהר ערנסטע נייעס, איבער וועלכעם עס וועט שפעטער מסתמא זיין א סך צו רעדען. אויב איהר ווילט, קענען מיר וועגען דעם זיך דורכ־רעדען בעת'ן עסען.

די ארימע פליעג האט מיר אנפערטרויט א מורא'דיגען סוד און האט מיך געבעטען עס אייך מיטצוטהיילען: זי איז אין אנדערע אומשטענדען. לאזט מיר אייך זאגען נאך א פאר ווער־טער: מיר טארען זי איצט ניט פערלאזען, און נאכפארשונגען וועגען דעם, ווער עס איז דער פאטער פון דעם קינד זיינען אומזיסט.

אין אנהויב איז אויף אונז אלעמען אנגעפאלען א שרעק, ווי נאך א מורא'דיגען אונגליק. מיר האבען אנגעקוקט איינער דעם אנדערען, ווי מיר וואלטען געזוכט איינעם פון אונז, אויף וועמען די שולד ארויפצואווארפען. אבער אויף וועמען? יא, אויף וועמען? איך האב קיינמאל ניט געפיהלט אזוי שטארק ווי אין יענעם מאמענט די ניעדערטרעכטיגקייט פון דעם דאזיגען גרויזאמען שפיצעל, וואס די נאטור האט אבגעטהאן דעם מאן, אז ער זאל קיינמאל ניט וויסען אויף זיכער אויב ער איז דער פאטער פון זיין קינד.

דאן האבען מיר זיך ביסלעכווייז גענומען טרייסטען מיט דעם דונקעלען געפיהל פון סאלידאריטעט.

טאמאנהאף, וועלכער האט זעלטען ווען גערעדט, האט דעם דאזיגען געפיהל אונזער'ן אויסגעדריקט אין די פאלגענדע ווערטער:

—־נו, מילא, זאל זיין אזוי. איינינקייט מאכט שטארק.

מען האט געבראכט דעם פיש, אבער מיר האבען זיך ניט ארויפגעווארפען אויף איהם ווי געוועהנליך, דען מיר זיינען אלע טראץ דעם געווען אביסעלע אונרוהיג און צוטומעלט.

איין אויג האָט בעמערקט:

— ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט איז זי געווען עהרליך גע־גוג זיך פאַר מיר אין אלעס מודה צו זיין. ליעבע פריינד, מיר טראַ־גען אלע דיעזעלבע שולד, לאָמיר זיך געבען די הענד און אדאָפּ־טירען דאָס קינד.

דאָס איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען. מיר האָבען אויפ־געהויבען די הענד און פערשפּראָכען: מיר אדאָפּטירען עס.

און דאַ האָט פּלוצים די פליעג, וועלכע האָט דערפיהלט ווי מען וואָלט איהר אַ שווערע משא פון די פלייצעס ארונטערגענו־מען, אויסגערופען שטאַרק גערירט:

— אך, ליעבע פריינד, ליעבע פריינד, איהר זייט טרייע זע־עלען, טרייע זעעלען, טרייע זעעלען! איך דאנק אייך אלעמען — און צום ערשטען מאָל האָבען מיר דערזעהן ביי איהר אַ טרעהר.

פון דאַן אָן האָט מען גערעדט אין דאָס שיפעל פון דאָס קינד, ווי עס וואָלט געווען געבאָרען געוואָרען. און יעדער פון אונז האָט זיך אינטערעסירט מיט דעם צושטאַנד פון אונזער שיפער־מיידעל און איהר ארויסגעוויזען שוין אביסעל צופיעל מיטגעפיהל.

מען פלעגט אויפהערען צו רודערען און מען האָט געפרעגט:

— פליעג!

זי האָט געענטפערט:

— דאַ בין איך!

— אַ אינגעל אָדער אַ מיידעל?

— אַ אינגעל.

— וואָס וועט ער זיין?

און דאַ האָט זיך איהר פאנטאזיע צושפּיעלט און אויף אַ צויבערליכען אופן גענומען וועבען וואונדער־שעהנע חלומות. עס זיינען געווען אונענדליכע ערקלעהרונגען, אונגלויבליכע ערפינדונ־גען פון דעם ערשטען טאָג פון געבורט, ביז דאָס קינד האָט זיין לעבענסציעל ערגרייכט. אין די נאאיווע, ליידענשאפטליך צערט־

ליכע טרוימען פון דער דאזיגער וואונדערליכער בעשעפעניש, וועלכע האט איצט ווי אן אונשולדיג מיידעל געלעבט צווישען אונז און האט אונז אלעמען איהרע פינף פאפא'ס גערופען. האט דאס קינד בעדרייטעד אלעס אין דער וועלט. זי האט עס שוין געזעהן אלס קאפיטאן און דערצעהלט, ווי ער האט א נייעם וועלט־טהייל, נאך גרעסער פון אמעריקא, ענטדעקט. געזעהן עס אלס גענעראל, וועלכער וועט צוריקגעווינען פאר פראנקרייך עלזאס און לאטארינגען, אלס קייזער, וועלכער וועט גרינדען א נייע דינאסטיע פון איידעלע, קלוגע הערשער, וועלכע וועלען אונזער פאטערלאנד גרויס גליק ברענגען. האט עס געזעהן אלס געלעהרטער, וועלכער האט ענט־דעקט דאס געהיימניס גאלד צו מאכען און עביג צו לעבען. עס געזעהן אלס א לופט־שווימער, ווען עס איז געלונגען ווייטע פלא־נעטען צו בעזוכען. זי האט אין דעם קינד געזעהן די ערפיהלונג פון די וואונדערליכסטע שעהנסטע טרוימען.

אך גאט, די אָרימע קליינע בעשעפעניש איז ביז צום סוף זומער געווען רייצענד און שפאסיג.

דעם צוואנציגסטען סעפטעמבער האט זיך געענדיגט איהר טרוים. מיר זיינען נור וואס געהאט געקומען פון פריהשטאק אין מאסאן־לאפיטאן, זיינען געפאָהרען פארביי סיינט זשערמאן, ווען זי האט געזאגט אז זי איז דורשטיג און אונז געבעטען, מיר זאלען זיך אבשטעלען אויף א ווײלע אין פעק.

פון א געוויסער צייט אן איז זי געווען זעהר שוואך, וואס האט זי זעהר טרויעריג געמאכט. זי האט ניט געקענט מעהר ארום־שפרינגען, ווי פריהער, ניט געקענט מיט איין שפרונג פון שיפעל אויפ'ן ברעג ארויף ווי אלע מאל. זי האט עס נאך אלץ פרובירט צו טהאן ניט קוקענדיג אויף אונזערע ווארנונגען און געבעטען און א מאל צוואנציג וואלט זי שוין געפאלען און זיך צו'הרג'עט, ווען מיר וואלטען זי ניט אין צייט אין אונזערע ארעמס געכאפט.

אין דעם דאזיגען טאג איז זי געווען אזוי אונפארזיכטיג, אז

עס האט זיך איהר פערוואלט ארויסשפּרינגען אויפ'ן ברעג איידער דאס שיפעל איז שטעהן געבליבען.

פּונקט אין דעם אויגענבליק, ווען מיר האָבען געוואָלט לאנדען, האט זי זיך אויפגעשטעלט און נאך איידער מיר האבען זיך געקענט כאַפּען און איהר אָבשטעלען אָדער העלפען, האָט זי זיך א הויב געטהאָן און פּרובירט אויפ'ן ברעג ארויסצושפּרינגען. זי איז געווען צו שוואך און האט נור מיט די שפּיץ פינגער ערדייכט דעם שטיינערנעם ראנד; זי האט זיך א גליטש געטהאן, זיך אפּגעשלאָגען מיט'ן בויך אן דעם שארפען עק, ארויסגעלאזט א הויכען געשריי און איז פערשוואונדען אין וואסער.

אלע פינף האבען מיר זיך א לאז געטהאן אין וואסער אריין און האבען פון דארט ארויסגעשלעפּט אן ארימע האלב־געבראכענע בעשעפעניש, וועלכע איז געווען בלייך ווי דער טויט און האט געליטען מורא'דיגע יסורים.

מיר האבען זי שנעל געמוזט אוועקטראגען אין דעם נעהנסטען גאסט־הויז און שיקען נאך א דאקטאר.

בעת די צעהן שטונדען, וואָס די פריהצייטיגע געבורט האָט געדויערט, האט זי מיט העלדישען מוט אויסגעהאלטען די שרעק־ליכסטע ליידען. פערצווייפעלטע זיינען מיר ארומגעלאָפען ארום איהר, נערוועז און פול אנגסט.

זי האט געבראכט א טויטעס קינד אויף דער וועלט. נאך א פּאאר טעג האבען מיר געציטערט פאר איהר לעבען. צום סוף האט אונז דער דאקטאר איין מאל אין דער פריה געזאגט:

— איך גלויב, אז זי איז געראטעוועט. דאס מיידעל איז פון אייזען.

און מיר זיינען גלייך מיט א פרעהליכען הארצען אין איהר צימער אריין.

איין אויג האט גענומען דאס ווארט פאר אונז אלעמען און געזאגט:

— דו ביזט אויסער געפאהר, קליינע פליעג, דאָס מאַכט אונז גליקזעליג.

דאָ האָט זי זיך צואווײנט צום צווייטען מאָל אין אונזער געגענוואַרט און געשטאַמעלט מיט פון טרעהרען פערשלײערטע אויגען:

— אָך, ווען איהר זאָלט ווייסען, ווען איהר זאָלט ווייסען. עס איז אזוי טרויעריג, אזוי טרויעריג. איך וועל זיך קיינמאָל ניט קענען טרייסטען.

— איבער וואָס זיך טרייסטען, קליינע פליעג?

— איבער דעם, וואָס איך האָב עס געטויטעט. דען איך האָב עס געטויטעט, אָך, ניט מיט מיין אייגענעם ווילען. עס איז אזוי טרויעריג!

זי האָט גענומען שלוכצען. מיר האָבען זי ארומגערינגעלט, שטאַרק גערירהרט, און ניט געוואוסט וואָס מיר זאָלען איהר זאָגען.

זי האָט ווידער אָנגעהויבען:

— האָט איהר עס געזעהן?

מיר האָבען געענטפערט מיט איין קול:

— יאָ.

— עס איז געווען א אינגעל, ניט אמת?

— יאָ.

— ניט אמת, ער איז געווען שעהן?

מיר האָבען א ווײלע געצעגערט.

פּטיט בלוי, וועלכער האָט זיך ווייניגער ווי מיר אלע צערעמאָניעט, האָט געענטפערט:

— זעהר שעהן.

דאָס איז געווען א נאַרישקייט פון זיין זייט, וואָרים זי האָט גענומען קרעכצען און האָט זיך אזש צוראָוועט פאר פערצווייפלונג.

דאָ איז איין אויג, וועלכער האָט זי אפשר דאָך אם מייסטען ליעב געהאַט, געפאַלען אויף א געניאַלען איינפאַל, ווי אזוי זי צו

בערוהיגען. ער האָט אַ קוש געטהאָן איהרע, פון ווייגען געשוואַ־לענע, אויגען און געזאָגט:

— טרייסט זיך, קליינע פליעג, טרייסט זיך, מיר ווען דיר מאַכען אַן אנדערעס.

די אויסגעלאסענקייט, וועלכע איז איהר אין בלוט געלעגען, האָט פּלוצים ערוואכט. האלב איבערצייגט, האלב אויף שפּאס, נאָך מיט טרעהרען אין די אויגען און מיט אַ צו־וועהטאָגטער הארץ, האָט זי אונז אלעמען אָנגעקוקט און געפרעגט:

— טאקע אויף אַן אמת?

און מיר האָבען אלע אין איין קול איהר פערזיכערט:

— יא, אויף אַן אמת!

# צו פערקויפען



ו וואנדערען דורך פעלדער ווען די זון געהט אויף און דער טהאַי בליסטשעט אין די גרעזלאַך, ערגעץ נאָהנט געבען אַ ברעג פון אַ שטילען ים — איז שעהן.

דער פריה־מאָרגען ערקוויקט אונזערע אויגען מיט זיין יונגער ליכטיגקייט, מיר אטהעמען טיעף איין זיין פרישע לופט און אונזערע באַקען ווערען צערטליך געלאַסטשעט פון אַ ווארים וויג־טעלע.

פארוואָס דערמאָהנען מיר זיך אזוי געגוי און אזוי גערן אָן געוויסע שטונדען, וועלכע מיר האָבען פערבראכט מיט דער נאַטור, מיט איהר גערעדט און ביי איהר שאלות געפרעגט? עס בלייבט ביי אונז אן אנגענעהמע ערינערונג פון אַ געוויסען שטיקעל פלאַץ, וועלכען מיר האָבען פארבייגעהענדיג בעמערקט אָן דער זייט פון אַ שאָססע. עס לעבט אין אונז די ערינערונג אָן אַ טהאָל, וועלכער האָט זיך אויסגעשפרעהט פאר אונזערע אויגען אָדער אַ ברעג טייך געבען וועלכען מיר זיינען אמאָל געשטאַנען, אן ערינערונג ווי אָן אַ שעהנע מיידעל, וועלכע מיר האָבען אין לעבען בעגעגענט.

איין געוויסער טאָג איז מיר בעזונדערס געבליבען אין געדע־כעניש. איך בין געגאנגען אין דער ברעטאַן ביים ים צום קייפ פיניסטער צו. מיט שנעלע טריט בין איך געגאנגען אַ פערטראַכ־טער פארביי די וואסערען און געטרוימט.

עס איז געווען אַ פריהמאָרגען אין פריהלינג, איינער פון יענע פריהמאָרגענס, וועלכע מאַכען אונז מיט איין קלאַפּ אויף צוואַנציג יאָהר אינגער און וועקען אויף אין אונז טרוימען און האָפנונגען פון אונזערע יונגע יאָהרען.

צווישען פעלדער און כוואַליעס האָב איך געטראַטען אויף אַ קוים בעמערקבאַרען וועג. קיין ווינטעלע האָט זיך ניט בעוועגט — דער ים איז געלעגען גלאַט ווי אַ שפּיעגעל. אַ גערוך פון רייפע תבואה האָט זיך אויסגעמישט מיט דער געזאָלצענער לופט פון׳ם ים. אָהן אַ בעשטימטען ציעל, טרוימענדיג, האָב איך פאָרטגעזעצט מיין רייזע, וועלכע האָט שוין געהאַט געדויערט כמעט פיערצעהן טעג און וועלכע האָט מיך געבראַכט צו די ברעגעס פון ברעטאַן. איך האָב זיך געפיהלט קרעפטיג, גליקליך, פרעהליך און האָב געוואַנדערט ווייטער, ווייטער און ווייטער...

איך האָב וועגען קיין זאַך ניט געטראַכט. צו וואָס זאָל מען איבערהויפּט טראַכטען אין די דאָזיגע שטונדען פון אונבעוואוסטע טיעפען קערפּערליכען גליק, ווען מען לויפט ארום צווישען גרינע פעלדער אָדער מען וויגט זיך אויפ׳ן וואסער אין דער בלויער לופט, אין העלען זון שיין? פון ווייטען האָב איך געהערט זינגענדיג פרומע ליעדער. אפשר איז דאָס געווען אַ פּראָצעסיאָן, ווייל עס איז געווען זונטאג. ווען איך בין צוריקגעקומען נעהנטער, בין איך געבליבען שטעהן אונבעוועגליך מיט ענטציקטע אויגען. איך האָב דערזעהן פינף גרויסע שיפלאַך געפּאַקט מיט מענער, פרויען און קינדער, וועלכע זיינען געפאָהרען קיין פּלאָונעווען.

זיי האָבען זיך פויל געטראָגען פאַרביי דעם ברעג. אַ קליין ווינטעל האָט זיי געטריבען פאָרווערטס.

לאנגזאם זיינען די פולע שיפלאַך געפאָהרען זייער וועג און אין אלע האָט מען געזונגען. די מענער אין גרויסע העט האָבען געזונגען מיט אַ מעכטיגער שטימע, די פרויען, הויך און קוויטשענדיג, די קינדער גרעל, שרייענדיג ווי די טענער פון אַ גרילצענדיגער פּייפעל. פון אלע שיפלאַך האָט זיך געטראָגען דיזעלבע פרומע,

געוואלדיגע מעלאדיע, וועמענס מאנאטאנער ריטם האט זיך געצויגען צום הימעל ארויף. די פינף שיפען זיינען געפאהרען נאהנט איינס נעבען אנדער'ן.

זיי זיינען צוגעקומען צו מיר, האבען פארבייגעשוועבט און דאן האב איך געזעהן, ווי זיי ווערען אלץ קלענער און קלענער. זייער געזאנג קלינגט אלץ שטילער און שטילער, צום סוף ווערט עס אין גאנצען פערקלונגען.

דאן האב איך גענומען טרוימען זיסע חלומות, ווי עס טרוימט די יוגענד, אונשולדיג און צארט...

אך, ווי שנעל עס פערשווינדעט די צייט פון יוגענדליכע חלומות, די איינציגע גליקליכע צייט אין אונזער לעבען! דער וואס בעזיצט די טהייערע מתנה צו טרוימען, דער איז קיינמאל ניט אליין, קיינמאל ניט מיעד, ניט טרויעריג, ניט פערצווייפעלט און ניט איינזאם.

אך, פאר מיר איז דאס אלעס שוין אוועק... אלעס איז שוין אוים!

איך האב געטרוימט, פון וואס? פון אלסדינג נאך וואס מען בענקט, אויף וואס מען האפט און ווינשט, פון גליק, פון בעריהמטקייט, פון ליעבע.

מיט שנעלע טריט בין איך געגאנגען ווייטער בעת איך האב מיט דער האנד די געלע קעפ פון די זאנגען געגלעט, וועלכע האבען זיך געבויגען אונטער מיינע פינגער און מיר דעם לאדאן בעריהרט, ווי מיינע פינגער וואלטען פרויען־האהר געגלעט.

איך האב זיך פערנומען אן א זייט צווישען קליינע בערגלאך און דא האב איך בעמערקט אין א קליינער, שמאלער בוכטע א ווייסע הויז אויף א קליין בערגעל, פון וואנען דריי טעראסען האבען געפיהרט צום ברעג.

פארוואס האט מיין הארץ אין מיר גענומען זיך פרעהען, ווען איך האב דערזעהן דאס הויז? איך וויים עס ניט. מאנכעס מאל געפינט מען אויף דער רייזע עפעס א ווינקעל, וועלכער עס דאכט

זיך, אז מען קען שוין פון לאנג, זאוי היימיש ווייזט ער אוים, אזוי גוט געפעלט ער אונז גלייך. איז דאס מעגליך, אז מען האט עס נאך קיינמאל ניט געזעהן, אז מען האט דארט ניט אמאל שוין געוואהנט? אלעם פערכאפט און ענטציקט: דער האריזאנט, די בוימער, די פארב פון'ם זאמד, אלעס, אלעס...

— אך, ווי שעהן עס איז געווען דאס הייזעל, דארט אויבען אויף דעם בערגעל! גרויסע פרוכט־בוימער האבען געוואקסען אין דער גאנצער לענג פון די טעראסען, וועלכע האבען זיך געצויגען ביז צום וואסער ארונטער, ווי מעכטיגע טרעפ.

איך בין געבליבען שטעהן שטעהן פארגאפט, אזוי שטארק האט מיך בעצויבערט דער דאזיגער אנבליק! איך וואלט מיט פערגעניגען דאס דאזיגע הייזעל בעזעסען, איך וואלט מיט פערגעניגען דארט אימער געוואהנט.

איך בין צוגעקומען צו דער טהיר מיט א קלאפענדיגען הארצען און האב איבערגעלעזען אויף איינעם פון די שטאכעטען פון פארקאן א צעטעל, געשריבען מיט גרויסע ווערטער:

— „צו פערקויפען!"

דאס האט מיך זעהר דערפרעהט, עפעס אזוי ווי מען וואלט מיר דאס הויז אנגעבאטען, ווי מען וואלט עס מיר געשענקט. ווארום? יא, ווארום? דאס פערשטעה איך אליין ניט.

„צו פערקויפען". עס געהערט אלזא כמעט צו קיינעם ניט מעהר, און עס קען געהערען צו אלעמען, צו מיר, יא צו מיר. פון וואנען האט זיך גענומען די פרייד, די דאזיגע טיעפע אונערקלעהר־ליכע גליקזעליגקייט, וואס איך האב אין זיך דערפיהלט? איך האב דאך גאנץ גוט געוואוסט, אז איך וועל עס ניט קויפען, וואו זאל איך נעהמען מיט וואס צו בעצאהלען? אבער דאס האט מיר ניט אויס־געמאכט, עס איז געווען צו פערקויפען. דער פויגעל אין שטייג געהערט צו זיין בעל הבית, דער פויגעל אין דער לופט — געהערט מיר, ווייל קיין אנדערער בעזיצט איהם ניט.

און איך בין אריין אין גארטען. אך, וואס פאר א רייצענדער גארטען מיט זיינע, זיך צוזאמענלויפענדיגע וועגען, זיינע פרוכט־בוימער מיט די לאנגע צווייגען, וועלכע האבען אויסגעזעהן ווי מארטירער צוגעשלאגענע צום קרייץ, זיינע גאלדענע גינסטער בו־שעס און דיביידע פייגענבוימער אויף יעדער טעראסע.

ווען איך בין געשטאנען אויף דעם לעצטען טרעפעל, האב איך זיך ארומגעקוקט. די קליינע בוכטע האט זיך אויסגעצויגען צו מיי־נע פיס, רונד און זאמדיג, אבגעשלאסען פון'ם ים דורך דריי הויכע מעכטיגע ברוינע פעלזען, און וועלכע די כוואליעס האבען זיך אנ־געשטויסען און זיך געמוזט ברעכען

אויבען זיינען געשטאנען צוויי גוואלדיגע שטיינער איינער אנטקעגען דעם אנדערען. איינער איז געשטאנען הויך און גלייך ווי א מצבה, דער אנדערער איז געלעגען אויסגעצויגען אין גראז. און זיי ביידע האבען מיט קאלטע בליקען געשיינט צו קוקען אויף דאס קליין הייזעל, וועלכע זיי האבען געזעהן בויענדיג. זייט יאהר הונדערטער האבען זיי געקענט די דאזיגע בוכטע נאך לאנג, לאנג איידער דאס הייזעל איז דא געשטאנען און זיי וועלען דא בלייבען שטעהן לאנג, לאנג נאכדעם, ווי דאס הייזעל וועט צופאלען, וועט אונטערגעהן, וועט פערשווינדען, דיעזעס הייזעל מיט דעם צעטעל: „צו פערקויפען".

אך, ווי איך האב ליעב אזעלכע פערוואָרפענע ווינקעלאך, אזעלכע שטיינערנע פעלזען!

און איך האב אנגעקלונגען אין טהיר, ווי איך וואלט געווען ביי זיך אין דער היים. א פרוי האט געעפענט, א דיענסט, א קליינע אלטע, שווארץ געקליידעטע דיענסט מיט א ווייס הייבעל, וועלכע האט אויסגעזעהן ווי א נאנע. מיר האט זיך געדאכט, אז די פרוי איז מיר אויך בעקאנט.

איך האב זי געפרעגט:

— איהר זייט מסתמא ניט פון ברעטאן?

זי האט געענטפערט:

— ניין, איך בין פון לאטהארינגען.
און האט גלייך צוגעלעגט:
— איהר ווילט אנקוקען דאס הויז, ניט אמת?
— יא, געטראפען.
און איך בין אריין אינווייניג.

מיר האט זיך געדאכט, אז איך דערקען אלעס ווידער, די וואנד, די מעבעל. אלעס איז מיר געוועזען אזוי נאהנט, אז איך האב זיך כמעט געוואונדערט וואס איך געפין ניט אין פיהר־הויז מיין שטאק, מיין שירעם.

איך בין אריין אין סאלאן, א קליינעם מאטען צימער, וועמעס דריי פענסטער האבען ארויסגעקוקט אין ים ארויס. אויף דעם קאמין זיינען געשטאנען כינעזישע וואזען און א גרויסע פאטאגרא־פיע פון א פרוי. איך בין גלייך צוגעגאנגען צום בילד, פעסט איבער־צייגט, אז איך מוז זי אודאי קענען.

און איך האב זי טאקע דערקענט, הגם איך האב אויף זיכער געוואוסט, אז איך האב זי קיינמאל ניט געטראפען. זי איז דאס גע־וועזען, זי, וועמען איך האב ערווארט, וועמען איך האב בעגעהרט, נאך וועמען איך האב געבענקט. זי, וועלכע מען האלט אין איין זוכען, זי, וועלכע מען דענקט צו טרעפען אין גאס, אויפ'ן פעלד, אין וואלד און עם הויבט אן צו קלאפען דאס הארץ ווי נו מען דער־זעהט פון ווייטען א רויטען זונען־שירעם. זי, וועלכע מיר האפען צו טרעפען אין האטעל, ווען מיר זיינען אויף דער רייזע, וועלכע מוז שוין זיצען אין אייזען־באהן, ווען מיר שטייגען אהין אריין, זי, וועלכע מיר זוכען אין סאלאן און מיינען, אז זי קומט יעדעס מאל ווע די טהיר עפענט זיך.

זי איז עס געוועזען אונבעדינגט, אהן צווייפעל. איך האב זי דערקענט אן איהרע אויגען, וועלכע האבען מיך אנגעקוקט, אן איהרע האהר פערקאמט אויף דעם ענגלישען שטייגער און איבערהויפט אן דעם מויל, אן דעם שמייכעל, וועלכען איך האב מיר אימער אזוי פארגעשטעלט.

און איך האָב גלייך געפרעגט:

— ווער איז דיעזע פרוי?

די גוטע, אלטע נאַנע האָט געענטפערט טרוקען:

— דאָס איז די מאדאם.

איך האָב געפרעגט:

— אייער בעל הבית'טע?

זי האָט געענטפערט אין איהר אונטערוווירפיגען הארטען טאָן:

— אָ, ניין.

איך האָב זיך געזעצט און געזאָגט:

—דערצעהלט מיר אקאָרשט וואָס דאָס מיינט?

זי איז געבליבען שטעהן צושראָקען, אונבעוועגליך און געשוויגען.

דאן האָב איך נאָך אמאָל געפרעגט:

— איז זי די בעזיצעריין פון דיעזער הויז?

— אָ, ניין.

— צו וועמען דען געהערט דאָס הויז?

— צו מיין בעל הבית, הערר טאורנעלל.

איך האָב אָנגעוויזען מיט'ן פינגער אויף דער פאָטאָגראפיע:

— און ווער איז דיעזע דאמע?

— דאָס איז די פרוי.

— די פרוי פון אייער בעל הבית?

— ניין.

— דאן איז זי אלזא זיין געליעבטע?

די נאַנע האָט ניט געענטפערט. עפּעס א מין סאָרט אייפערזוכט איז אויף מיר אָנגעפאלען און א כעס אויף דעם מאַן, וועלכער האָט געפונען אזא פרוי.

— וואו זיינען זיי אצינד?

די אלטע האָט געענטפערט:

— דער הערר איז אין פאריז, די פרוי... דאָס וויים איך ניט.

איך האָב געציטערט:

— אָך, זיי זיינען אלזאָ מעהר ניט צוזאַמען?

— ניין.

דאָ האָב איך געברויכט אַ ביטראַסט און געזאָגט ערנסט:

— זאָגט מיר וואָס איז דאָ געשעהן, פיליכט וואָלט איך איי־ערע הערערען קענען טהאָן אַ טובה. איך קען די פרוי און וויים, אז זי איז אַ שלעכטס.

די אלטע פרוי האָט מיך אַנגעקוקט און דערזעהן מיין אַפּענעם, עהרליכען אויסזעהן, האָט זי געקראָגען צו מיר צוטרויען:

— אַ, זי האָט מיין בעל הבית זעהר אומגליקליך געמאַכט. ער איז מיט איהר אין איטאַליען בעקאַנט געוואָרען און האָט זי מיטגענומען אהער, ווי ער וואָלט מיט איהר חתונה געהאַט. זי האָט געזונגען זעהר שעהן און ער האָט זי אזוי שטאַרק געליעבט! אזוי שטאַרק! אָך, עס איז געווען שרעקליך, שרעקליך אויף זיי צו קו־קען! לעצטען יאָהר האָבען זיי אין דער געגענד געוויזט און דאַן האָבען זיי געפונען אָט דאָס הייזעל, וואָס אַ משוגענער האָט אויס־געבויט, ווייל ער האָט געוואָלט וואָהנען ווייט אוועק פון דאָרף, פון מענשען. דער פרוי האָט זיך גלייך פערוואָלט דאָס הייזעל, אום דאָרט צו בלייבען מיט דעם הערר. כדי איהר צו פערשאַפען פער־געניגען, האָט דער הערר געקויפט דאָס הייזעל.

זיי זיינען דאָ געווען דעם גאַנצען לעצטען זומער און כמעט דעם גאַנצען ווינטער.

און דאַן, איין מאָל אין אַ פריהמאָרגען, אין צייט פון פריה־שטיק, רופט מיך פּלוצים מיין בעל הבית און זאָגט: —

— צעזאַרינע, איז די פרוי געקומען אהיים?

— ניין, מיין הערר.

דעם גאַנצען טאָג האָבען מיר געוואַרט. מיין בעל הבית איז געווען ווי משוגע. מען האָט זי געזוכט איבעראַל, אָבער זי איז אין ערגעץ ניט געווען. זי איז אוועק, קיין מענש האָט קיינמאָל ניט געקענט דערגעהן ווי אזוי און וואוהין.

אך, ווי גליקליך איך האב זיך פלוצים דערפיהלט. אויף מיר איז אנגעפאלען א פערלאנג די אלטע דיענסט ארומצונעהמען, זי צו כאפען פאר דער טאליע און מיט איהר אוועק געהן א טענצעל אין סאלאן.

זי איז אוועק! זי איז אנטלאפען! ער איז איהר דערעסען, האט איהר געעקעלט און זי האט איהם פערלאזען! ווי גליקליך איך בין געוועזן!

די אלטע האט ווידער אנגעהויבען:

דער בעל הבית איז געוועזן אזוי אונגליקליך, אז איך האב גע־מיינט ער וועט שטארבען. דאן איז ער אוועק צוריק אין פאריז און האט מיך מיט מיין מאן איבערגעלאזען דא, אום מיר זאלען דאס הויז פערקויפען. עס קאסט צוואנציג טויזענד פראנק.

אבער איך האב שוין מעהר ניט געהערט דער אלטער'ס רייד. איך האב געטראכט וועגען איהר און פלוצים האט זיך מיר געדאכט, אז איך דארף בלויז ארויסגעהן פון דאנען און גלייך וועל איך זי טרעפען! זי האט אודאי געמוזט היינטיגען פריהלינג צוריק אהער קומען, אום דאס הייזעל ווידער צו זעהן, איהר שעהנע הייזעל, אין וועלכער זי וואלט אהן איהם גערן געוואהנט.

איך האב אריינגעשטופט דער אלטער פרוי אין האנד א צעהן פראנק שטיק. דאן האב איך גענומען די פאטאגראפיע און בין מיט איהר אנטלאפען, קושענדיג דערביי משוגע דאס זיס פנים'ל אין דער ראהם.

איך בין ווידער אין גאס ארוים און אויפ'ן וועג האב איך אלץ אויף איהר געקוקט. עס איז געוועזן אזוי שעהן, וואס זי איז פון איהם אנטלאפען. איך האב זי געמוזט בעגעגענען היינט אדער מאר־גען, די וואך אדער איבער אכט טאג. זי האט איהם פער־לאזען, פערלאזען, ווייל עס איז געקומען מיין צייט. זי איז גע־וועזן פריי, ערגעץ וואו אין דער גרויסער וועלט, איך האב זי נור געדארפט געפינען.

און ווידער האָב איך געגלעט די רייפע זאנגען מיט מיינע פינ־
גער, איינגעזויגען אין זיך דעם ים לופט, וועלכע האָט מיר מיינע
לונגען געקוויקט און זיך געלאָזט קושען פון דער ליכטיגער זון.
איך בין געגאנגען ווייטער פול גליק, אין גאנצען פער'שיכור'ט פון
האָפנונג. איך בין געגאנגען ווייטער און געוואוסט, אז איך וועל
זי באלד געפינען, אז איך וועל זי צוריקפיהרען אין דער דאָזיגער
קליינער, שעהנער הייזעל אויף וועלכען עס געפינט זיך דער צעטעל
„צו פערקויפען", און אז מיר וועלען דאָרטען צוזאמען וואָהנען.
און דאָס מאָל וועט עס איהר געפעלען, יא, דאָס מאָל...

# אַ איינפאַכע דראַמע.




י אנגענעהמסטע זאַך אויף רייזען זיינען די בעגעגנישען. וואָס פאַר אַ פרייד דאָס איז צו טרעפען פינף הונדערט מייל ווייט פון דער היימאַטה, א לאַנדסמאַן, אַ שוהל־חבר, אָדער א שכן פון אַ דערבייאיגען דאָרף! ווי אנגענעהם און אינטערעסאַנט דאָס איז צו זיצען גאַנצע נעכט מיט אָפענע אויגען אין אַ קליין, טרייסלענדיגען דיליזשאַנס אין יענע פלעצער, וואו מען ווייס נאָך ניט פון אן אייזען־באַהן, צו זיצען זייט ביי זייט מיט אַ יונגער אונבעקאַנטער פרוי, וועלכע איהר האָט געזעהן בלויז איין רגע פאַר דעם בלאַסען שיין פון אַ לאָמטערנע.

און אין דער פריה, ווען אין'ם קאָפּ און אין די אויערען שטעהט נאָך אַ הו־האַ פון'ם שטענדיגען קלינגען פון'ם גלעקעל, פון'ם קלאַפּען פון די שויבען, ווערט איהר בערוישט פון אַ בעצויבערטען געפיהל, דערזעהענדיג ווי אייער יונגע, צושויבערטע שכנה עפענט די אויגען, קוקט זיך ארום, גלעט צו מיט די שפּיצען פון איהרע דינע פינגער די צוואַוואָרפענע האָהר, פעררירכט איהר פריזור, טהוט אַ טאַפּ דעם קאָרסעט, צו ער איז ניט אראָבגעפאַלען אָן אַ זייט, איהר קאָפּטע, צי האָט זיך ניט צודרעהט און צי דאָס קלייד איז ניט שטאַרק צוקנייטשט געוואָרען.

זי וואַרפט אויך אויף אייך א בליק, א קאַלטען און אַ נייגעריגען. און דערנאָך פעררוקט זי זיך צוריק אין איהר ווינקעל און

אינטערעסירט זיך, דאכט זיך, מיט קיין אנדער זאך ניט, אויסער מיט דער ארומעדיגער געגענד.

און ניט ווילענדיג קוקסטו אויף איהר, און ניט ווילענדיג טראכסטו פון איהר. ווער איז זי? פון וואנען פאהרט זי? וואו־הין? ניט ווילענדיג ווערט אין די געדאנקען בעשאפען א קליין ראמאן. זי איז שעהן; זי זעהט אוים פול חן; א גליקליכער איז יענער... עס קען זיין, אז דאס לעבען ביי איהר זייט וואלט געווען וואונדער־שעהן. ווער ווייסט? אפשר איז זי די פרוי, וועלכע פאסט זיך צו אונזער הארצען, צו אונזערע טרוימען, צו אונזער גייסט.

אנגענעהם איז זאגאר דער פערדרוס, וואס דו פיהלסט, בעת דו זעהסט, ווי זי געהט ארוים נעבען א הויף פון א דארפישען הויז. דא ווארט א מאן און צוויי קינדער און צוויי דיענסטען. ער נעהמט זי אין זיינע ארעמס און קושט זי. זי בייגט צו צו זיך די עופ'עלאך, וועלכע ציהען צו איהר אוים זייערע הענטעלאך, הויבט זיי אויף און קושט זיי צערטליך און אלע געהען אוועק איבער דער אלעע, וועהרענד די דיענסטען נעהמען די פעקלאך, וועלכע דער קאנדוקטאר ווארפט צו זיי פון דער פלאטפארמע ארונטער.

אדיע! נאך איהר. וועסט זי שוין מעהר קיינמאל ניט זעהן, קיין מאל ניט. אדיע, יונג ווייבעלע, וועלכע האט פערבראכט נעבען אייך א גאנצע נאכט. איהר קענט זי ניט, איהר האט מיט איהר קיין ווארט ניט אויסגערעדט און דאך ווערט אייך אומעטיג אויפ'ן הארצען, וואס זי איז אוועק. אדיע!

איך האב א סך אזעלכע רייזע־ערזינערונגען, זעהר א סך, אי פרעהליכע אי טרויעריגע.

איך בין געווען אין אווערן, האב זיך ארומגעבאלאנקעט צופוס איבער יענע רייצענדע, פראנצויזישע בערג, וועלכע זיינען ניט גאר הויך, ניט גאר משופע'דיג און דאך אזוי שעהן, אזוי אנגענעהם פאר'ן

אויג. איך בין ארויפגעקראכען אויף סאנסי און בין אריין אין א קליין קרעטשמע נעבען א קירכע. אין א ווייטען ווינקעל פאר א טישעל האב איך דערזעהן עפעס א מאדנע, א לעבערליכע אלטע פרוי, עסענדיג איינזאם איהר מאלצייט.

זי איז אלט געווען א יאהר זיעבעציג אוודאי, זי איז געווען א הויכע, א מאגערע, מיט אויסגעשטארצעטע ביינער, איהרע גרויע האהר זיינען געווען אנגעקרויזט ביי די שלויפען נאך דער אלטער מאדע. זי איז געווען אנגעטהאן אבגעלאזען און לעבערליך ווי א רייזענדע ענגלענדערקע, ביי וועלכע דער טואלעט שפיעלט גאר קיין דאלע ניט; זי האט געגעסען א פיינקוכען און געטרונקען וואסער.

זי האט געהאט עפעס א מאדנעם אויסזעהן. אונרוהיגע אויגען און איהר גאנץ פנים איז געווען, ווי פון א מענשען, וועמען דאס לעבען האט ניט געשאנעוועט. ניט ווילענדיג האב איך אויף איהר געקוקט, פרעגענדיג ביי זיך אליין: „ווער איז זי? וואס פאר א סארט לעבען פיהרט זי? ווארום שלעפט זי זיך ארום איינע אליין איבער דיעזע בערג?"

זי האט בעצאהלט, דערנאך איז זי אויפגעשטאנען, זיך קליי־בענדיג אוועקצוגעהן, און פאררוכט עפעס א מאדנעם, קליין שיילכיל, וואס זי האט געטראגען אויף זיך. זי האט גענומען פון ווינקעל א לאנגען שטעקען, אין גאנצען באדעקט מיט נעמען, אויסגעברענטע מיט הייסע אייזענס און זיך ארויס א גלייכע, א שטייפע, מיט קליינע טריט, ווי א בריעף טרעגער, וואס געהט צו זיין ארבייט.

א באגלייטער האט געווארט אויף איהר ביי דער טיר. זיי זיינען אוועק. איך האב געזעהן, ווי זיי האבען זיך אראבגעלאזען אין א טהאל מיט'ן וועג, וועלכער איז בעצייכענט געווען מיט א ראנד הויכע, הילצערנע צלמים. זי איז געווען העכער פון איהר בעגלייטער און איז געגאנגען, דאכט זיך, שנעלער פון איהם.

אין צוויי שעה ארום האב איך זיך געקאראבקעט אויפ'ן עק

פון א טיפען טהאל, וואו אונטען אויף'ן דעם דעק, אין א וואונדער־בארער, ריעזיג־גרויסער, גרינער גרוב, פול מיט בוימער, מיט בושעס, מיט אבגעריסענע פעלזען און בלומען, האט זיך געפונען די אזערע פאווען. די דאזיגע אזערע איז געווען אזוי רונד ווי מען וואלט זי מיט א צירקעל ארומגערינגעלט, אזוי קלאהר און אזוי בלוי ווי א שטראם לאזור־בלויקייט וואלט פון הימעל אויף דעם אראבגע־פאלען, אזוי פול כישוף, דאס ניט ווילענדיג האט זיך ערוועקט א פערלאנג צו לעבען דא ארום אין א הייזעל אויף א מיט וואלד בעוואקסענעם פעלז, וואס הויבט זיך אויף איבער דעם דאזיגען אב־גרונד, וואו דאס וואסער שלאפט קאלט און רוהיג.

זי איז געשטאנען אונבעוועגליך און געקוקט אויף דער קלא־רער דורכזיכטיגער אבערפלעכע פון'ם וואסער. זי האט געקוקט אזוי, ווי זי וואלט וועלען אריינדרינגען אין די געהיימניספולע טיעפ־קייט, וואס איז געווען אנגעפיהלט, ווי מען האט דערצעהלט, מיט שרעקליכע גרויסע פארעללען, וועלכע האבען געפרעסען די אנדערע פיש. ווען איך בין איהר פערבייגעגאנגען, האט זיך מיר אויסגע־וויזען, אז צוויי טרערען האבען זיך געקייקעלט פון איהרע אויגען. אבער זי איז אוועק מיט שנעלע טריט צו איהר בעגלייטער, וואס איז געשטאנען נעבען א שענק דערביי.

יענעם טאג האב איך זי מעהר ניט געזעהן.

אויף מארגען פארנאכט בין איך געקומען אין שלאס מיוראל. די אלטע פעסטונג, א גוואלדיג־הויכער טהורם וואס שטעהט אויף א שפיציגען בארג, וועלכער געפינט זיך אין מיטען פון א גרויסער גלייכער שטרעקע לאנד מיט טהאלען פון דריי זייטען, האט זיך אפגעצייכענט אונטער'ן הימעל דונקעל, איינגעבויגען, צולעכערט און האלב צופאלען.

די דאזיגע פעסטונג מאכט א גוואלדיגען איינדרוק מיט איהר הערליכער איינפאכקייט, מיט איהר אלט־פרענקישען, מעכטיגען און שטרענגען אויסזעהן. גאנץ אליין, הויך ווי א בארג, רוהט זי דא,

א טויטע, אבער דאך די הערשערין פון די טהאלען, וואס ליגען צו איהרע פיס. אינוועניג אין דער פעסטונג זיינען איינגעפאלענע זאאלען, צובראכענע טרעפען, געהיימע גריבער, אונטער־ערדישע טהירען, שפאלטען פערוואקסענע מיט גראז.

איך האב געבלאנדזשעט צווישען די דאזיגע חורבות. פלוצים האב איך דערזעהן אויף א וואנד עפעס א וועזען, ווי דעם גייסט פון דעם דאזיגען אלטען, חרוב־געווארענעם שלאס.

איך האב א ציטער געטהאן פאר שרעק. איך האב דערקענט יענע אלטע פרוי, וועלכע איך האב שוין צוויי מאל געטראפען.

איך האב זיך א קעהר געטהאן, געוואלט אוועקגעהן. ערשט זי האט גענומען רעדען צו מיר, קאנטיג צומישט פון דעם וואס איך האט זי דארט געטראפען.

— יא מיין הערר — האט זי געזאגט — איך וויין... דאס אבער פאסירט מיט מיר זעהר זעלטען.

איך האב ארויסגעשטאמעלט, ניט וויסענדיג, וואס צו זאגען:

— ענטשולדיגט, מאדאם, וואס איך האב אייך געשטערט. אייך האט, וואהרשיינליך אן אונגליק געטראפען.

זי האט ארויסגעפליסטערט:

יא... ניין. איך בין ווי א הונד, וואס האט ניט קיין היים.

זי האט צוגעלעגט דאס טיכעל צו די אויגען און זיך צויאמערט.

איך האב זי אנגענומען פאר א האנד און געזוכט זי צו בערו־היגען און פלוצים האט זי מיר דערצעהלט איהר גאנצע געשיכטע, אזוי ווי זי וואלט איהר הארץ וועלען אויסריידען.

— אה! אה!... מיין הערר... ווען איהר וואלט געוואוסט... ווי פערצווייפעלט איך בין, ווי אונגליקליך.

איך בין געווען גליקליך... דארט, אונטען, האב איך מיין הויז... איך קען אהין ניט קומען. איך וויל מעהר קיינמאל אהין ניט קומען. איך וויל מעהר קיינמאל אהין ניט קומען. מיר איז זעהר שווער.

איך האָב אַ זוהן... דאָס איז ער! דאָס איז ער!... קינדער ווייסען ניט... ווי ווייניג צייט מען לעבט!.. ווען איך וואָלט איהם איצט געזעהן, קאָן זיין, אַז איך וואָלט איהם ניט דערקענט!... ווי איך האָב איהם ליעב געהאַט... כ'האָב איהם משוגע ליעב געהאַט נאָך פריהער, איידער ער איז געבאָרען געוואָרען, גלייך ווי איך האָב איהם דערפיהלט אונטער מיין הארצען. און דערנאָך ווי איך האָב איהם געלאַסצעט, געצערטעלט און געקושט! ווען איהר וואָלט גע־וואוסט פיעל נעכט איך האָב פערבראַכט, קוקענדיג, ווי ער שלאָפט, טראַכטענדיג וועגען איהם און נור וועגען איהם. איך האָב איהם משוגע ליעב געהאַט. איהם איז געווען אַכט יאהר, ווען דער פאַטער האָט איהם אריינגעגעבען אין אַ פּאַנסיאָן. דאַן האָט זיך אַלסדינג פאַר מיר געענדיגט. ער האָט שוין מעהר ניט געהערט צו מיר. אַה, מיין גאָט! נור זונטאָג האָב איך איהם געזעהן און ניט מעהר.

דערנאָך איז ער אריינגעטראָטען אין פּאַריז אין קאָלעדזש. דאַן האָב איך איהם געזעהן נור פיער מאָל אין יאהר, ווען ער פּלעגט קומען אהיים. און יעדעס מאָל האָט מיך געוואונדערט, ווי ער פער־ענדערט זיך. מיר איז אויסגעקומען עפּעס אַזוי מאָדנע, ווען איך האָט איהם געטראָפען אַ גרויסען, נישט זעהענדיג, ווי ער וואַקסט. ביי מיר האָט מען אוועקגעגנב'עט זיין קינדהייט, זיין צוטרויען, זיין ליעבע, וועלכע וואָלט אויף שטענדיג פערבליבען די גאַנצע פרייד, וואָס אַ מוטער האָט, בעת זי זעהט, ווי דאָס קינד וואַקסט און ווערט אַ מענשעלע.

פיער מאָל אין יאהר האָב איך געזעהן! בערעכענט נור! ביי יעדען מאָל פון זיין קומען האָב איך געזעהן אַנ'אַנדער קערפּער, אַן אַנדער בליק, אַנדערע בעוועגונגען, אַן אַנדער שטימע, אַן אַנדער געלעכטער. אַ קינד ענדערט זיך זעהר שנעל; און ווען דו ביזט דערביי ניטאָ און דו האָסט ניט געזעהן, ווי אַזוי דאָס אַלס־דינג האָט זיך אין איהם געענדערט, איז דאָס זעהר טרויעריג, דו דערקענסט איהם ניט מיהר!

איין מאל איז ער געקומען צופאהרען מיט קליינע וואנסעלאך אויף דער אויבערשטער ליפ! ער! מיין זוהן! איך בין געווארען צומישט... און פערטרויערט, איהר וועט גלויבען? איך האב קוים געוואגט איהם א קוש צו טהאן. איז ער עס? מיין קליינינקער, מיין אמאל גאר פיטשינקער אינגעלע, מיט די בלאנדע געקרויזטע לאקען, מיין טהייערער, מיין ליעבער אינגעלע, וועלכער איז געלעגען ביי מיר אויף די קניע, איינגעוויקעלט אין ווינדעלאך און האט געזויגען מיין מילך מיט זיינע קליינע דורשטיגע ליפעלאך?... איז עס טאקע ער, אט דער גרויסער, דוננקעלער יונג, וועלכער קען זיך נישט צולאסטשען צו מיר, וועלכער ליעבט מיך אין אלגעמיין עפעס אזוי ווי א פליכט, וועלכער רופט מיך „מאמע" פון אנשטענדיגקייט וועגען און קושט מיך קאלט אין שטערן אין דער צייט, ווען מיר וואלט זיך וועלען איהם דערשטיקען אין מיינע ארעמס.

מיין מאן איז געשטארבען. דערנאך איז געקומען דער סוף פון מיינע עלטערן און באלד נאך זיי האב איך פערלארען מיינע צוויי שוועסטער. ווען דער טויט קומט אריין אין א הויז, איילט ער זיך אויפצוטהאן וואס מעהר ארבייט, כדי עס זאל איהם ניט אויס־קומען באלד וויעדער אהין צו קומען. ער לאזט לעבען בלויז איינעם אדער צוויי, כדי צו בעוויינען די איבעריגע.

איך בין געבליבען אליין. מיין ערוואקסענער זוהן איז דאן געווען א סטודענט, ער האט שטודירט פאר אן אדוואקאט. איך האב געהאפט צו לעבען און שטארבען נעבען איהם.

איך בין אוועקגעפאהרען צו איהם, אום זיך ביי איהם צו בעזעצען. ער האט דערווייל זיך צוגעוואהנט צו פיהרען א לעבען פון א יונגען מאן און ער האט מיר באלד געגעבען צו פארשטעהען, אז איך מאך איהם ענג. איך האב איהם פערלאזען, איך בין אוועק־געפאהרען; איך בין געווען אונגערעכט; אבער מיר איז געווען צו ביטער צו פיהלען, אז איך, זיין מאמע, בין איהם שווער, פאל איהם צו לאסט. איך האב זיך אומגעקעהרט צוריק צו זיך אהיים.

פון דאן אן האב איך זיך מיט איהם נישט געזעהן, כמעט גאר ניט.

ער האט חתונה געהאט. וואס פאר א פרייד! ענדליך וועלען מיר זיך פעראייניגען אויף אויביג. איך וועל האבען אייניקלאך, וועל זיי הארעווען! ער האט געהייראט אן ענגלענדערקע, ביי וועלכער איך האב ניט נושא חן געווען. פארוואס? זי האט הפנים דערפיהלט אז איך האב איהם צופיעל ליעב.

איך בין ווידער אמאל געווען געצוואונגען איהם צו פארלאזען. איך בין געבליעבען אליין, גאנץ אליין... יא, מיין הערר.

דערנאך איז ער אוועקגעפאהרען אין ענגלאנד. ער האט זיך אריבער־געקליעבען צו זיי, צו זיין ווייבס עלטערן און זיך דארט בעזעצט. איהר פערשטעהט? זיי האבען איהם, זיי האבען גע־וואונען זיין ליעבע, זיי האבען איהם אין גאנצען בעהערשט, זיי האבען ביי מיר צוגענומען מיין זוהן. זיי האבען איהם ביי מיר אוועקגע'גנב'עט! ער שרייבט מיר איין מאל אין חודש. די ערשטע צייט פלעגט ער נאך אמאל קומען צו מיר. איצט קומט ער שוין ניט מעהר.

שוין פיער יאהר ווי איך האב איהם ניט געזעהן! דעם לעצ־טען מאל האט ער שוין געהאט קנייטשען אויף זיין פנים און גרויע האאר. איך האב מיינע אייגענע אויגען ניט געגלויבט, איז עס מעג־ליך? אט דער דאזיגער כמעט אלטער מאן איז מיין זוהן? מיין אמאליג, קליין, פריש קינדעלע? איך וועל איהם וואהרשיינליך שוין מעהר ניט זעהן.

און איך פאהר ארום דעם גאנצען יאהר, פאהר רעכטס, פאהר לינקס, געה אהער, געה אהין, ווי איהר זעהט, גאנץ אליין.

איך בין ווי א היימלאזער הונד. אדיע, מיין הערר, פערלאזט מיך, מיך פארדריסט, וואס איך האב דאס אלעס דערצעהלט.

ארונטערלאזענדיג זיך פון'ם בערגעל, האב איך זיך אומגעקוקט. די אלטע איז געשטאנען אויף א צובראכענער וואנד און געקוקט אויף די בערג, אויף דעם לאנגען פלאכען טהאל און אויף דער אזערע שאמבאן, וואס האט זיך געזעהן פון ווייטענס.

און דער ווינד האט פארנאנדערגעוועהט, ווי א פאהן, די פאלעס פון איהר קלייד און דעם קליינעם עפעס מאדנעם שאלכעל, וואס זי האט געטראגען אויף איהרע דארע פלייצעס.

# גליק.


ס איז געוועז די צייט פון טהעע טרינקעז, פארנאכט איידער מען האט אנגעצונדעז די לאמפעז. די ווילא האט זיך אויפגעהויבעז איבער'ן ים. די זוהן איז אונטערגעגאנגעז און אויפ'ן הימעל איז נאך פערבליבעז א ווידערשייז פון איהרע לעצטע גאלדענע און ראזעווע שטראהלעז.

דער ים איז געלעגעז אהן א כוואליע, אהן א בעוועגונג, גלאט און גלאנצענדיג אין דער פארנאכטיגער רויטקייט, ווי א געוואלדיג גרויסע פאלירטע, מעטאלענע ברעט.

פון דערווייטענס אין דער רעכטער זייט האבעז זיך אויף דעם פורפור־רויטעז, פארנאכטיגעז הימעל אבגעצייכענט הויכע, צאקיגע שווארצע בערג.

מען האט גערעדט פון ליעבע. מען האט דעבאטירט וועגעז דער דאזיגער אלטער טהעמא, און געזאגט זאכעז, וועלכע זיינעז שוין טויזענד מאל געזאגט געווארעז. די זאנפטע מעלאנכאליע פון דעמערונג האט די ווערטער געמאכט קלינגעז לאנגזאמער, די הערצער אנגעפיהלט מיט עפעס א מין צערטליכקייט און דאס ווארט „ליעבע" וועלכעס האט זיך אלע ווייליע געהערט, דא פון א קרעפטיגער שטימע פון א מאן און דא פון א צארטעז, דינעז קול פון א פרוי, האט עפעס אזוי ווי אנגעפיהלט דעם גאנצעז זאאל, האט געפלאטערט אין דער לופטעז ווי א פויגעל, ארומגעשוועבט ווי א גייסט.

— קען מען ליעבען עטליכע יאהר נאכאנאנד?

— יא! — האבען געזאגט אייניגע.

— ניין! — האבען פערזיכערט די אנדערע.

מען האט דערצעהלט וועגען פערשיעדענע צופאלען, געבראכט ביישפיעלען און אלע, ווי די פרויען, אזוי די מענער פול מיט זיסע אונרוהיגע עראינערונגען, וועגען וועלכע מען טאר נישט רעדען, אבער וועלכע רייסען זיך אויף די ליפען, האבען אויסגעזעהן באוועגט און גערעדט מיט שטארקער אויפרעגונג און ברענענדיגען אינטערעס וועגען דער דאזיגער באנאלער, אלעס באהערשענדער זאך — וועגען דעם צארטען און געהיימניספולען צוזאמענגיסען זיך פון צוויי וועזענס.

אבער פלוצים האט אימיצער, וואס האט ארויסגעקוקט אין דער ווייטער ווייטקייט אויסגערופען:

— זעהט נור, טהוט א קוק, וואס איז דארטען אזוינס?

ווייט איבער'ן ים, ביים סאמע האריזאנט האט זיך בעוויזען א רוהיגע, אונבעשטימטע גרויע מאסע.

די פרויען זיינען אויפגעשטאנען און ניט פערשטעהענדיג וואס דאס איז, האבען זיי בעטראכט די זעלטענע ערשיינונג, וועלכע זיי האבען פריהער קיין מאל ניט געזעהן.

אימיצער האט געזאגט:

— דאס איז קארסיקא. אט אויף אזא אופן זעהט מען זי צוויי אדער דריי מאל א יאהר אונטער גאנץ בעשטימטע, אויסערגעוועהנליכע צושטענדע פון דער אטמאספערע, ווען די לופט איז פאלשטענדיג ריין און קיינע נעבלען פארשטעלען ניט פאר אונז די ווייטע ווייטקייט.

מען האט געקענט אונטערשיידען די שפיצען בערג, עס האט זיך געדאכט, אז מען זעהט דעם שנעע פון אויבען. אלע זיינען געווען ערשטוינט, כמעט דערשראקען פון דער דאזיגער פלוצימדיגער ערשיינונג פון א פרעמדער וועלט, פון דעם שאטען, וועלכער האט זיך פון ים אויפגעהויבען.

אפשר האבען יענע מענשען, וועלכע זיינען אמאל אזוי ווי קאלומבוס ארויסגעפאָהרען אין די ניט אויסגעפאָרשטע ים'ן אזעלכע ערשיינונגען געזעהן.

דא האט אן אלטער מאן, וועלכער האט ביז אהער נאך גאר־נישט גערעדט, זיך אָנגערופען:

— הערט אויס, אַט דיעזער אינזעל האָט זיך עפּעס אזוי ווי אור־מישנע בעוויזען פאר אונז, כדי אליין צו געבען אן ענטפער אויף דעם, וואס דא איז נור וואס גערעדט געווארען און כדי ארויסצו־רופען אין מיר א זעהר מערקווירדיגע עראינערונג. אויף דעם דאזיגען אינזעל האב איך אמאל געזעהן א ביישפּיעל פון אויביגער ליעבע, פון אמת'ן גליק. איך וועל עס אייך דערצעהלען.

---

פאר פינף יאָהרען האָב איך געמאכט א רייזע איבער קאָרסיקאָ. דער דאזיגער אינזעל איז אן אונבעקאנטער שטיק ערד, וועלכעס איז ווייטער און פרעמדער, ווי אמעריקא, הגם צייטענווייז זעהט מען איהם אזוי, ווי היינט פון די פראנצויזישע ברעגען.

שטעלט זיך פאָר א וועלט, וועלכע געפינט זיך נאָך אין א צו־שטאנד פון כאָאס. א גאנצער וואלד בערג, וועלכע ווערען דורכ־געשניטען פון שמאלע טהאלען; קיין ברעקעל פלאכעס לאנד, נור ריעזיגע גראניטענע פעלזען בעוואקסען מיט געדיכטע בושעס אָדער מיט הויכע גוואלדיגע וועלדער פון טאננען און קאשטאנען בוימער.

דאָס איז א יונגע, וויסטע אונקולטיווירטע לאנד, הגם וואו ניט וואו אויף א שפּיץ בארג זעהט זיך א מאל א דערפעל, עהנליך צו א קופּע פעלזען; קיין פעלד ארבייט, קיין אינדוסטרי, קיין קונסט. מען זעהט ניט אין ערגעץ קיין שטיק געשניטען האלץ, אדער א גראווירטען שטיין, קיין עראינערונג אן דעם קינדערשען אָדער פיינערן געשמאק פון אונזערע עלטער־עלטערן פאר שעהנע און קינסטלערישע זאכען. און מעהר פון אלעם וואונדערט אייך

אין דעם דאזיגען שטאלצען און ווילדען לאנד די געירש'ענטע גלייב־גילטיגקייט צו יענע שטרעבונגען, וועלכע מיר רופען אן קונסט.

איטאליען, וואו יעדער פאלאץ איז פול מיט מייסטערווערק; וואו מארמאר, האלץ, בראנז, אייזען, יעדער מעטאל און יעדער שטיין רעדט פון מענשליכען דזשעניוס; וואו די קלענסטע זאכען, וואס געפינען זיך אין אלטע הייזער טראגען אויף זיך דעם שטעמפעל פון דיעזען געטליכען שטרעבען צו דאס שעהנע — די דאזיגע איטא־ליען, אליין א מייסטער־ווערק, איז פאר אונז אלעמען דאס הייליגע פאטערלאנד, וועלכע מיר האבען ליעב, ווייל זי דעקט אויף און בע־ווייזט אונז די קראפט, די גרויסקייט, די מאכט און דעם טריאומף פון דעם מענשליכען שאפען, פון זיין אינטעליגענץ.

און קארסיקא, אנטקעגען איהר איז געבליעבען פונקט אזוי ווילד, ווי אין איהרע ערשטע טעג. און איהרע איינוואהנער און זייערע ניט שעהנע הייזער זיינען גלייכגילטיג צו אלעם, וואס עס געהערט ניט צו זייער טעגליכער עקזיסטענץ אדער זייערע פאמי־ליען־צוויסטיגקייטען. זיי האבען איינגעהאלטען אין זיך אלע פעה־לערן און אלע אייגענשאפטען פון די אונציוויליזירטע פעלקער, זייער האסס, זייער הארטקייט, זייער ווילדע ליידענשאפט אבער אויך די גאסט־פריינדשאפט, די גרויסמוטיגקייט, און נאאיוויטעט, מיט וועלכער זיי עפענען די טהיר פאר אלע פארבייגעהער, און צאה־לען מיט אויפריכטיגער פריינדשאפט פאר דעם קלענסטען בעווייז פון סימפאטיע.

א מאנאט צייט האב איך זיך אזוי ארומגעבלאנקעט אויף דיעזען וואונדערבארען אינזעל מיט א געפיהל, ווי איך וואלט זיך געפונען אויפ'ן עק וועלט. קיין קרעטשמעס, קיין שיינקען, קיין גאסען. אויף שטעגלאך דערשלעפט מען זיך צו די דאזיגע דערפער, וועלכע האבען זיך צוגעטוליעט צו די שפיצען בערג איבער טיעפע אבגרונדען, פון וועלכע מען הערט נאכאנאנד א דומפפען פלעשצען פון לויפענדיגע טייכען.

מען קלאפּט אָן אין טהיר און מען בעט א נאכטלעגער און עפּעס אבצועסען. און דאן זעצט מען זיך ביי דעם איינפאכען טיש און מ'שלאָפט איבער אַ נאכט אונטער דעם אָרימען דאך, און אויף מארגען דריקט מען די אויסגעשטרעקטע האנד פון בעל הבית, וועלכער בעגלייט אייך ביז דעם גרענעץ פון'ם נעקסטען דארף.

און איין מאל אין אן אבענד נאך צעהן שטונדען מארשרוט, בין איך צוגעקומען צו א הייזעל, וועלכע איז געלעגען גאנץ אליין אין א טיעפען טהאל, א טהאל, וועלכער איז אַ שטונדע ווייטער אריינגעפאלען אין ים אריין. געדרעהטע בערג, באדעקט מיט בושעס, מיט אָבגעבראָכענע שטיקער פעלזען און גרויסע בוימער, האבען אזוי ווי צוויי פינסטערע ווענט פון ביידע זייטען איינגע־שלאָסען דאס דאזיגען אומעדיגען טרויעריגען טהאל.

ארום הויז האבען זיך געפונען א פּאאר ווייגבערג, א קליינער גערטעל און ווייטער אוועק זיינען געשטאנען א פאאר גרויסע קאשטאַנען־בוימער. קורץ, אלעס וואָס איז נויטיג צום לעבען, אין דעם דאזיגען ארימען לאנד איז עס געווען א גאנצער פערמעגען.

די פרוי, וואס האט מיך אויפגענומען איז געווען אלט, ארים אבער אונגעוועהנליך ריינטליך. דער מאן איז געזעסען אויף א שטרויענעם שטול, ער האט זיך אויפגעהויבען מיך צו בעגריסען, און זיך גלייך צוריקגעזעצט אויף זיין פּלאַץ, ניט רעדענדיג א ווארט.

זיי פרוי האט באמערקט:

— האָט אויף איהם קיין פאריבעל ניט, ער איז אין גאנצען טויב, ערשט פאר צוויי יאָהרען איז ער אזוי געוואָרען.

זי האט גערעדט פראנצויזיש, ווי א פראנצויזשקע און איך האב זיך זעהר פערוואונדערט. איך האב געפרעגט:

— אהר זייט דאך ניט געבארען געווארען אין קארסיקא.

זי האט געענטפערט:

— ניין, מיר זיינען פון עוראפּא, אבער מיר וואהנען שוין דא פופציג יאהר.

א געפיהל פון אונרוהיגקייט און אנגסט האט מיך באהערשט ביי דעם געדאנק, דאן די דאָזיגע פּופּציג יאָהר זיינען פערבייגע־גאנגען אין דיעזער פינסטערער לאָך, ווייט פון שטעדט, וואו מענ־שען וואהנען.

אַן אַלטער פּאסטוך איז אהיים געקומען און מיר האָבען זיך געזעצט צום טיש. דער מאַלצייט איז בעשטאַנען פון איין איינציגען געריכט — אַ געדיכטע יויך פון קאַרטאָפעל, שמאַלץ און ברויט.

נאָך דעם קורצען מאַלצייט, האָב איך זיך געזעצט פאַר דער טיהר; מיין הארץ האט מיר פאַרקוועטשט קוקענדיג אויף דער טרויעריגער לאַנדשאַפט, עס איז אויף מיר אנגעפאַלען אַן אומעט, אַ דערשלאַגענהייט, ווי עס טרעפט אמאָל מיט אַ רייזענדען אין די שטילע אבענדען צווישען וויסטע, אומעדיגע פּלעצער. עס דאַכט זיך דאַן, אַז אַלעס געהט צו ענדע — אי דאָס לעבען, אי די וועלט.

עס ווערט איינעם פּלוצים קלאָהר דאס גאַנצער יאָמער פון'ם לעבען, די איינזאַמקייט, די אבגעזונדערהייט פון די מענשען, די נישטיגקייט פון אַלע זאַכען, די וויסטע פּוסטקייט פון'ם הארצען, וועלכעס האַלט זיך אין איין נאַרען און פאַרוויגט זיך מיט נאַרישע חלומות ביז'ן טויט אריין.

די אַלטע פרוי איז צוגעקומען צו מיר און געמאַטערט פון יענע נייגירדע, וועלכע לעבט אפילו אין די פאַרשלאַסענסטע הער־צער, האט זי געפרעגט:

— איהר זייט, הייסט עס, פון פראַנקרייך.

— יאָ, איך רייז אַרום פון מיין אייגענעם פערגעניגען וועגען.

— זייט איהר אפשר פון פּאַריז?

— ניין, איך בין פון נאַנסי!

מיר האט זיך געדאַכט, אַז זי איז פּלוצים געוואָרען שטאַרק אויפגערעגט. ווי אַזוי איך האָב עס בעמערקט קען איך אַליין נישט וויסען.

זי האט געפרעגט מיט אַ שטיל קול:

— אַזוי איהר זייט פון נאַנסי?

איהר מאַן האָט זיך בעוויזען אין טיר. זי האָט געזאָגט:

— עס מאַכט נישט אויס, ער הערט סיי ווי נים.

דערנאָך אין עטליכע רגע'ס ארום האָט זי צוגעלייגט:

— דאַן קענט איהר אודאי א סך מענשען אין נאַנסי?

— נו, געוויס, כמעט אַלעמען.

— קענט איהר די פאַמיליע פון סאינטע־אַללאיצע?

— יאָ, זעהר גוט, זיי זיינען געווען מיין פאָטער'ס פריינד.

— זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווי הייסט איהר?

איך האָב אָנגערופען מיין נאָמען. זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגען און דאַן געזאָגט מיט יענער דומפּפער שטימע, וועלכע ווערט ארויסגערופען פון עראינערונגען:

— יאָ, יאָ, איך געדענק גוט. און וואָס איז געוואָרען פון די בריזמארס?

— זיי זיינען אַלע געשטאָרבען.

— אַך! און די דע־סירמאַנס האָט איהר געקענט?

— געוויס, דער לעצטער פון זיי איז איצט א גענעראַל.

— דאַן האָט זי געזאָגט זיך טרייסלענדיג פאַר אויפרעגונג אין עפּעס אַן אונבעשטימטען, מעכטיגען הייליגען געפיהל, געטריעבען פון א בעדערפעניש זיך מודה צו זיין, אַלעס צו זאָגען, צו רעדען פון די זאַכען, וועלכע זי האָט ביז אהער אין דער טיעפסטער טיעפעניש פון איהר הארצען פערבאָרגען, און פון יענע מענשען, וועמעס נעמען האָבען געמאַכט ציטערן איהר נשמה.

— יאָ, הענרי דע־סירמאַן. איך קען איהם גוט. ער איז מיין ברודער.

איך האָב זי אָנגעקוקט ערשטוינט און פערוואונדערט. אָבער פּלוצים האָט אין מיר אָבגעלעבט די עראינערונג.

דאָס האָט פאַסירט שוין לאַנג און האָט דאַן אָנגעמאַכט א גרויסען סקאַנדאַל צווישען דעם לאָטרינגישען אדעל. א יונגע מיידעל, שעהן און רייך, סוסאַננע דע־סירמאַן, איז אַנטלאָפען מיט

אַז אונטער אַפּיצער פון דעם גוסארען רעגימענט, איבער וועל־
כען איהר פאַטער האט קאַמאנדעוועט.

ער איז געווען א שעהנער יונג, א זוהן פון א פויער, וועמען דער
בלויער גוסארען־דאלמאן האט זעהר געקליידעט. דער דאזיגער סאל־
דאט האט פאר'כישופ'ט די טאכטער פון זיין עלטסטען. זי האט
איהם דערזעהן, איז אויף איהם אויפמערקזאם געוואָרען און האָט
זיך אין איהם פערליעבט, ווען זי האט איהם געזעהן פערביירייטענ־
דיג מיט זיין עסקאדראן.

אָבער ווי אזוי האָט זי מיט איהם גענומען רעדען? ווי אזוי
האבען זיי זיך פערשטאנען איינער דעם אנדער'ן? ווי אזוי האט
זי זיך ענטשלאסען איהם געבען צו פערשטעהן, אז זי ליעבט איהם?
דאס האט מען קיין מאל ניט געקענט דערגעהן.

קיינער האָט גאָר נישט פערדעכטיגט, קיינער האָט גאָר נישט
געוואוסט. איין מאָל אַן אבענד, ווען דער סאָלדאט איז פערטיג
געוואָרען מיט זיין דיענסט, איז זי מיט איהם פערשוואונדען. פון
דאן אָן האָט מען פון זיי גאָר נישט געהערט און מען האָט זיי גע־
האלטען פאר טויט.

און אין דעם דאָזיגען וויסטען פינסטערען טהאָל האָב איך זי
ווידער אמאָל געטראָפען.

דאן האָב איך געזאָגט פון מיין זייט:

— יא, יא, איך דערמאָן זיך גאנץ גענוי, איהר זייט פריילין
סוסאננע!

זי האָט א שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און טרעהערען האָבען
א שטראָם געטהאָן פון איהרע אויגען. דאן האָט זי אָנגעוויזען אויף
דעם גרייז, וועלכע איז געזעסען אונבעוועגליך אויפ'ן שוועל פון זיין
הייזעל און געזאָגט:

— דאָס איז ער!

און איך האָב פערשטאַנען, אז זי ליעבט איהם נאָך אלץ און
אז זי קוקט נאָך אלץ אויף איהם מיט טרייע, ליעבענדע אויגען.

איך האָב געפרעגט:

— זייט איהר כאָטש געווען גליקליך?

זי האָט געענטפערט מיט אַ קול, וועלכער איז געקומען פון הארצען:

— אך, זעהר גליקליך, ער האָט מיך איבערגליקליך געמאכט.

איך האָב געקוקט אויף איהר מיט אומעט, פערוואונדערט און בעגייסטערט פון דער מאכט פון ליעבע. דאָס דאָזיגע רייכע מיידעל איז אוועק מיט דיעזען מאן, מיט דיעזען גראָבען פויער, איז אליין געוואָרען אַ פויערטע און האָט אָבגעפיהרט אַ לעבען אָהן פערגעניגען, אָהן לוקסוס, אָהן וועלכע ניט איז בעפּוצונגען.

זי האָט אָנגענומען זיינע איינפאכסטע געוועהנהייטען, האָט זיך צוגעפּאסט צו זיין אָרים לעבען און דאָך האָט זי איהם נאָך געליעבט! זי איז געוואָרען אַן איינפאכע פויערטע אין אַ טשעפּיק און אַ לייוועגטענע קליידעל. זי האָט געגעסען זיצענדיג אויף אַ שטרייהענעם שטוהל, פאר אַ פראָסטען ניט געפארבטען טיש, געגעסען אַ יויך פון קרויט און קארטאָפעל מיט שמאלץ, איז געשלאָפען נעבען איהם אויף אַ הארטען שטרויענעם מאטראץ.

זי האָט קיינמאָל פון קיין אנדער זאך ניט געטראכט, אויסער פון איהם. זי האָט ניט געהאט קיין ציהרונג, קיין שעהנע שטאָפען, עלעגאנטע קליידער, קיין רייכע, פערפּוצטע שמעקעדיגע צימערען, קיין ווייך בעט איהר קערפּער אויסצורוהען. און דאָך האָט זי וועגען דעם קיינמאָל ניט בעדויערט, אבי ער איז נור נעבען איהר — מעהר האָט זי ניט פערלאנגט.

אַ גאנץ יונגע האָט זי פערלאָזען אי דאָס לעבען, אי די געזעלשאפט, אי די, וועלכע האָבען זי ערצויגען און געליעבט. זי איז אליין מיט איהר אייגענעם ווילען געקומען מיט איהם אהער אין דעם דאָזיגען ווילדען טהאָל. און ער איז געווען פאר איהר אלעס, אלעס וואָס מען פערלאנגט, פון וואָס מען טרוימט; אלעס, וואָס מען ערווארטעט אָהן אויפהער, און אויף וואָס מען האָפט ביז'ן סוף. ער

האָט אָנגעפילט איהר לעבען מיט גליק פון׳ם ערשטען טאָג אָן ביז דעם לעצטען. זי האָט ניט געקענט זיין גליקליכער.

און די גאַנצע נאַכט כסדר, זיך צוהערענדיג צו דעם כראָפּען פון דעם אַלטען סאָלדאַט, וועלכער איז געשלאָפען אויף זיין מאַט־ראַץ נעבען דער וועלכע האָט געפאָלגט נאָך איהם אַזוי ווייט, האָב איך געטראַכט וועגען דעם מערקווירדיגען און זעלטענעם צופאַל, וועגען דעם גרויסען גליק פון אַזאַ אָרים לעבען.

און ווען די זון איז אויפגעגאַנגען, בין איך אוועק נאָך דעם ווי איך האָב די ביידע אַלטעטשקע די האַנד געדריקט.

* * *

דער ערצעהלער איז אַנשוויגען געוואָרען. איינע פון די פרויען האָט געזאָגט:

— ווי דאָרט זאָל ניט זיין, איהר אידעאַל איז געווען צו פּרי־מיטיוו, איהרע בעדערפנישען צו אַלט־פרענקיש, זי האָט געשטעלט צו קליינע פאָדערונגען. זי האָט פּשוט געמוזט זיין אַ נאַר, און דאָס אַלעם.

אַ צווייטע האָט בעמערקט מיט אַ שטילען קול:

— אַך, וואָס מאַכט עס אויס! אַבי זי איז געווען גליקליך.

און דאָרט, אין דער ווייטקייט, ביים סאַמע האָריזאָנט, איז קאָרסיקאַ פערזונקען אין דער נאַכט אַריין. לאַנגזאַם האָט זי אונ־טערגעטויכט צוריק אין ים און איהר געוואַלדיגער שאָטען, וועלכער האָט עפּעס אַזוי ווי אומיסטנע אויפגעטויכט, כדי אַליין צו דער־צעהלען די געשיכטע פון די צוויי ליעבענדע, וועלכע האָבען געפו־נען שוץ אויף זיינע ברעגעס, איז מיט אַמאָל אויסגעלאָשען און פערשוואונדען געוואָרען.

# דער שפּאַציער רייט.

ד‏י פאמיליע האָט זיך קוים־קוים דורכגעשלאָגען מיט דעם מאַן'ס פערדיענסטען. זייט נאָך דער חתונה זיינען צוויי קינדער צוגעקומען און דער פערשטעל־טער דלות פון פריהער איז געוואָרען אזוי גרויס, אַז די ארונטערגעקומענע אדעליגע, וועלכע האָבען נאָך אַלץ געוואָלט אָנהאלטען זייער יחוס, איז אָנגעקומען זעהר שווער עס אימער צו בעהאַלטען.

העקטאר דע גריבעלין איז אין דער פּראָווינץ, אויף זיין פאָ־טער'ס גוטס ערצויגען געוואָרען פון אַן אַלטען אבבע. רייך זיינען זיינע עלטערען ניט געווען, אָבער זיי האָבען זיך ווי עס דורכגעשלאָ־גען און אָנגעהאַלטען זייער בכבוד'יגען נאָמען.

ווען ער איז אַלט געוואָרען צוואנציג יאָהר, האָט מען פאר איהם גענומען זוכען אַ שטעלע און ער איז אריינגעטראָטען אין מארין־מיניסטעריום אלס בעאַמטער מיט פופצעהן הונדערט פראנק גע־האַלט אַ יאָהר. דאָרט האָט ער זיך גענומען מאַטערען ווי אַלע אַנ־דערע, וועלכע זעהען דאָס לעבען ווי דורך אַ וואָלקען, וועלכע זיי־נען ניט אימשטאַנד צו קעמפּפען און שטרייטען, וועלכע האָבען ניט קיין בעזונדערע פעהיגקייטען און קיין קרעפטען זיך צו עפּעס אַליין צו דערשלאָגען.

זיינע ערשטע דריי יאָהר אין ביוראָ זיינען געווען שרעקליך.

ער האָט אויסגעפונען עטליכע פריינד פון זיין פאַמיליע. דאָס זיינען געווען אַלטע פרענקישע מענשען, אויך ניט קיין רייכע, וועלכע האָבען געוואָהנט אין די אַריסטאָקראַטישע ,אומעדיגע גאַסען פון פאַבאורג סיינט זשערמאַן. און ער האָט זיך געמאכט אַ קרייז פון בעקאַנטע.

זייענדיג אָרעם, האָבען די דאָזיגע געפאַלענע אַריסטאָקראַטען געלעבט איינפאַך און שטאָלץ, ווייט פון דעם מאָדערנעם לעבען, אין די העכערע עטאַזשען פון פערשלאָפענע הייזער. אין די דאָזיגע הייזער האָט דער אדעל געוואָהנט פון אויבען ביז אונטען, אָבער געלד האָט געשיינט צו זיין אַ זעלטענער אַרטיקעל ווי אין ערשטען שטאָק, אזוי אין זעקסטען.

אויביגע פאָראורטהיילע, דאָס מעסטען און וועגען פון׳ם יחוס, די זאָרג צו פערשטעלען דעם דלות האָט נאָכאַנאַנד בעשעפטיגט די אַמאָל בעריהמטע פאַמיליעס, וועלכע זיינען אזוי געפאַלען צוליעב דער אונטהעטיגקייט פון זייערע מענער. העקטאָר דע גריבעלין האָט אין דיזע קרייזען געטראָפען אַ יונגע מיידעל, אריסטאָקראַטיש און אָרעם ווי ער. ער האָט מיט איהר חתונה געהאַט.

אין פיער יאָהר האָבען זיי געהאַט צוויי קינדער.

דאַן האָט די פאַמיליע זיך ניט געקענט ערלויבען קיין שום פערגעניגען, קיין שום צושטרייאונג אויסער וואָס זיי זיינען זונטאָג געגאַנגען שפּאַציערען אין די טשאַמפּ-עליסעעס און איין מאָל אָדער צוויי מאָל אין ווינטער האָבען זיי בעזוכט אַ טהעאַטער מיט אַן אומזיסטען בילעט, וואָס זיי האָבען אַלע מאָל געקראָגען פון אַ קאָלעגע.

איין מאָל, ארום פריהלינג צייט, האָט דער בעאַמטער געקראָגען פון זיין שעף עפּעס אַן עקסטרא אַרבייט און יענער האָט דערפאַר איהם בעצאָהלט דריי הונדערט פראַנק.

ווען ער האָט געבראַכט דאָס געלד האָט ער געזאָגט צו זיין פרוי:

— ליעבע הענריעטטע, איצט קענען מיר זיך עפּעס ערלויבען, צום ביישפּיעל ארויספאָהרען אביסעל מיט די קינדער.

און נאָך אַ לאַנגען טראַכטען אהין און אהער, איז בעשלאָסען געוואָרען, אַז זיי זאָלען ארויספאָהרען הינטער'ן שטאָדט און דאָרט עסען פריהשטיק.

— אַז שוין ארויספאָהרען, טאָ לאָמיר אַ לעב טהאָן — האָט אויסגערופען העקטאָר — איין מאָל איז קיין מאָל, אַז געלעבט זאָל זיין געלעבט. פאַר דיר, די קינדער און די דיענסט-מיידעל וועלען מיר נעהמען אַ קאַרעטע און איך וועל מיר נעהמען אַ פערד ביים פערד-הענדלער. דאָס וועט מיר פיעל גוטעס טהאָן.

און די גאַנצע וואָך האָט מען פון קיין אנדער זאַך ניט גערעדט, ווי נור פון דעם ארויספאָהרען.

יעדען אבענד, ווען העקטאָר איז אהיים געקומען, האָט ער גענו־מען זיין עלטסטען זוהן, אוועקגעזעצט איהם רייטענדיג צו זיך אויף די קניה און געזאָגט:

— אָט אזוי וועט פּאַפּאַ נעקסטען זונטאג רייטען אויף אַן אמת'ן פערד אין גאַלאָפּ!

און דער קליינער ווידליך איז אַ גאַנצע טאָג ארומבעפאָהרען רייטענדיג אויף אַלע שטוהלען, האָט זיי געשלעפּט איבער'ן גאַנ־צען צימער און געשריען:

— אָט אזוי מאַכט פּאַפּאַ האָפּ-האָפּ!

אפילו די דיענסט-מיידעל האָט געקוקט אויף איהר בעל־הבית מיט בעוואונדערונג. זי האָט געטראַכט, ווי ער וועט רייטען נעבען זייער קאַרעטע. בעת אַלע מאָהלצייטען האָט זי גע־הערט זיינע מעשיות וועגען פערד און וועגן די העלדישע טהאַטען פון זיין פאָטער. אָה, ער האָט דורכגעמאַכט אַ גוטע שוהלע, און ווען ער זאָל נור האָבען דעם פערד צווישען די פיס, דאַן וועט ער פאַר קיין זאַך קיין מורא האָבען!

ער האָט זיך געריבען די הענד און געזאָגט צו זיין ווייב:

— ווען איך וועל נור קריגען אַ היציגען פערדעל, וועט עס מיר נאָך מעהר שפּאַס מאַכען! דאַן ערשט וועסטו זעהן ווי איך קען רייטען! און ווען דו וועסט וועלען, פאָהרען מיר צוריקוועגס דורך די טשאַמפּס־עליסעעס, ווען אַלע קאַרעטען פאָהרען צוריק פון באַיס. מיר וועלען זיכער מאַכען אַ גוטען איינדרוק און מיר וועט זיין זעהר אנגענעהם ווען אימיצער פון דעם מיניסטעריום וועט אונז בעגעגענען, זאָלען מיינע פאַרגעזעצטע קריגען אַביסעל רעספּעקט פאַר מיר!

אין דעם בעשטימטען טאָג איז די קאַרעטע און דער פערד אין איין צייט צוגעקומען צו דער טהיר. ער איז גלייך אַרונטערגעגאַנגען אום אָנצוקוקען דעם פערד. ער האָט זיך געלאָזט אָנגייהען פּאַסען אויף זיינע הייזען און געמאַכט אין דער לופט מיט אַ רייט־בייטש, וועלכען ער האָט מיט אַ טאָג צוריק געקויפט.

ער האָט אויפגעהויבען און אַרומגעטאַפּט אַלע פיער פיס פון׳ם פערד, האָט איהם געקלאַפּט אויף דער האַלז און אויפ׳ן רוקען, איהם געעפענט דאָס מויל און אונטערזוכט די צייהן, בעשטימט זיין על־טער און ווען די גאַנצע פאַמיליע איז אַרונטערגעקומען, האָט ער גע־האַלטען אַ קליינע רעדע איבער פערד אין אַלגעמיין און איבער זיי־נעם בעזונדערס. דאָס פערד, האָט ער ערקלעהרט, איז גאָר אַ צאַצקע.

ווען אַלע זיינען שוין געזעסען אין דער קאַרעטע און אַלעס איז געווען אין אָרדנונג, האָט ער זיך געזעצט אויף זיין פערד. אָבער דערביי האָט ער דעם פערד אַזאַ זעץ געטהאָן אויפ׳ן רוקען, אַז ער האָט גענומען ווערען אַביסעל אונרוהיגער אונטער דער שווערער לאַסט און האָט זיין רייטער שיער אין גאַנצען ניט אַרונטערגעוואָרפען פון זיך.

— האַלט איין, האַלט... אָט אַזוי איז גוט... דאָס איז שעהן...

און ווען דאָס פערד איז ווידער רוהיג געוואָרען און דער ריי־טער האָט זיך דערפיהלט פעסט אין זיין זיץ, האָט ער געפרעגט:

— זייט איהר אַלע פערטיג?
אַלע האָבען אויסגערופען:
— יאַ!
דאַן האָט ער בעפעהלען
— אין וועג!
און די קאַרעטע האָט זיך אַ רוק געטהאָן.
אַלע בליקען זייגען געווען געריכט אויף איהם.

ער האָט גערימען אויף דעם ענגלישען שטייגער און זיך דערביי שטאַרק געהויבען אויפ'ן זאָטעל. ער איז געשפּרונגען אין דער הויך אַזוי ווי ער וואָלט וועלען אין הימעל אריינפליהען. אָפּט האָט ניט פיעל געפעלט, אַז ער זאָל פאַלען אויפ'ן האַלז. מיט בלייכע באַקען און אַ צוקנייטשטען שטערען האָט ער געקוקט פאַר זיך אין דער לופט אריין.

זיין פרוי האָט געהאַלטען איין קינד, דאָס דיענסט־מיידעל דעם צווייטען אויף דעם שויס, און זי האָט נאָכאַנאַנד אויסגערופען:

— וואָס זאָגט איהר צו דעם פּאַפּאַ! נו, נו, דער פּאַפּאַ!

און די ביידע קינדער, אויפגערעגטע פון פרייד און פרישע לופט, האָבען אויפגעהויבען אַ מורא'דיגען געפּילדער. דאָס פערד האָט זיך דערשראָקען און זיך געלאָזט לויפען אין גאַלאָפּ. ווען זיין רייטער האָט זיך גענומען מאַטערען איהם איינצוהאַלטען, איז זיין הוט אַרונטערגעפאַלען. דער קוטשער האָט געמוזט אַרונטערקלעטערען פון זיין קעלנע, אום עס אויפצוהויבען, און ווען העקטאָר האָט זיין הוט צוריק געקראָגען, האָט ער פון ווייטען אַ געשריי געטהאָן צו זיין ווייב:

— פערמאַך דאָרט די קינדער די מיילער, אַז ניט קענען נאָך זיין צרות.

אין וואַלד פון בעסינעט האָבען זיי זיך אַלע אויסגעזעצט אין גראָז און געגעסען זייער מאָהלצייט, וועלכען זיי האָבען מיטגענומען מיט זיך. הגם דער קוטשער האָט געהיט די פערד, דאָך

איז העקטאָר אַלע ווײַלע אויפגעשטאַנען אום נאָכצוזעהן, אויב זיין פערד פעלט ניט עפּעס. ער האָט איהם געקלאַפּט אויף דעם האַלז געגעבען איהם ברויט, קוכען, צוקער און דערביי בעמערקט:

— ער גאַלאָפּירט אויסגעצייכענט. אין אָנהויב האָט ער מיך אפילו גוט דורכגעטרייסעלט. אָבער ווי דו זעהסט, האָב איך איהם באַלד געצווימט. ער האָט דערזען, ווער עס איז זיין הערר, זיין מייסטער און איצט איז ער רוהיג ווי אַ טייבעלע.

אזוי ווי עס איז אָבגערעדט געוואָרען, זיינען זיי צוריק געפאָה־רען דורך די טשאַמפּס־עליסעעס. די ברייטע אַלעע איז געווען פול מיט קאַרעטען און אזוי פיעל שפּאַציער־געהער האָבען זיך געפונען רעכטס און לינקס, אַז זיי האָבען אַזויסגעזעהן ווי צוויי לאַנגע שוואַרצע בענדער, וועלכע האָבען זיך געצויגען פון דער אַרק דע טריאומף ביז צום קאָנקאָרדיען פּלאַץ. די זון האָט העל אַראָבגע־שיינט אויף אַלעם און אַלעמען, און דער מעטאַל און די בראָנז אויף די קאַרעטען און פערד האָט געבליסטשעט און געשטראַהלט.

ווי פער׳שיכור׳ט האָבען זיך בעוועגט די פוס־געהער, עקי־פּאַזשען און פערד אַלע אין איינעם, און פון דער צווייטער זייט האָט אַרויסגעקוקט דער אָבעליסק ווי פון אַ גאָלדענעם ים.

ווען זיי האָבען שוין געהאַט אַריבער די אַרק דע טריאומף איז העקטאָר׳ס פערד פּלוצים ווידער צוהיצט געוואָרען און האָט זיך געלאָזט לויפען צווישען די עקיפּאַזשען. אומזיסט האָט זיך דער רייטער געמאַטערט איהם איינצוהאַלטען, איהם צו קאָנטראָלירען.

באַלד איז די קאַרעטע מיט זיין פאַמיליע אָבגעשטאַנען אַ שטיק הינטער זיי, און ווען זיי זיינען צוגעקומען צום אינדוסטרי פּאַלאַץ וואו דער פערד האָט דערזעהן אַ פרייע וועג פאַר זיך, האָט ער זיך אַ לאָז געטהאָן אין אַ ווילדען גאַלאָפּ.

אַן אַלטע פרוי אין אַ ווייסען פאַרטוך איז זיך רוהיג געגאַנגען איבער׳ן פאַהרדאַם. זי האָט זיך געפונען אויף דעם וועג וואוהין העקטאָר׳ס פערד איז געלאָפען מיט אַ משוגע׳נער שנעלקייט און

אזוי ווי ער האָט איהם ניט געקענט מעהר איינהאַלטען, האָט ער גענומען שרייען מיט אַלע קרעפטען:

— העי! העי! אכטונג! אכטונג!

אפשר האָט זי שווער געהערט, אָבער זי איז רוהיג ווייטער געגאַנגען איהר וועג, ביז דער פערד האָט איהר אַ שלעפּ געטהאָן מיט זיך, דערנאָך אַ שליידער געטהאָן אין דער הויך, עטליכע מאָל איבערגעקעהרט און דאַן אַ וואָרף געטהאָן צעהן טריט ווייט אויף די שטיינער.

מען האָט געשריען:

— שטעלט זיך אָב! שטעלט זיך אָב!

העקטאָר האָט אין גאַנצען פערלאָרען דעם קאָפּ. ער האָט זיך קראַמפּפהאַפט אָנגעקלאַמערט אָן די רימענס ארום פערד און גע־שריען מיט בענומענע קולות:

— הילף! הילף!

אַ מורא'דיגער שטויס, ווי אַ באָמבע, האָט אריינגעוואָרפען העקטאָר'ן אין די אָרעמס פון אַ פּאָליציסט, וועלכער האָט געוואָלט איינהאַלטען דעם פערד.

גלייך האָט איהם ארומגערינגעלט אַ רעדעל שרייענדיגע, טומ־לענדיגע, זשעסטיקולירענדע מענשען. מעהר אויפגערעגט פון אלע־מען האָט געשיינט צו זיין אַן אַלטער מאַן מיט ווייסע זואַנצעס אין אַ גרויסען רונדען אָרדען, וועלכער האָט אַלץ גע'טענה'ט:

— צום טייפעל, ווען מען איז אזוי ניט געראָטען, זיצט מען בעסער אין דער היים. אַז מען קען ניט רייטען, דאַרף מען אַם וויי־ניגסטען פרעמדע מענשען ניט שטעלען אין געפאַהר.

דאַן זיינען צוגעקומען פיער מענער, וועלכע האָבען געטראָגען די אַלטע. מיט איהר געל פּנים אין דעם פעררוקטען הייבעל האָט זי אויסגעזעהן ווי אַ טויטע. דער אַלטער מאַן האָט געגעבען אַ בעפעהל:

— טראָגט די פרוי אריין אין אַפּטהעק און מיר וועלען געהן אין דער פּאָליציי!

צוויי פּאָליציסטען האָבען גענומען העקטאר'ן אין מיטען. א דריטער האָט געפיהרט זיין פערד. א גרויסער עולם האָט זיי נאָכגעפאָלגט, און פּלוצים איז צוגעקומען די קארעטע מיט זיין פאמיליע. זיין פרוי האָט זיך א הויב געטהאָן א צושראָקענע, דאָס דיענסט־מיידעל האָט פערלאָרען דאָס קאָפּ, און די קליינע ווערימ־לאך האָבען זיך צושריען. ער האָט זיי ערקלעהרט, אז ער וועט שפּעטער אהיים קומען, אז ער האָט אומגעוואָרפען אַן אַלטע פרוי, אז מעהר איז גאָר נישט געשעהן. און זיין פאמיליע איז אוועקגע־פאָהרען אין גאנצען צוטומעלט און בעזאָרגט.

אין פּאָליציי־סטיישאָן האָט מען די זאך שנעל אבגע'פּטור'ט.

ער האָט אָנגעגעבען זיין נאָמען: העקטאר דע גריבעלין, בע־אמטער אין מארין־מיניסטעריום. דאן האָט מען גענומען װארטען אויף נאָכריכטען פון דער פערוואונדעטער. א פּאָליציסט, וועלכען מען האָט אוועקגעשיקט זיך נאָכפרעגען, איז באלד געקומען מיט דער ידיעה, אז זי איז ווידער געקומען צו זיך, אָבער זי זאָגט, אז זי האָט מורא'דיגע יסורים אינווייניג. דאָס איז געווען א פינף און זעכציג יאָהריגע ווארטס פרוי, מיט דעם נאָמען סימאָן.

ווען העקטאר האָט דערהערט א זי איז ניט טויט, האָט ער פריי אָבגעאָטהעמט און פערשפּראָכען צו בעצאָהלען די קראנקען־קאָסטען. דאן איז ער אוועקגעלאָפען אין אַפּטהעק אריין.

א גרויסער עולם מענשען האָט בעלאַגערט די טהיר. די אָרימע פרוי איז געלעגען אויף א שטוהל קרעכצענדיג, איהרע אָרעמס זיינען שלאָף ארונטערגעהאנגען און אויף איהר פנים איז געלעגען עפּעס א נארישער, טעמפּער אויסדרוק. צוויי דאָקטוירים זיינען געשטאַנען נעבען איהר. קיין זאך איז ביי איהר ניט געווען צובראָ־כען, אָבער מען האָט מורא געהאט פאר אינווייניגסטע וואונדען.

העקטאר האָט ביי איהר געפרעגט:

— האָט איהר גרויסע שמערצען?
— יא.
— וואו טהוט אייך וועה?
— מיך ברענט אין מאָגען ווי אַ פייער!
אַ דאָקטאָר איז צוגעקומען:
— דאָס זייט איהר שולדיג אין דעם אומגליק, ניט אמת?
— יא.
— די פרוי מוז געהן אין שפּיטאָל. איך וויים פון אַ פּלאַץ, וואו מען וועט זי האלטען פאר זעקס פראנק אַ טאָג. זאָל איך זי אהין ברייננגען?

העקטאר האָט זיך זעהר דערפרעהט, ער האָט געדאנקט און זיך אומגעקעהרט אהיים מיט אַ גרינגען געמיט. זיין פרוי האָט אויף איהם געוואַרט מיט טרעהרען אין די אויגען. ער האָט זי בערוהיגט:

— עס איז גאָר נישט. זי פיהלט זיך שוין אַ סך בעסער, די אלטע פרוי סימאָן. אין דריי טעג ארום וועט זי אין גאנצען געזונד ווערען. איך האָב זי געשיקט אין שפּיטאָל, די גאנצע געשיכטע איז גאָר נישט ווערטה.

ווען ער איז אויף דעם צווייטען טאָג געגאנגען פון ביורא, איז ער אריין געוואָהר ווערען צו דער אלטער. זי האָט נור וואָס געהאַט געקראָגען אַ גוטען טעלער בוליאָן, וועלכען זי האָט געגעסען מיט אַ זעהר צופריעדענע מינע.

— נו, וואָס מאכט איהר? האָט ער געפרעגט, און זי האָט גע־ענטפערט:

— עט, הערט אוים, מיין גוטער הערר, מיר געהט עס ניט בעסער. איך בין אין גאנצען צושלאָגען.

דער דאָקטאָר האָט ערקלעהרט, אז מען מוז ווארטען, טאָמער וועלען זיין עפּעס קאָמפּליקאציאָנען.

ער האָט אָבגעוואַרט דריי טעג, דאן איז ער ווידער געקומען. די אלטע פרוי, וועלכע האָט אויסגעזעהן צו זיין גאנץ געזונד און

האָט געקוקט ארום זיך מיט קלאָהרע, פרעהליכע אויגען, האָט גע־נומען יאָמערען, אזוי שנעל ווי זי האָט איהם נור דערזעהן:

— ניין, ניין, הערט אויס מיין גוטער הערר, איך קען זיך ניט ריהרען, מיט אן אבר קען איך ניט א ריהר טהאָן. איך וועל זיך קיינמאָל ניט ערהאָלען, קיינמאָל ניט!

א קעלט איז איבער העקטאר'ס רוקען אריבער. ער האָט גע־פרעגט דעם דאָקטאָר, יענער האָט א דרעה געטהאָן מיט די אקסלען:

— יא, מיין געעהרטער הערר, איך קען אייך גאָר נישט זאָגען. ווי נור מען וויל זי אויפהויבען, הויבט זי אָן צו מאַכען בענומענע קולות. מען קען אפילו איהר שטוהל ניט אָברוקען, אז זי זאָל ניט אויפהויבען א געוואלד. איך מוז איהר גלויבען, איך בין דאָ ניט פערמישט, עס איז ווירקליך ניט מיין שולד. אזוי לאנג ווי איך זעה זי ניט ארומגעהענדיג, קען איך איהר ניט בעשולדיגען, אז זי מאַכט זיך דאָס אזוי.

די אלטע האָט צוגעהערט אונבעוועגליך מיט א ביטרען שמייכעל אין איהר בליק.

אַכט טאָג זיינען אוועק, דאן פיערצעהן, דאן פיער וואָכען. פרוי סימאן איז ניט ארונטער פון איהר פאטעל. זי האָט געגעסען פון פריה ביז נאכט, איז געוואָרען דיק און רונד, און פרעהליך גע־פלוידערט מיט די אנדערע קראנקע. עס האָט געשיינט, אז זי האָט זיך צוגעוואָהנט צו דער אונבעוועגליכקייט, ווי זי וואָלט איהר רוה כשר פערדיענט נאָך פופציג יאָהר לויפען טרעפּ ארויף, טרעפּ אראָב, דורך מאַכען בעטען און שלעפּען קוילען פון שטאָק צו שטאָק, דורך קעהרען און רייניגען.

העקטאר איז געווען אויסער זיך. ער איז יעדען טאָג צו איהר געקומען און האָט זי יעדען טאָג געפונען רוהיג און פרעהליך, זיצענ־דיג אויף איהר שטוהל.

זי האָט זיך אָבגערופען:

— ניין, מיין גוטער הערר, איך קען ניט ריהרען מיט קיין גליעד, קיין גליעד קען איך ניט בעוועגען.

יעדען אבענד האָט פרוי דע גריבעלין געפרעגט פול אנגסט:

— נו, און פרוי סימאָן?

און יעדעס מאָל האָט ער געענטפערט פערצווייפעלט:

— אלעס איז ווי געווען, אלעס ווי געווען.

דאָס דיענסט־מיידעל איז פאַר זיי איצט געווען אַ צו גרויסער לוקסוס און זיי האָבען איהר אָבגעזאָגט. זיי האָבען געשפּאָרט פון וואָס זיי האָבען נור געקענט און דאָס גאַנצע עקסטרא געלד, וואָס ער האָט געהאַט פערדיענט, איז אוועק אויף דער קראנקער

דאַן האָט העקטאר צוזאַמענגערופען פיער בעריהמטע דאָקטוי־רים צו דער אלטער.

זי האָט זיך געלאָזט אונטערזוכען, ארומטאַפּען, ארומקלאַפּען און דערביי געקוקט מיט לויערענדע בליקען.

— זי מוז קענען געהן! — האָט געזאָגט איינער פון זיי.

זי האָט געזאָגט:

— ניין, מיין הערר, דאָס איז ניט מעגליך, ניט מעגליך!

דאַן האָט מען זי אַ נעהם געטהאָן, אויפגעהויבען און אַ פּאָר טריט ווייט אָבגעשלעפּט. אָבער זי האָט זיך ארויסגעגליטשט פון זייערע הענד, האָט זיך אויסגעצויגען אויף דער ערד און גענומען קוויטשען מיט אַזעלכע קולות, אז מען האָט איהר מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיגקייט צוריק אויף איהר שטוהל געזעצט.

די פיער דאָקטוירים זיינען געווען זעהר פאָרזיכטיג אין זייער אורטהייל. צום שלום האָבען זיי אלע ערקלעהרט, אז זי איז ניט מעהר פעהיג צו ארבייטען.

ווען העקטאר האָט די דאָזיגע נאכריכט געבראַכט זיין פרוי, האָט זי זיך אראָבגעלאָזען אויף אַ שטוהל און געשטאַמעלט:

— אויב אַזוי וואָלט געווען דאָס בעסטע, מיר זאָלען זי נעהמען צו זיך אין הויז אריין, דאָס וועט אַ סך ווייניגער קאָסטען.

ער האָט אַ שפּרונג געטהאָן אין דער הויך:

— אהער, צו אונז! מיינסט עס ערנסט?

אָבער זי האָט געענטפערט, אויף אַלעם געפּאַסט, און אַ שטראָם טרעהרען האָט זיך פון איהרע אויגען אַ גאָס געטהאָן:

— ליעבער מאַן, וואָס קען מען זיך העלפען, איך האָב עס דאָך ניט געוואָלט...

# די אורזאכע פון אַ גט.



אדאם טשאסעל'ס אדוואָקאט האָט גענומען דאָס וואָרט:

— הערר פּרעזידענט און ריכטער! דער פֿאל וועלכען איך בין אָנגעשטעלט פאר אייך צו פערטרעטען, געהערט מעהר צו דער מעדיצין ווי אין געריכט און עס האַנדעלט זיך מעהר וועגען אַ פּאטהאָלאָגישען פאל, ווי וועגען דער איבערטרעטונג פון דעם געוועהנליכען געזעץ. אויף דעם ערשטען בליק זעהען די פאקטען אוים גאָר איינפאך.

אַ יונגער, זעהר רייכער מאן מיט אַ פיינעם, אידעאלען גייסט און אַ ברייט הארץ פערליעבט זיך אין אַ שעהנע, יונגע מיידעל, וועלכע איז נאָך דערצו זעהר געאכטעט, זעהר חן'עווריג, גוט און ליעבעסווירדיג. און ער האט מיר איהר חתונה.

אַ צייט לאנג לעבט ער מיט איהר גאנץ גוט, איז צו איהר אויפמערקזאם און צערטליך; דאן הויבט ער ביסלעכווייז אן זיך וועגען איהר וועניג קימערען, ווערט הארט געגען איהר און ווי עס שיינט קריגט ער צו איהר אַ אונווידערשטעהליכען ווידערווילען, אַ שטארקען עקעל און אַ געוויסען טאג שלאגט ער איהר זאגאר, ניט בלויז אהן אַ גרונד, נור אפילו אהן אַ שום פארוואס.

איך וויל, מיינע העררען, גאָרניט זוכען צו ערקלעהרען די דאָזיגע מאדנע אויפיהרונג, וועלכע מיר אלע בעגרייפען ניט. איך וועל ניט

שילדערען פאר אייך דאס שרעקליכע צוזאמענלעבען פון די דאזיגע ביידע מענשען און ניט די מורא'דיגע יסורים פון דער יונגער פרוי.

אום אייך צו איבערצייגען, איז מיר גענוג פארצולעזען א פאאר אויסציגע פון א טאגע־בוך, וועלכען דער ארימער, גייסטיג־קראנקער יונגער מאן האט טעגליך געפיהרט.

ווייל, מיינע הערען, מיר האבען צו טהאן מיט א פערריקטען, א משוגענעם! און דערפאר איז דער פאל נאך מערקווירדיגער און אינטערעסאנטער, ווייל ער דערמאנט אין פיעלע הינזיכטען אן דער משוגעת פון דעם אונגליקליכען פירסט, וועלכער איז דא ניט לאנג געשטארבען. איך מיין דעם מערקווירדיגען קעניג פון באיערן. איך וואלט דעם דאזיגען פאל אנגערופען „די פאעטישע משוגעת".

איהר געדענקט דאך נאך די אלע מעשה'לאך, וועם מען האט פון דעם דאזיגען זעלטענעם פירסט דערצעהלט. אין די וואונדערשעהנסטע געגענדען פון זיין קעניגרייך האט ער געלאזט אויסבויען אמת'ע פעען־שלעסער. די נאטירליכע שעהנקייטען פון זאכען און פון דעם לאנדשאפט אין יענעם ארט זיינען איהם ניט גענוג געוועזן; פאר יענע וואונדערשלעסער האט ער אויסגעטראכט און זיך בעשאפען א נייעם קינסטליכען הימעל מיט טעאטראלע עפעקטען, אויסגעמאלטע וועלדער, פארצויבערטע פעען, וואו יעדעס בלאט אויף די בוימעד איז בעשטאנען פון די טהייערסטע עדעלשטיינער. דארט האבען זיך געפונען בערג און טייכלאך, סטעפען און פון דער זון פארברענטע זאמדיגע וויסטענישען. און ביים שיין פון דער אמת'ער לבנה האבען זיך געזעהן ביינאכט טייכען, וועלכע זיינען פון אונטען דורך פאנטאסטישען עלעקטרישען שיין בעלויכטען געווארען. אויף די דאזיגע טייכען זיינען ארומגעשוואומען שוואנען־פויגעל, האבען זיך געטראגען שיפעלאך, בעת אן ארקעסטר צוזאמענגעשטעלט פון די ערשטע קינסטלער אין דער וועלט, האבען די נשמה פון דעם פערריקטען פירסט מיט פאעטישע טרוימען אנגעפילט.

דער דאזיגער מאן איז געווען ריין, אונשולדיג, אונבעריהרט. ער האט געליעבט בלויז דעם טרוים, זיין טרוים, דעם געטליכען טרוים.

איין אבענד האט ער אין זיין שיפעל מיטגענומען א פרוי, א יונגע, א שעהנע, א גרויסע קינסטלערין און האט זיי געבעטען צו זינגען פאר איהם. זי האט געזונגען, אליין בעגייסטערט פון דער וואונדערליכער לאנדשאפט, פון דער מילדקייט פון דער לופט, פון דעם בלומען גערוך און פון די בעגייסטערונג פון דעם יונגען שעהנעם פירסט.

זי האט געזונגען, ווי עס זינגט א פרוי, וועמענס נשמה איז בעריהרט. דאן אין גאנצען אויסען זינען, ציטערענדיג, אויף דאס העכסטע היגנעריסען, איז זי ארויפגעפאלען דעם פירסט אויף דער ברוסט און זיינע ליפען געזוכט.

אבער ער האט זי ארייגעווארפען אין טייך אריין, גענומען די רודערס און איז געפאהרען צוריג צום ברעג, זיך ניט קימערענדיג, אויב מען וועט זי ראטעווען.

מיינע העררען ריכטער, מיר געפינען זיך דא פאר א גאנץ עהנליכען פאל. איך וועל איצט נור איבערלעזען א פאאר פלעצער פון זיין טאגעבוך, וועלכען מיר האבען געפונען אין א שופליאד פון זיין שרייב־טיש:

— ווי טרויעריג און העסליך דאס איז אלעס. איממער דאס זעלבע, אימער מיאוס. אך, איך האב געטרוימט פון א שעהנער וועלט, פערשיעדענארטיגער, שטאלצער, עדעלער. אויב אט די דאזיגע מענשען האבען טאקע ערגעץ וואו א גאט, א בעשעפער, דאן איז ער זעהר ארעם געווען אין איינבילדונגס־קראפט, ווען ער האט די וועלט און די זאכען אויף איהר אויף אזא אופן געשאפען. אימער נור וועלדער, קליינע וועלדלאך, טייכען, וועלכע זעהען אויס ווי די אנדערע טייכען, לאנקעס, וועלכע זיינען עהנליך צו די אנדערע לאנקעס. אלעס איז אימער דאס זעלבע. און דער מענש? דער מענש, וואס פאר מיאוס׳ע בריאה דאס איז... פערביסען, עהרגייציג,

עקעלהאפט......................................................
.............................................................

מען מוז ליעבען, ליעבען ביז צו משוגעת, אבער מען טאר ניט זעהן דאָס וואס מען ליעבט. דען ווען מען דערזעהט עס נור, דאן הויבט מען אָן צו טראכטען און מיט דעם טראכטען קומט די פער־אכטונג. מען מוז ליעבען אזוי שטארק, אז מען זאל בערוישט ווערען פון דער פרוי פונקט אזוי ווי מען ווערט שיכור פון וויין און מען טרינקט שוין ניט וויסענדיג וואס מען טרינקט. און דאן טרינקען, טרינקען, אָהן אויפהער, ניט אבכאפענדיג דעם אטהעם, טאג און נאכט .................................................
.............................................................

איך גלויב איך האָב עס געפונען. אין איהר גאנצער געשטאלט האָט זי עטוואס אידעאלעס, וואס איז ניט פון דער וועלט, וואס בע־פליגעלט מיינע טרוימען. אך, אין מיינע טרוימען זעה איך די מענשען אזוי אנדערש ווי זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט. זי איז בלאָנד, העל בלאָנד, איהרע האָאר האָבען א זעלטענע פארב, איהרע אויגען זיינען בלוי. נור בלויע אויגען בעגייסטערען מיין נשמה. די גאנצע פרוי, די גאנצע פרוי, ווי זי שטעהט פאר מיין הארצען, זעה איך אין דעם בליק פון די אויגען, נור אין די אויגען.

אה, א וואונדער, א וואונדער איז דאָס אויג. די גאנצע וועלט שפיעגעלט זיך אין דעם, ווייל עס זעהט די וועלט און שפיעגעלט זי אב צוריק. עס ענטהאלט די גאנצע ערד, די זאכען, די וועזען, די וועלדער, די ימים, מענשען און חיות, זונען־אונטערגאנג און שטערן־גלאנץ, אלעס, אלעס. עס זעהט, בעגרייפט און בעהאלט אלעס אין זיך. און נאָך מעהר ליעגט אין דעם: די נשמה, די נשמה פון מענשען וואָס ליעבען, מענשען וואָס לאכען, מענשען וואָס דענקען, מענשען וואָס ליידען. אך, קוקט אריין אין בלויע פרויען־אויגען, וועלכע זיינען טיעף ווי דער ים, בייטענדיג ווי דער הימעל און מחיה'דיג, מחיה'דיג ווי א קיהל ווינטעלע, ווי מוזיק, ווי קושען, אזוי דורכזיכטיג און אזוי קלאהר זיינען זיי, אז מען קען זעהן, וואס

הינטער זיי טהוט זיך, מען קען זעהן די נשמה, די בלויע נשמה, וועלכע פערגיסט זיי מיט איהר ליכט, וועלכע בעלעבט זיי און מאכט זיי געטליך.

יא, די נשמה האט די זעלבע פארב ווי דער בליק. נור די בלויע נשמה רופט ארויס אונזערע טרוימען, ווייל זי האט איהר בלויקייט פון די וואסערן און פון הימעל.

דאס אויג! בערעכענט נור! דאס אויג זויגט אין זיך אריין דאס לעבען. עס טרינקט די גאנצע וועלט: פארבען, בעוועגונגען, ביכער, בילדער... אלעס וואס איז שעהן, אלעס וואס איז העפליך און דערפון פארמירט עס געדאנקען. און ווען עס קוקט אונז אן, דערצעהלט עס אונז פון גליק, וועלכע איז אויף דער וועלט ניט פאראן. עס לאזט זיך אונז אנשטויסען אויף זאכען, וועלכע מיר וועלען קיין מאל ניט וויסען, מאכט אונז קלאהר, אז די ווירקליכ־קייט פון אונזערע טרוימען איז נור שמוץ און עקעל.............

..........................................................

איך ליעב זי אויך פאר איהר גאנג.

ווען דער פויגעל געהט אפילו, פיהלט מען אויך אז ער האט פליעגלען, האט א דיכטער געזאגט.

ווען זי געהט פארביי, פיהלט מען, אז זי איז פון עפעס אן אנדער ראסע, ווי די געוועהנליכע פרויען, פון א לייכטערען, א געטליכערען סארט .........................................

..........................................................

מארגען וועט זי זיין מיין פרוי... איך האב מורא... איך האב מורא פאר אזוי פיעל זאכען...........................

..........................................................

צוויי חיות, צוויי הינט, צוויי וועלף, צוויי פוקסען לויפען אין וואלד ארום און בעגעגענען זיך. איינס איז א זכר, און דאס צווייטע א נקבה. זיי געפינען איינער דעם אנדערען, געפינען און קומען זיך צוזאמען, געטריבען פון א טיערישען אינסטינקט, וועלכע צווינגט זיי זייער ראסע ווייטער צו פלאנצען.

דאָס טהוט יעדע חיה, ניט וויסענדיג פארוואָס.
מיר טהוען עס אויך ..............................................

..........................................................................

דאָס האָב איך געטהאָן, ווען איך האָב געהייראַט. איך האָב יענעם נארישען טריעב געפאלגט, וועלכער טרייבט אונז צו דער פרוי.

זי איז מיין פרוי. אזוי לאַנג ווי איך האָב זי בעגעהרט אלס אידעאַל, האָט זי פאַר מיר בעדייטעט דעם ניט ערפילטען טרוים, וועלכער וועט זיך אין גיכען ערפילען. פון דעם מאָמענט אָן, וואס איך האָב איהר אין מיינע ארעמס געהאַלטען, בעדייטעט זי ניט מעהר ווי א בעשעפעניש, מיט וועלכער די נאַטור בעדיענט זיך, אום אלע מיינע האָפנונגען צו צושטערען.

האָט זי זיי צושטערט? ניין. און דאָך האָב איך זיך מיט איהר אָנגעזעטיגט, אזוי אָנגעזעטיגט, אז איך קען זי מעהר ניט אָנריהרען, ניט מיינע הענד און ניט מיינע ליפּען קענען זי מעהר בעריהרען, אזוי גרויס, אזוי אונווידערשטעהליך איז צו איהר דער עקעל אין מיין הארצען. אפשר איז דאָס ניט דער עקעל צו איהר, נור א העכערער, א שטאַרקערער, אַ מעהר פערעכטליכער עקעל: דער עקעל פאַר דער ליעבע, וועלכע איז אזוי העסליך, אז זי איז פאַר אלע פיינער געבילדעטע וועזענס געוואָרען א שמאכפאלער אקט, וועלכען מען מוז בעהאַלטען, פון וועלכען מען שעהמט זיך צו רעדען אפילו שטילערהייד ..........................................

..........................................................................

איך קען מעהר ניט אריבערטראַגען, ווען מיין פרוי דערנעהענטערט זיך צו מיר. בעגעהרט מיך דורך אַ שמייכעל, אַ בליק, א אומארמונג. איך קען ניט. אַמאָל האָב איך געדענקט, אַז איהר קוש וועט מיך ברייגען אין הימעל. איין טאָג איז זי געווען קראַנק, געהאָט לייכטען פיעבער. און איך האָב אין איהר לייכטען שטילען אטהעם דערפיהלט עטוואס פון מענשליכע פערפוילטקייט. דאס האָט מיך געטראָפען ווי א שלאַק.

אָה, דו מענשליכער לייב, פערפיהרערישער, לעבעדיגער, מיט שמוץ אָנגעפילט. אָט דאכט זיך, דענקט עס, רעדט, לאכט און זעהט און באלד איז עס טויט, קאלט און פערפוילט..........

..........................................................

פארוואָס שמעקען נור די בלומען אזוי שעהן? די גרויסע, פּארביגע אָדער בלייכע בלומען, וועמעס טענער און פּארבען מאכען ציטערען מיין הארץ און פארווירען מיין אויג. זיי זיינען אזוי שעהן, אזוי צארט געבויט, אזוי פערשיעדענארטיג געשטאלטעט, האלב געעפענט, ווי ארגאנען, פערפיהרערישער ווי דער מויל, מיט אויף אינווייניג אריינגעצויגענע זאפטיגע ליפען, וואָס פערשפּריי־טען ארום אזא זיסען גערוך.

זיי, נור זיי אליין אויף דער גאנצער וועלט, פלאנצען זיך ווייטער אָהן שמוץ, מיט דעם וואָס זיי פערשפּרייטען ארום זיך די געטליכע עסענץ פון זייער ליעבע, פילען אָן די לופט מיט דעם שמע־קעדיגען ווייררייך פון זייער צערטליכקייט. און זיי זיינען אזוי שעהן, אזוי רייצענד, אזוי פערפיהרעריש, אויסגעפוצט מיט אזוי פיעל עלעגאנץ, אזוי פיעל חן, אזוי פערשיעדען אין פּאָרם, אזוי בעצוי־בערענדיג אין אלע פארבען און קאליער..........

..........................................................

איינצעלנע אויסציגע אין אַ האלב יאָהר ארום.

..........איך האָב ליעב די בלומען, ניט ווי מען ליעבט בלו־מען, נור ווי לעבעדיגע, טהייערע וועזענס. טאָג און נאכט פער־ברענג איך אין די קינסטליכע גארטענס, אין וועלכע איך האלט זיי בעהאלטען, ווי די ווייבער אין הארעם.

ווער, אויסער מיר, ווייס פון דער זיסקייט, דער בעצויבערונג, דער ציטערענדער ליידענשאפט, וועלכע איז קערפּעליך, אידעאל, איבערמענשליך, אין דער דאָזיגער ליעבע. אך, אזאַ קוש אויף דעם ראָזאָווען פלייש, אויף דעם רויטען פלייש, אויף דעם ווייסען פלייש, וועלכעס איז אזוי וואונדערבאר פערשיעדען, אזוי מחיה׳דיג, אזוי צארט און פיין ביי אלע, אלע בלומען.

איך בעזיץ קינסטליכע גארטענס, אין וועלכע קיינער קען ניט אריינקומען אויסער מיר און דעם גארטנער.

דארט גנב'ע איך זיך אריין, ווי אין א געהיימען ליבעס ארט. אין דער הויכער גלעזערנער הויז געה איך ארום צווישען מאסען בלומען, האלב געעפענט אדער פערשלאסען, וועלכע הויבען זיך אויף אין קרומע שורעס פון דער ערד ביז'ן באלקען. דאס איז דער ערשטער קוש, וואס זיי גיבען מיר.

די דאזיגע בלומען דארט, וועלכע בעציהרען דעם פאר־צימער פון מיינע געהיימע ליידענשאפטען, זיינען מיינע בעדיענער, ניט מיינע געליעבטע.

זיי בעגריסען מיך ווען איך געה פארביי, מיט זייער בייטענדי־גער פארבען־פראכט, אין זייער פרישער דופטענדער הויך.

זיי זיינען רייצענד, ליעב. אכט רייהען הויך לינקס, אכט ריי־הען הויך רעכטס שטעהען זיי גאנץ נאהנט איינס פון אנדערען, אזוי, דאס זיי זעהען אויס ווי צוויי גארטענס, וועלכע ציהען זיך ביז צו מיינע פיס אראב.

מיין הארץ טרייסעלט זיך, מיין אויג ווערט אנגעצויגען, ווען איך דערזעה זיי; דאס בלוט הויבט מיר אן צו יאגען דורך די אדערען, מיין נשמה נעהמט טאנצען אין מיר און מיינע הענד ציטערען פאר לוסט זיי צו בעריהרען. איך געה ווייטער. צום סוף פון דער דא־זיגער הויכער גאלערעע געפינען זיך דריי צוגעמאכטע טהירען. איך קען אויסקלייבען, איך בעזיץ דריי הארעמס.

אם ליעבסטען געה איך צו די ארכידעען, פיינע ליעבלינגס בלומען. זייער צימער איז ניעדריג, בעטויבענדיג. די פייכטע, ווארימע לופט ווירקט אזוי, דאס די הויט ווערט נאס, דער אטהעם קורץ, די פינגער נעהמען ציטערען. יענע זעלטזאמע מיידלאך קו־מען פון זומפיגע, הייסע און געזונטע לענדער, זיי בערוישען ווי צוי־בערינען, טויטען ווי גיפט, זיינען וואונדערבאר, ווירקען אויף די נערווען און זיינען שרעקליך. אט שטעהען אזעלכע, וואס זעהען אויס ווי שמעטערלינגען, מיט ריזיגע פליגלען, קליינע פיסלאך און

אויגען. ווארים זיי האבען אויגען. זיי קוקען מיך אן, זיי זעהען מיך, די דאזיגע זעלטענע, וואונדער־ווענזען, די פעען־געשטאלטען, טעכטער פון דער הייליגער לאנד, פון אונבעוועגטער לופט און הייסען ליכט, טעכטער פון דער מוטער־ערד. יא, זיי האבען פליגלען און אויגען און פארבען, וועלכע קיין מאהלער איז ניט אימשטאנד איבערצוגעבען. און אט דער חן, אט די צערטליכקייט, אט די שעהנקייטען, פון וועלכע מען טרוימט נור, זיי האבען א נשמה. זייער שוים עפענט זיך דורכזיכטיג און שמעקעדיג און איז צוציהענדער פאר דער ליעבע, ווי דער שעהנסטער פרויען־לייב. זייערע קליינע, וואונדערבאר־געשטאטעלטע קערפער רופען אין אייער נשמה ארויס בילדער פון גן עדן און אידעאלע ליידענשאפטליכע פערלאנגען. זיי ציטערען אויף זייערע שטעקלאך, ווי זיי וואלטען וועלען אוועקפליהען. פליהען זיי אוועק צו מיר? ניין, מיין הארץ שוועבט איבער זיי, פון ליעבע געקוועלט.

קיין טהירישער הויך קען זיי ניט טרעפען. מיר זיינען אליין, זיי און איך, אין א העלען געפענגניס, וואס איך האב פאר זיי אויסגעבויט. איך בעקוק און בעטראכט זיי, בעוואונדער און פערגעטער זיי איינע נאך דער אנדערער.

ווי רונד און דיק, און טיעף, און ראזאווע זיי זיינען! פון די צארטעסטע פארבען. מען קען אויסגעהן פאר זיי. ווי איך ליעב זיי! דער ראנד פון זייערע בלעטלאך איז געצאקט, בלייכער ווי זייער בוזעם און אין דעם פערשטעקט זיך דער זעלטזאמער, צוציהענדער מויל, זיס שמעקענדיג ווען מען בעריהרט איהם מיט'ן צונג. צארטע, וואונדערבארע, געהייליגטע ארגאנען ענטפלעקען זיך דא פאר אייך, פון יענע קליינע ווענזענס, וועלכע שמעקען אזוי גוט און שווייגען אזוי שטיל.

מאנכעס מאל פאלט אויף מיר אן א ליידענשאפט פאר איינע פון זיי, וועלכע געדויערט אזוי לאנג ווי זיי לעבען — א פאר טעג, א פאר אבענדען. דאן ווערען זיי אוועקגענומען פון דעם גארטען און אין א קליינע, גלעזערנע כלי מיט וואסער ארייגגעשטעלט און

איך בלייב דאן שטעהן נעבען זיי, פיעבערהאפט, גליהענדיג, מיט א הארץ פול יסורים. איך וויים, אז זיי מוזען באלד שטארבען, איך זעה ווי זיי וועלקען, בעת איך בעזיץ זיי און איך אטהעם אריין אין זיך מיט דער גרעסטער צערטליכקייט זייער קורצען לעבען, טרינק זיי, ריים זיי..........................................

........................................................................................

* * *

נאכדעם ווי דער אדוואקאט האט איבערגעלעזען די דאזיגע פראגמענטען, האט ער געזאגט:

— מיינע הערען ריכטער, די אנשטענדיגקייט לאזט מיך ניט פאר אייך וויטער צו לעזען די מאדנע איינבילדונגען פון דעם דאזיגען פערריקטען, וועלכער איז א שמאכפולער אידעאליסט. איך גלויב, אז די עטליכע אויסציגע, וועלכע איך האב געבראכט, וועלען זיין גענוג, אום איהר זאלט קענען אורטהיילען דעם פאל פון גייסט־קראנקהייט, וואס איז אין אונזער צייט פון היסטערישער משוגעת און איבערטריבענדער דעקאדענס ניט אזוי זעלטען, ווי מען מיינט.

איך דענק, אלזא, אז די זעלטזאמע משוגעת פון איהר מאן, האט אוועקגעשטעלט מיין קליענטין אין אזא אויסערגעוועהנליכער לאגע, דאס זי האט א רעכט מעהר ווי יעדע אנדערע פרוי צו פערלאנגען א גט.

# די נאַכט.



יט'ן גאַנצען הארצען האָב איך ליעב די נאַכט, ווי מען ליעבט די היימאַטה אָדער אַ געליעבטע. איך האָב זי ליעב מיט אלע מיינע חושים,, מיט מיינע אויגען, וועלכע דרינגען זי דורך, מיט מיין חוש הריח, וועל־כער איז זיך מחיה מיט איהר דופט, מיט מיין געהער, וועלכער נעהמט אריין אין זיך איהר שווייגען און מיט דעם חוש פון טאַפּען, ווען די דונקעלהייט שטרייפט צערטליך מיין הויט. די לערכען־פויגלאך זינגען ביים זון אויפגאַנג אין דער ווארימער, לייכטער, בלויער לופט פון דעם העלען פריה־מאָרגען. די אַיילע פליהט ארום אין דער נאַכט, ווי אַ דונקעלער שאָטען יאָגט זי זיך דורך דער אונענדליכער פינסטערניש און שרייט אין דער נאַכט אריין איהר גרילצערדיגען, שניידענדען, אונגליק־אָנזאָגענדיגען געשריי.

דער טאָג מאַכט מיך מיעד און שלאַף. ער איז אזוי פּראָסט, אזוי שרייעדיג; אַ פערמאַטערטער שטעה איך אויף, טהו זיך פויל אָן, געה געצוואונגען אויף דער גאַס ארויס און יעדער טריט, יעדע בעוועגונג, יעדעם וואָרט, יעדער געדאַנק מאַכט מיך מיעד, ווי איך וואָלט געדארפט אויפהויבען אַ שרעקליך שווערע משא.

אָבער ווען די זון געהט אונטער, שטראָמט מיך דורך עפּעס אַן אונבעשטימטע פרייד. איך ווער מונטערער, ווער לעבעדיגער און וואָס דונקעלער עס ווערט, אלץ אויפגערעגטער פיהל איך זיך, אלץ קרעפטיגער, בעוועגליכער, גליקליכער. איך זעה, ווי דער גרויי־

סער ליעבער שאָטען זינקט פון הימעל ארונטער, ווי ער כאַפּט ארום די גאַנצע שטאָדט פון אלע זייטען, ווי אַן אונדורכדרינגליכער שטראָם, ווי ער דערוועַרגט און פערשלינגט אלע פאַרבען, ווי ער פער־שטעלט די הייזער, די מענשען, די געביידען מיט זיין טיעפער דונקעלהייט.

דאַן פאַלט אויף מיר אַן די לוסט צו שרייען, ווי די נאַכט־אֵיילע, זיך צו'גנב'ענען אויף די דעכער, ווי אַ קאַץ, און אַ געביטערישער, ניט צו אונטערדריקענדער באַגעהר נאָך ליעבע צינדט אַן מיין בלוט.

דאַן בלנדזשע איך מאַנכעס מאָל איבער די דונקעלע פאַר־שטעדט ארום, מאַנכעס מאָל דורך די וועלדער ארום פאַריז, וואו ארום מיר טרייבען זיך ארום מיינע שוועסטער און ברידער, די חיות און די וואלד גנבים.

וואָס מען ליעבט הייס, פון דעם ווערט מען אלע מאָל פער־ניכטעט. אָבער ווי אזוי זאָל איך ערקלעהרען וואָס איך פיהל ? ווי קען איך עס מאַכען אויף אזוי פיעל פערשטענדליך, אז איך זאָל עס קענען דערצעהלען ? איך ווייס ניט ווי, איך ווייס ניט וואָס, איך ווייס נור, אז עס איז דאָ. אלזאָ נעכטען. איז עס טאקע געווען נעכטען ? יא, נעכטען. אויב עס איז ניט געווען נאָך פריהער, ווען עס איז אַן אנדער טאָג, אין אַן אנדער מאָנאַט, אין אַ פריהער־דיגען יאָהר... איך ווייס ניט. און דאָך האָט עס געמוזט זיין נעכטען, ווייל זייט דעם איז ניט מעהר טאָג געוואָרען, זייט דעם האָט די זון ניט מעהר געשיינט. אָבער זייט ווען איז נאַכט ? זייט ווען ? ווער קען עס זאָגען ? ווער קען עס וויסען ?

אלזאָ נעכטען בין איך ארויסגעגאַנגען איז גאס אזוי ווי יעדען אבענד נאָכ'ן עסען. עס איז געווען אַ וואונדערבאַר־שעהנער, וואַרימער וועטער. ווען איך בין ארונטערגעגאַנגען צו די בולוואַרען, האָב איך געזעהן איבער די קעפּ דעם הימעל ווי אַ שוואַרצען שטראָם, בעזעעט מיט שטערען, וועלכען די דעכער פון די הייזער האָבען ווי דורכגעשניטען און וועלכער האָט זיך געדרעהט און געוואָרפען אין אַ

שלאנג־ליניע ווי אן אמת׳ער שטראם. איך האב איהם געזעהן דעם דאזיגען אויביגען שטראם פון די שטערען.

די גאנצע לופט איז געווען קלאהר פון די פלאנעטען ביז אונטען צו די גאז לאנטערנען. דארט אויבען און דא אונטען אין שטאדט, האבען געבליסטשעט אזוי פיעל פייערלאך, אז די דונקעלהייט איז עפעס ווי ליכטיג געווארען. העלע נעכט זיינען שעהנער ווי די זוניגסטע, זומערדיגע טעג.

אויף די בולווארען האבען געלויכטען די קאפעעס. מען האט געלאכט, געלאפען אהער און אהין און געטרונקען. איך בין אריין אויף א פאר מינוטען אין טהעאטער. אין וועלכען טהעאטער? איך האב שוין פערגעסען. עס איז דארט געווען זעהר ליכטיג. דאס האט מיך טרויעריג געמאכט און איך בין צוריק ארויס; דער דאזיגער שטראם ליכט, דאס ברוטאלע בליסטשען אויף דעם גאלד פון די באלוסטראדען, דאס פינקלען פון דעם קריסטאלענעם ענג־לייכטער און פון די אלע לעמפלאך ארום דער ביהנע האט אויף מיר אן אומעט ארויפגעווארפען. עפעס טרויעריגעס ליגט אין דער דאזיגער גע־מאכטער, פאלשער, שרייעדיגער ליכטיגקייט און דאס האט מיין נשמה פערפינסטערט.

איך בין געקומען אין די טשאמפס־עליסעעס, וואו די קאפעעס שיינען אוים פון צווישען די בוימער, ווי פערגאסענע מיט פייער, די קאשטאן־בוימער, פון געלען ליכט בעשטראהלט, האבען אויסגע־זעהן ווי טהעאטער קוליסען און עלעקטרישע קוגלען, ווי לייכטענדע בלייכע לבנות, ווי ריעזיגע לעבעדיגע פעריל האבען מיט זייער גלענ־צענדען, רעטזעלהאפטען, שטאלצען ליכט געמאכט פערבלאסען די קליינע, שמוציגע פלאמען פון די גאס לאנטערנעס.

אונטער דער טריאומף ארק בין איך שטעהן געבליבען, כדי ארונטערצוקוקען אויף דער עוועניו, דער לאנגער, וואונדערליכער, העל־בליסטשענדער עוועניו, וועלכע ציהט זיך צווישען צוויי רייהען לאנטערנעס ביז צו פאריז, און פון אויבען צו די שטערען ארויף־צוקוקען. דארט אויבען האבען געפינקעלט די שטערען, אונבע־

קאנטע וועלטען, וועלכע זיינען דורך א צופאל אין דעם אונענדליכען רוים אויסגעשאַטען געווען, וואו זיי האָבען געבילדעט זעלטזאמע פיגורען, אויף וועלכע מיר קוקען און טרוימען און טרוימען.

דאן בין איך אוועק אין באָאים דע בולאָן. דאָרט בין איך גע־ווען א לאנגע, לאנגע צייט. עפּעס א מאָדנער שוידער איז מיר איבער'ן לייב אריבער, א זעלטזאמע, מעכטיגע אויפרעגונג האָט מיך ערגריפען, אן אויפרעגונג, וואָס איז נאָהנט צו משוגעת.

איך בין ארומגעגאנגען א לאנגע, לאנגע צייט. דאן האָב איך זיך אומגעקעהרט.

וויפיעל אזייגער האָט געקענט זיין, ווען איך האָב זיך אומגעקעהרט צו דער טריאומף ארק? איך ווייס ניט. די שטאָדט איז געשלאָפען און וואָלקענס, געדיכטע, שווארצע וואָלקענס האָבען זיך לאנגזאם איבער'ן הימעל געצויגען.

צום ערשטען מאָל האָב איך דערפיהלט, אז עפּעס אויסערגע־וועהנליכעס איז געשעהן, עפּעס גאנץ נייעס. מיר האָט זיך געדאכט, אז עס איז זעהר קאלט, אז די לופט איז עפּעס געדיכטער געוואָרען און ווי די נאכט, מיין געליעבטע נאכט לייגט זיך מיר אוועק עפּעס אזוי שווער אויפ'ן הארצען. די עוועניו איז איצט געווען ליידיג, מען האָט א מענשען ניט אָנגעזעהן, נור צוויי פּאָליסלייט זיינען ארומגע־גאנגען אהין און צוריק איבער דעם פּלאַץ, וואו די דראָזשקעס גע־פינען זיך און איבער דעם, פון די אָבשטאַרבענדיגע גאַס־פּלאַמען, דונקעל־בעלויכטענעם פאהרדאַמס, האָט זיך געצויגען א גאַנצע רייהע גרינס־וואָגענס אין מארק אריין. זיי זיינען געפאָהרען לאנג־זאם, בעלאָדען מיט מערען, קארטאָפעל און קרויט. די קוטשערס האָבען געשלאָפען, מען האָט זיי גאָר נישט געזעהן. די פערד האָ־בען געטראָטען שטיל מיט געצעהלטע טריט, איין וואָגען נאָך דעם אנדערען אזוי, אז מען האָט אפילו ניט געהערט דאָס קלאַפען פון זייערע קאַפּיטעס איבער דעם הילצערנעם טראָטואר. פאר דעם שיין פון יעדער לאנטערנע האָבען די מערען אָבגעשיינט רויט, דאָס קרויט גרינליך. און די דאָזיגע פייערדיג־רויטע, זילבער־ווייסע,

סמאראגד־גרינע וואָגענס האָבען לאנגזאם געפאָלגט איינער נאָך דעם אנדערען. איך בין נאָכגעגאנגען, דאן האָב איך זיך פערנומען אין דער רו ראָיאַל און זיך צוריקגעקעהרט אויף די בולווארען. קיין מענש איז ניט געווען צו זעהן. קיין קאפּעע איז שוין מעהר ניט גע־ ווען בעלויכטען, נור א פּאָר פערשפּעטיגטע האָבען זיך געאיילט אהיים. און איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן פּאריז אזוי טויט, אזוי פערלאָזען. איך האָב ארויסגענומען דעם זייגער. עס איז געווען צוויי.

אן אונבעשטימטע קראַפט האָט מיך געטריבען אין פּאָראוים, א בעדערפעניש צו געהן ווייטער. איך בין אלזאָ געגאנגען ווייטער ביז צו דער באסטיליע, דאן האָב איך בעמערקט, אז איך האָב אוי־ גענבליק נאָך קיינמאָל ניט דורכגעלעבט אזאַ פינסטערע נאכט, ווייל איך האָב אפילו ניט געקענט זעהן איהרע זיילען, וועלכע זיינען אין גאנצען פערשלונגען געוואָרען פון דער געדיכטער פינסטערניש. א אונענדליכע, געדיכטע וואָלקען־דעקע האָט פערשטעלט די שטערען און עס האָט זיך געדאכט, אז אָט־אָט זינקט זי אויף דער ערד ארונ־ טער און דערשטיקט זי.

איך בין אוועק צוריק, אין ערגעץ האָט מען א מענשען ניט אָנ־ געזעהן. דאָך געהענדיג אביסעל ווייטער איז א שיכור'ער שיער ניט ארויפגעקראָכען אויף מיר און איז דאן פערשוואונדען. א ווייל־ע האָב איך נאָך געהערט זיין אונרעגעלמעסיגען טריט. איך בין אוועק ווייטער. אין דער געגענד פון פּאָבורג מאָנטמארט איז א דראָזשקע פארבייגעפאָהרען צו דער סעין צו. איך האָב זי געוואָלט אָבשטעַ־ לען, דער קוטשער האָט ניט געענטפערט. א פרויענצימער האָט זיך ארומגעשלעפּט איבער דער רו דרואָ:

— הערט אוים! הערט אוים!

איך האָב גענומען געהן שנעלער אום פון איהר צו אנטלויפען; דאן האָט זיך מעהר גאָר נישט געהערט, גאָר נישט געזעהן. פאר דעם וואָדעוויל טהעאטער האָט א שמאָטע־קלייבער געזוכט אין דעם אָב־

פאל, זיין קליינע לאנטערנע האט זיך אראבגעגליטשט אויף דער ערד. איך האב איהם געפרעגט:

— וויפיעל איז איצט דער זייגער, אלטער פריינד?

ער האט אויסגעברומט:

— איך וויים ניט, איך האב קיין זייגער ניט.

דא האב איך פלוצים בעמערקט, אז די גאס־פייערן זיינען אויסגע־לאשען געווארען פון שפארזאמקייט וועגען, אבער עס איז געווען נאך לאנג, לאנג ביז טאג.

איך וועל געהן אין מארק, דארט וועט ווייניגסטענס זיין לעבע־דיגער, האב איך געטראכט.

איך האב זיך געלאזט געהן, אבער איך האב אפילו ניט געקענט זעהן, ווי אזוי צו צוקומען אהין. לאנגזאם בין איך געגאנגען מיין וועג ווי אין א געדיכטען וואלד און איך האב אונטערשיעדען די גא־סען נור דורך דעם, וואס איך האב זיי נאך דער רייהע נאכגעצעהלט.

פאר עפעס א הויז האט געבילט א הונד. איך האב זיך פערנו־מען אין דער רו גראמאנט. דאן האב איך זיך פערבלאנדזשעט. איך האב א צייט געבלאנדזשעט ביז איך האב דערקענט די בירזשע, נאך די אייזערנע שטאכעטען, וואס רינגלען איהר ארום. גאנץ פא־ריז האט געשלאפען טיעף און אונהיימליך. און דאך איז פון ווייטען געפאהרען א דראזשקע, אפשר די איינציגע, וואס איז פריהער פארביי מיר געפאהרען. איך האב זי געוואלט אניאגען און האב נאכ־געפאלגט דעם קלאנג פון די רעדער דורך איינזאמע, פינסטערע גאסען, פינסטער ווי דער טויט.

איך האב זיך ווידער פערבלאנדזשעט. וואו בין איך געווען? אזא משוגע'נער איינפאל, אזוי פריה אויסלעשען די גאז! קיין מענש איז ניט פארבייגעגאנגען, קיין פערשפעטיגטער, קיין טרעמפ, ניט אפילו עפעס א פערליעבטע קאץ האט א מיאוקע געטהאן. גאר נישט.

וואו זיינען געווען די פּאָליסלייט? און איך האָב ביי זיך בע־שלאָסען: איך וועל נעהמען שרייען, וועלען זיי קומען. איך האָב געשריען, קיין מענש האָט מיר ניט געענטפערט.

איך האָב געשריען נאָך העכער, מיין שטימע האָט געקלונגען אָהן אַ ווידער־קול, שוואך, פערשטיקט, פערלאָרען אין דער נאַכט, אין דער דאָזיגער שווארצער, אונדורכדרינגענדער נאַכט.

איך האָב געשריען:

— הילפע! הילפע! הילפע!

מיין פערצוויפעלטער רוף האָט קיין ענטפער ניט געפונען. ווי שפּעט האָט עס דאן געקענט זיין? איך האָב ארויסגענומען דעם זייגער, אָבער איך האָב ניט געהאט ביי זיך קיין שוועבעלאך. איך האָב זיך צוגעהערט צו דעם טיק־טאַק, דעם שטילען טיק־טאַק פון דעם קליינעם מעכאניזם מיט עפּעס אַ מאָדנער פרייד. עס האָט זיך מיר געדאכט, אז עס לעבט און איך האָב זיך געפיהלט ווייניגער אליין. וואָס פאר אַ וואונדער! און איך האָב זיך ווידער אוועקגע־לאָזען מארשירען ווי אַ בלינדער, טאַפּענדיג מיט מיין שטעקען אי־בער די ווענט. אלע ווייל<ע> האָב איך געקוקט צום הימעל ארויף אין דער האָפנונג, אז ענדליך וועט ווערען טאָג. אָבער עס איז געווען שווארץ אין דער ווייטקייט, גאנץ שווארץ, נאָך שווארצער ווי אין שטאָדט.

וויפיעל האָט געקענט זיין דער זייגער? מיך האָט זיך גע־דאכט, אז איך געה שוין אזוי ארום אַ גאַנצע אויביגקייט, ווייל די פיס האָבען זיך אָבגעזאָגט מיר ווייטער צו דיענען, מיין ברוסט האָט געסאָפּעט, און הונגער האָט מיך געמאטערט.

דאן האָב איך זיך בעשלאָסען אָנצוקלינגען אין דער ערשטער בעסטער טהיר. איך האָב אזוי געטהאָן. איך האָב אַ ציה געטהאָן דעם מעטאלענעם קנאָפּ און דומפּף האָט אָבגעקלונגען אינעווייניג אין הויז דער גלאָק. ער האָט געקלונגען עפּעס אזוי מאָדנע, ווי דער דאָזיגער ציטערענדער טאָן וואָלט געווען דאָס איינציגע לעבעדיגע זאך דאָ אין הויז.

איך האָב געוואַרט, קיין מענש האָט ניט געענטפערט. מען האָט ניט געעפנט. איך האָב ווידער געקלונגען, ווידער געוואַרט... גאָרנישט.

דאָ איז אויף מיר אָנגעפאַלן אַ מורא. איך בין געלאָפן צו דער צווייטער הויז. און אין צוואַנציק הייזער, איינס נאָך אַנדערע, האָב איך געלאָזט קלינגען דעם גלאָק אין דעם פינסטערען פיהר־הויז, וואו דער הויז־וועכטער מוז שלאָפען. ער האָט זיך אָבער ניט אויפגעכאַפּט און איך בין אוועק ווייטער און האָב מיט אַלע קרעפטען געדריקט און געצויגען די קנעפּלאַך פון די גלאָקען, געטראַסקעט מיט׳ן פוס, מיט׳ן שטאָק און מיט׳ן האַנד אין די אויביג־פערשלאָ־סענע טהירען.

און פּלוצים האָב איך בעמערקט אַז איך בין געקומען צום מאַרק. דער מאַרק איז געווען פּוסט, אָהן ליאַרעם, אָהן בעוועגונג, אָהן אַ וואָגען, אָהן אַ מענשען אויף איהם, אָהן וועלכען ניט איז בינטעל גרינצייג אָדער בלומען. ער איז געווען ליידיג, פערלאָזען, טויט.

דאָ איז אויף מיר אָנגעפאַלען אַ מורא׳דיגע אַנגסט. וואָס איז געשעהן? מיין גאָט, וואָס איז דאָ פאָרגעגאַנגען?

איך בין געלאָפען ווייטער, אָבער די צייט — יעען אימיצער זאָל מיר בלויז זאָגען, וויפיעל דער זייגער איז. קיין זייגער האָט ניט געשלאָגען אויף די טורעמס, אָדער פון די הייזער און מיר איז איינגעפאַלען, איך וועל דאָס גלעזעל פון זייגער אראָבנעהמען און מיט׳ן פינגער דעם ווייזער אָנטאַפּען. איך האָב אַרויסגענומען דעם זייגער, ער איז מעהר ניט געגאַנגען, ער איז געשטאַנען. טויט, אַלעם אַרום טויט, נור אַ ציטערענדע הויך האָט זיך געצויגען אי־בער׳ן שטאָדט; קיין ליכט־שיין, קיין קלאַנג אין דער לופט, גאָר־נישט, גאָרנישט מעהר, ניט אפילו פון גאַנץ ווייט דאָס סקריפּען פון די רעדער פון אַ דראָזשקע, טויט, שטיל אַרום.

איך בין געשטאַנען ביים ברעג טייך און אַן אייזיגע קעלט האָט זיך געטראָגען פון פלוס אַרויס.

איז די סעין נאָך געפלאָסען?

איך האָב עס געוואָלט וויסען. איך האָב געפונען די טרעפּ און איך האָב ארונטערגעקלעטערט. איך האָב ניט געהערט דאָס שטראַ־מען פון אונטער די גערדרעהטע טרעפּ... נאָך אַ פּאָר טרעפּלאָך, דאַן זאמד, דאַן בלאָטע, דאַן וואסער. איך האָב איינגעטונקט דעם אָרעם, עס איז געלאָפען, קאַלט, קאַלט, קאַלט, כמעט געפראָרען, כמעט פערטריקענט, כמעט טויט.

און דאָ האָב איך דערפיהלט, אז איך וועל קיינמאָל מעהר ניט האָבען די קראַפט ארויפצוגעהן אויבען און אז איך וועל דאָ אונטען מוזען שטאַרבען, איך אויך, פאר הונגער, פאר מיעדקייט, פאר קעלט.

# דאָס פּעסעל.


ערר שיקאַ, דער בעל אכסניה פון עפּרעוויל, האָט זיך אָבגעשטעלט מיט זיין וועגעל פאַר'ן הויף פון דער מוטער מאַגלאָאר. ער איז געווען אַ געזונדער הויכער יונג פון אַ יאָהר פיערציג, רויט, קיילעכדיג, בעלייבט. אַ נאָמען האָט ער געהאַט פון אַ כיטרען און בייזען יונג.

ער האָט צוגעבונדען זיין פערד צום פּארקאַן און איז אריין אין הויף. זיינע אקערס לאַנד האָבען זיך געגרענעצט מיט דעם אייגענטהום פון דער מוטער מאגלאָאר און ער האָט שוין פון לאַנג אָן געוואָרפען אן אויג אויף איהרע פעלדער. ער האָט שוין אמאָל צוואנציג געפּרואווט פאָרלעגען דער אלטער, זי זאָל איהם איהר נחלה פערקויפען, אָבער מוטער מאגלאָאר דאָט ניט געוואָלט הערען און געדענקען פון אזא פאָרשלאָג.

— דאָ בין איך געבאָרען, דאָ וועל איך שטארבען! האָט זי שטענדיג געענטפערט.

ווען ער איז אריין אין הויף, האָט ער זי געטראָפען פאר דער טהיר שיילענדיג קארטאָפעל. זי איז אלט געווען צוויי און זיעבעציג יאָהר, פערטריקענט, צוקאַרטשעט און איינגעבויגען, אָבער נאָך גאנץ זשוואווע און מונטער ביי דער ארבייט ווי אַ יונג מיידעל. שיקאָ האָט איהר פריינדליך אַ קלאַפּ געטהאָן איבער'ן פּלייצע און זיך געזעצט נעבען איהר אויף אַ פוס בענקעל.

— נו, מוטער, ווי געהט עס אייך, וואָס מאַכט איהר?

— נישט צו פערזינדיגען. און וואָס מאַכט איהר, פעטער?

— איך האָב מיך אויך ניט וואָס צו בעקלאָגען.

— דאָס פרעהט מיך זעהר.

און זי איז אנשוויגען געוואָרען. שיקאָ האָט זיך צוגעקוקט ווי די אַלטע טהוט איהר אַרבייט. איהרע אויסגעקרימטע ביינער־דיגע פינגער, וועלכע זיינען פערהארטעוועט געוואָרען ווי די שעערין פון אַ ראַק, האָבען אָנגענומען אזוי ווי מיט צוואַנגען די גרויע קאַר־טאָפעל פון קאָרב ארויס. זי האָט זיי שנעל געדרעהט אַהין און אַהער מיט דעם מעסער, וועלכען זי האָט געהאַלטען אין דער אנדער האַנד, אָבגעשיילט פון זיי לאַנגע פאַסען. אַזוי שנעל ווי די קאַר־טאָפעל איז געוועזען אין גאַנצען געל, האָט זי זיי אַריינגעוואָרפען אין אַן עמער וואַסער. דריי חוצפה'דיגע היהנער זיינען געקומען צו־לויפען איינע נאָך דער אַנדערער ביז צו די פאַלדען פון איהר קלייד, כדי דעם אָבפאַל אויפצופּיקען, און געכאַפּט אַ שטיקעל שאָלעכץ זיינען זיי אַנטלאָפען אַזוי שנעל, ווי די פיס האָבען זיי געטראָגען.

שיקאָ איז געזעסען און געקוקט מיט אַ צומישטער, אונזיכערער מינע, אַזוי ווי עפּעס וואָלט איהם געלעגען אויפ'ן צונג, וואָס איז איהם שווער ארויסצובריינגען. צום סוף האָט ער זיך אָנגעטהאָן אַ כח און געזאָגט:

— זאָגט מיר אַקאָרשט, מוטער מאַגלאָאַר.

— וואָס ווילט איהר?

— איהר ווילט מיר נאָך אַלץ ניט פערקויפען דעם הויף?

— ניין, דערפון וועט גאָרנישט ארויסקומען. איך האָב דאָס אייך שוין ניט איין מאָל געזאָגט. לאָמיר דערפון בעסער גאָרניט רעדען...

— איך האָב אָבער געפונען אַ מעגליכקייט ווי מיר ביידע זאָלען זיך קענען אויסגלייכען.

— נו, לאָמיר הערען.

— די זאך איז די. איהר פערקויפט מיר דעם הויף און ער בלייבט ווייטער אין אייער רשות... איהר פערשטעהט וואָס איך מיין?

די אלטע האָט ארויסגעלאָזט די קארטאָפעל פון האנד און האָט אָנגעשטעלט אויף דעם בעל־אכסניה א שארפען בליק אונטער איהרע פערוועלקטע ברעמען.

ער האָט אָנגעפאנגען פון דאָס ניי:

— איך וועל עס אייך גענויער ערקלעהרען. איך גיב אייך יעדען מאָנאט הונדערט און פופציג פראנק. הערט זיך גוט צו, יעדען מאָנאט קום איך אהער מיט מיין וועגעלע און לייג אייך אויס אָט דאָ אויפ'ן טיש דרייסיג פינף פראנק־שטיק. און א חוץ דעם וועט אלעס בלייבען ווי געווען. איהר בלייבט זיך אין דער היים און קימערט זיך פון קיין זאך נישט. נו, אלזאָ, געפעלט אייך אזא געשעפט?

ער האָט איהר געקוקט גלייך אין די אויגען אריין גוט אויפגעלעגט און פול מיט נצחון.

די אלטע האָט איהם אָבגעמאָסטען פון קאָפּ ביז די פיס מיט א פערדעכטיגען בליק. זי האָט געפיהלט, אז דאָ שטעקט עפּעס א פּאסטקע, האָט אָבער ניט געוואוסט וואו און זי האָט געזאָגט:

— דאָס איז א גוט געשעפט פאר מיר, אָבער וואָס וועט איך דערפון ארויסקומען?

ער האָט געענטפערט:

— רעגט זיך נור ניט אויף! אזוי לאנג ווי דער ליעבער גאָט וועט אייך שענקען דאָס לעבען, בלייבט איהר דאָ וואָהנען. איהר בלייבט ביי זיך אין דער היים. איהר גיט מיר בלויז ביים נאָטאַריוס א קליינעם צעטעלע, אז נאָך אייער טויט געהערט דער הויף צו מיר. קיין קינדער האָט איהר דאָך ניט, בלויז א פּלימעניק, וועלכען איהר האָט ליעב פון ווייטען. אלזאָ, איז וואָס זאָגט איהר צו

מיין פּראָיעקט? איהר וועט האָבען אייער הויף אזוי לאנג ווי איהר וועט לעבען און איך גיב אייך יעדען מאָנאט הונדערט און פופציג פראנק. דאָס איז דאָך פאר אייך א ריינער פערדיענסט.

די אלטע איז געווען גאנץ איבערראשט. די זאך האט זי בעד אונרוהיגט און אין דערזעלבער צייט זי שטארק אָנגעצויגען. דאָך האָט זי זיך ניט געקענט ענטשליסען. זי האָט געזאָגט:

— איך זאָג ניט ניין, אָבער איך מוז זיך וועגען דעם גוט מישב זיין. קומט אריבער צו מיר נעקסטע וואָך, וועל איך אייך זאָגען, וואָס ביי מיר איז געבליבען.

און הער שיקאָ איז אוועק מלא שמחה, ווי א קעניג וואָס האָט א נייע קעניגרייך איינגענומען.

די אלטע מאגלאָאר איז געבליבען פערטיעפט אין געדאנקען. זי האָט יענע נאכט ניט געקענט צומאכען מיט אן אויג און פיער טעג נאָכאנאנד איז זי ארומגעגאנגען ווי אין פיבער. זי האָט געפיהלט, אז עס איז עפּעס ניט גלאט מיט דעם בעל־אכסניה'ס פּראָיעקט. אָבער אז זי האָט זיך דערמאָנט אָן די שעהנע מזומנים, וואָס וועד לען אראָבפאלען אזוי ווי פון הימעל אראָב אין איהר פארטוך אריין, אָן די הונדערט און פופציג פראנק מאָנאטליך, וואָס זי וועט בעקוד מען אָהן מיה, אהן מאטערניש, ניט א קלאָפּ טהאָענדיג א פינגער אָן א פינגער, איז אויף איהר אָנגעפאלען א שטארקער יצר הרע, א הייסער פערלאנג נאָך דאָס פערשפּראָכענע געלד.

דאן איז זי אוועק צו א נאָטאריוס און איהם דערצעהלט די גאנצע געשיכטע. ער האָט איהר געראטהען אָנצונעהמען שיקאָ'ס פּאָרשלאָג נור מיט דער בעדינגונג, אז ער זאָל איהר אָנשטאָט הונד דערט און פופציג פראנק א מאָנאט געבען צוויי הונדערט און פופציג. דער הויף איז פאר א מציאה ווערטה געווען זעכציג טויזענד פראנק.

די אלטע האָט א ציטער געטהאָן ביי דעם געדאנק, אז זי וועט בעקומען יעדען מאָנאט צוויי הונדערט און פופציג פראנק מזומן. זי האָט אָבער אלץ חושד געווען, אז מען וויל איהר בעשווינד לען. זי האָט דעם נאָטאריוס פערמאטערט מיט איהרע פראגען,

ביז עס איז פינסטער געוואָרען. צום סוף האָט זי זיך בעשלאָסען צו מאַכען דעם געשעפט, בעשטעלט די אקטען און איז צוריקגע־גאַנגען אהיים זעהר אויפגערעגט.

אז שיקאָ איז געקומען הערען איהר תשובה, האָט זי זיך לאַנג געלאָזט בעטען און ערקלעהרט, אז זי האָט קיין חשק ניט צום גאַנ־צען עסק. אָבער אין הארצען האָט זי מורא געהאַט, טאָמער וועט ער ניט וועלען איינשטימען צו בעצאָהלען צוויי הונדערט און פופציג פראַנק. צום סוף, אז ער האָט זיך אויף איהר שטאַרק אָנגעזעצט, האָט זי איהם פאָרגעלעגט איהר פאָדערונג.

ער האָט אָזש אַ שפּרונג געטהאָן, דערהערענדיג איהרע רייד, און האָט געזאָגט, אז אויב אזוי, וויל ער שוין ניט דאָס גאַנצע געשעפט.

די אלטע האָט איהם אָבער אָנגעהויבען איינצורעדען, אז זי האָט שוין ניט מעהר צו לעבען ווי פינף־זעקס יאָהר און ער האָט איהר געענטפערט, אז זי איז נאָך געזונד ווי אַ נוס און זי וועט נאָך איהם איבערלעבען. און אזוי האָבען זיי זיך דעם גאַנצען טאָג גע־דונגען, ביז דער בעל־אכסניה האָט ענדליך איינגעשטימט צו צאָה־לען די צוויי הונדערט און פופציג פראַנק.

אויף מאָרגען האָבען זיי אונטערגעשריבען די אקטען און די זאַך איז אָבגעמאַכט געוואָרען. מוטער מאַגלאָאַר האָט פערלאַנגט פינף און פופציג פראַנק־שטיק האַנד־געלד.

* * *

**דריי יאָהר זיינען אוועק.** די גוטע אלטינקע איז געוועזען געזונד און מונטער. עס האָט אויסגעזעהן, אז זי איז מיט איין טאָג ניט עלטער געוואָרען און שיקאָ איז געוועזען אוים מענש פאַר צער און פערצווייפלונג. איהם האָט זיך געדאַכט, אז ער צאָהלט שוין די רענט אַ האַלבען יאָהר־הונדערט, אז ער האָט זיך גענאַרט, רואינירט

און בדלות געשטעלט. פון צייט צו צייט האָט ער בעזוכט די פּוי־ערטע, אזוי ווי מען געהט אין דזשולייי אויפ׳ן פעלד צו זעהן, אויב די תבואה איז שוין צייטיג צום שניט. זי האָט איהם שטענדיג אויפגענומען מיט א כיטרען בליק, אזוי ווי זי וואָלט איהם אָבגעבען מזל־טוב אויף אזא גוט געשעפט ווי ער האָט געמאכט און ער פלעגט שטענדיג באלד צוריק ארייינזעצען זיך אין זיין וועגעלע און געשווינד אוועקפאָהרען מיט א קללה אויף די ליפּען.

— ווילסט נאָך אלץ ניט פוגר׳ען, אלטע פּאדלע?

ער האָט ניט געוואוסט וואָס פאר אן עצה מען גיט זיך. יעדעס מאָל, וואָס ער האָט זי געזעהן, האָט זיך איהם געוואָלט זי דער־שטיקען. ער האָט זי געהאסט מיט דעם ווילדען גראבען האס פון א פויער, וועלכער שפּירט, אז מען האָט איהם בע׳גנב׳עט

צום סוף איז איהם איינגעפאלען א שפּיצעל. און איין מאָל, אין א געוויסען טאָג, איז ער צו איהר ווידער געקומען און זיך צו־פריעדען געריבען די הענד ווי דעמאָלט, ווען ער האָט איהר דאָס ערשטע מאָל דעם האנדעל פאָרגעשלאָגען.

און נאָכדעם ווי ער האָט א צייט לאנג געפּלוידערט וועגען זיי־טיגע זאכען, רופט ער זיך אָב צו איהר:

— זאָגט נור, מוטער׳ל, פארוואָס עסט איהר אויגענטליך קיינ־מאָל ניט ביי מיר, ווען איהר קומט קיין עפּרעוויל? עס געהען שוין ארום וועגען דעם א סך פּלאטקעס. לייטע זאָגען, אז מיר האָ־בען געהאט מחלוקות און דאָס שטעהט מיר ניט אָן. איהר מעגט וויסען, אז ביי מיר קריגט איהר אלעס אומזיסט, וואָס פאר א ווערדע האָט ביי מיר אין רעסטאָראן א מיטאָג?

די אלטע האָט זיך ניט געלאָזט לאנג בעטען און ווען זי איז אויף מאָרגען געפאָהרען מיט איהר פאראבאָק אין מארק ארויין, איז זי אָהן צערעמאָניעס צוגעפאָהרען מיט איהר פערדעל צו שיקאָ׳ס שטאהל און פערלאנגט דעם פערשפּראָכענעם מיטאָג.

דער בעל־אכסניה איז געווען מלא שמחה. ער האָט זי בעהאנ־דעלט ווי א גרעפין און איהר דערלאנגט פון אלעם גוטעס, וואָס האָט

זיך נור געפונען אין קיך. זי האָט אָבער געגעסען זעהר ווייניג, ווייל זי איז פון קינד־וויי׳ז אַן געוואָהנט געווען צו גאַנץ איינפאַכע מאכלים און האָט נור געלעבט מיט אַביסעל סופּ און ברויט מיט פּוטער.

שיקאָ האָט איהר געוואָלט מכבד זיין מיט אַ גלאָז קאַפע, אָבער זי האָט גאָרניט געוואָלט טרינקען און האָט זיך דערפון אָבגעזאָגט.

שיקאָ איז געווען פערצווייפעלט. דאַן האָט ער געפרעגט:

— אָבער אַ קליין גלעזעלע שנאַפּס וועט איהר דאָך ביי מיר פערזוכען?

— דאָס שיקט זיך שוין גיכער — האָט זי געזאָגט — פון דעם וועל איך זיך ניט אָבזאָגען.

און ער האָט אַ געשריי געטהאָן מיט דער גאַנצער ברוסט:

— ראזאליע, ברייננ נור אריין אביסעל פון דעם בעסטען, אָבער דעם סאמע בעסטען...

און דאָס מיידעל האָט זיך בעוויזען מיט אַ גרויסער פּלאַש, אויף וועלכער עס איז געווען אָנגעקלעפּט אַ שעהנער עטיקעט.

ער האָט אָנגעגאָסען צוויי קליינע גלעזלאַך:

— פערזוכט איינס, מוטער, דאָס איז אמת גוט!

און די גוטע אַלטיטשקע האָט גענומען טרינקען גאַנץ לאַנג־זאַם, אַ זופּ נאָך אַ זופּ, כדי וואָס לענגער הנאה האָבען. אַז זי האָט אויסגעטרונקען דאָס גלעזעל שנאַפּס ביז צום דעק, האָט זי זיך בעלעקט און געזאָגט:

— אמת, אַ טהייערע ביסעל משקה, איך האָב זיך ממש דער־קוויקט!

און איידער זי האָט נאָך געענדיגט איהרע רייד, האָט איהר שיקאָ שוין אָנגעגאָסען אַ צווייטע גלעזעל. זי האָט געוואָלט דאַנ־קען און זיך אָבזאָגען דערפון, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט און זי האָט עס לאַנגזאַם, טראָפּען־וויי׳ז אויסגעטרונקען אזוי ווי די ערשטע.

ער איז צוגעגאַנגען צו איהר, זי זאָל טרינקען נאָך אַ דריטע גלעזעל. זי האָט זיך אָבגעזאָגט, אָבער ער איז צו איהר צוגעשטאַנען:

— דאָס איז דאָך לייכט און געזונט ווי מילך. איך טרינק צעהן־צוועלף קעלישקעס און שפּיר גאָרנישט. אז איך האָב געטרונקען. עס צוגעהט פּשוט אין אלע גליעדער, און ניט דער מאָגען און ניט די קאָפּ ליידען דערפון. קיין געזינטערע זאך דערפון איז גאָרנישטאָ.

זי האָט זיך געלאָזט איינריידען און גענומען נאָך אַ האַלבען קעלישאק.

דאָ האָט שיקאָ זיך געשטעלט ברייט און געזאָגט:

— אויב עס שמעקט אייך יאָ אזוי, וועל איך אייך מאַכען אַ פּרעזענט אַ קליין פּעסעלע פון דעם דאָזיגען שנאַפּס. איך וויל וויי־זען דעם עולם, אז מיר זיינען גוטע פריינד.

די אַלטע האָט ניט געזאָגט „ניין" און איז אוועק מיט אַ שווע־רען קאָפּ.

אויף מאָרגען האָט זיך דער בעל־אכסניה בעוויזען אויפ'ן הויף פון דער אַלטער און האָט ארויסגענומען פון זיין וועגעל אַ קליין פּע־סעלע מיט אייזערנע רייפען. זי האָט גלייך פּערזוכט אַ גלעזעלע כדי זיך צו איבערציייגען, צו דאָס איז דיעזעלבע פיינע שנאַפּס וואָס זי האָט נעכטען געטרונקען און, אז זיי האָבען שוין ווידער געהאַט אריינגעגאָסען יעדערער צו דריי גלעזלאך, האָט ער ביי געזעגענען צו איהר געזאָגט:

—און ווען דאָס פּעסעל וועט אויסגעהן, קריגט מען ביי מיר נאָך; שעהמט זיך ניט. אַ פּעסעל שנאַפּס שפּיעלט ביי מיר קיין ראָליע ניט. וואָס גיכער איהר וועט עס אויסטרינקען, וועט איהר אַלץ מעהר מיר הנאה טהאָן!

און ער איז אריין אין זיין וועגעלע און איז אוועקגעפאָהרען.

אין פיער טעג ארום איז ער ווידער געקומען. די אַלטע איז גע־זעסען פאר דער טהיר און אריינגעבראָקט ברויט אין זופּ אריין.

ער איז צוגעגאַנגען גאַנץ נאָהנט צו איהר, געריעדט איהר גלייך אין פּנים אריין, כדי ער זאָל קענען הערען איהר אָטהעם. אַ גערוך פון אַלקאָהאָל האָט איהם אַ זעץ געטהאָן אין נאָז און זיין פּנים האָט זיך אויסגעלייטערט פון שמחה.

— וועט איהר מיר געבען פערזוכען אביסעל משקה? — האט ער געפרעגט אין א מינוט ארום.

און באלד האבען זייערע קעלישקעס זיך אנגעקלאפּט צוויי־דריי מאל.

אין גיכען האט זיך אין יענער געגענד פערשפּרייט א קלאנג, אז מוטער מאגלאאר האט זיך שטילערהייד גענומען צו שיכור'ען. מען האט זי שוין אנגעהויבען צו טרעפען טויט שיכור; אמאל אין קיך, אמאל אין הויף און אפּטמאל אפילו אין מיטען וועג און מען האט איהר געמוזט שלעפּען אהיים א האלב־טויטע.

שיקא האט אויפגעהערט צו געהן צו איהר. און אז מען האט אין זיין געגענווארט גערעדט פון דער מוטער, האט ער זיך אבגע־רופען מיט א טרויעריגע מינע:

— עס איז אן אונגליק זיך אריינצולאזען אין שיכרות אין איהר עלטער. אין די יאהרען איז דערצו קיין שום הילף נישטא! זי איז א פערפאלענע און וועט קיין גוטען סוף ניט האבען.

און זי האט טאקע געהאט א שווארצען סוף. זי איז געשטארבען פאלגענדען ווינטער ארום ווייהנאכטען, בעת זי איז געבליבען ליגען טויט־שיכור אין שנעע.

און דער בעל־אכסניה שיקא האט אבגע'ירש'ענט איהר הויף און געזאגט:

— אזא נארישע אלטע, ווען זי וואלט ניט גע'שיכור'ט, וואלט זי געקענט לעבען נאך אודאי צעהן יאהר.



# ניט געטראפען.



יך בין געפאהרען איבער טורין נאך קארסיקא. איז ניצצא האב איך גענומען א שיף נאך באסטיא, און אזוי שנעל ווי מיר זיינען ארוים אין ים, האב איך, אויפ'ן דעק בעמערקט א יונגע, נעטע, זעהר איינפאכע פרוי, וועלכע איז געזעסען און געקוקט אין די ווייטע ווייטקייט אריין. אהא! — האב איך געזאגט צו זיך אליין — עס וואלט ניט געשאדט צו בעקענען זיך מיט איהר, וועט זיין מיט וועמען צו פערברענגען, וועהרענד דער רייזע.

איך האב זיך געשטעלט ניט ווייט פון איהר און זיך געפרעגט אלעס, וואס מען קאן זיך פרעגען, בעת מען דערזעהט אן אונבעקאנטע, יונגע פרוי, וועלכע האט אייך פעראינטערעסירט: אויב זי איז פערהייראט, ווי אלט זי קען זיין, וואס פאר א כאראקטער זי האט. דען מען קאן זיך אנשטויסען אן דאס פערבארגענע פון דאס, וואס מען זעהט, פון די אויסערע סימנים. מען פארשט מיט'ן אויג, מיט דער פאנטאזיע, וואס אין קלייד און אונטער די קליידער געפינט זיך. מען בעטראכט די לאנג פון'ם קערפער, בעת זי זיצט, מען זוכט צו זעהן איהרע קניע, די פארמע פון איהר האנד, וועלכע שפיגעלט אב אלע איהרע פיינערע אייגענשאפטען, און מען קוקט זיך צו, ווי איהר אויער איז פארמירט, ווייל פון דעם קען מען גיכער זעהן איהר אבשטאמונג, ווי פון א געבורט־שיין, וועלכער איז ניט אימער ריכטיג. מען שטרענגט זיך אן צו הערען זי

ריידען און דורך דעם טאָן פון איהר שטימע מיט איהר האַרץ זיך צו בעקענען.

איך האָב אַלזאָ אויפמערקזאַם זיך צוגעקוקט צו מיין שכנה, אויסגעזוכט אַלע סמנים, נאָכגעפאָלגט אַלע איהרע בעוועגונגען און געוואַרט צו זעהן, ווי אַזוי זי וועט זיך האַלטען.

זי האָט געפיהרט אַ קליינעם רייזע־טאַש און אַרויסגענומען אַ ציימונג. איך האָב מיר גענומען רייבען די הענד, ווייל... זאָג מיר, וואָס דו לעזט און איך וועל דיר זאָגען, וואָס דו דענקסט...

מיט אַ שפּאַטישער מינע האָט זי גענומען לעזען אַן אַרטיקעל. דער נאָמען פון דער ציימונג האָט זיך מיר גלייך אין די אויגען געוואָרפען. „דאָס עכאָ פון פּאַריז“. איך בין געוואָרען ערשטוינט. זי האָט געלעזען אַ פעליעטאָן פון שאָל. צום טייפעל, הייסט עס, זי איז אַ לעזערין פון שאָל, אַ שאָליסטקע?.. זי האָט גענומען שמייכלען מיט אַ גנביש שמייכעל... אַזוי גאָר, מיין קינד? דאַן איז דאָך אויסגעצייכענט! הייסט עס, זי ליעבט פראַנצויזישע קונסט, ליטעראַרישע פיינהייט און זאַלץ, זאָגאָר פעפער... דאָס איז אַ גוטער סמן.

איך האָב זיך געזעצט ניט ווייט פון איהר און גענומען לע־זען מיט דער זעלביגער אויפמערקזאַמקייט אַ באַנד געדיכטע, וואָס איך האָב פאַר מיין אָבפאָהרען געקויפט. דאָס זיינען געווען ליעבעס־ליעדער פון פעליקס פראַנק.

איך האָב בעמערקט, ווי זי האָט איבערגעלעזען דעם טיטעל פון מיין בוך מיט אַ שנעלען בליק, ווי אַ פייגעל כאַפּט אויף אַ פליעג אין דער לופטען. אַ פּאָאָר רייזענדע זיינען אונז פערבייגעגאַנגען און האָבען זי אָנגעקוקט; אָבער זי האָט געשיינט צו זיין טיעף פערטהאָן אין איהר פעליעטאָן. ווען זי האָט געענדיגט לעזען, האָט זי אוועקגעלייגט די ציימונג צווישען אונז.

איך האָב זיך פאַר איהר פערנויגט און געזאָגט:

— גנעדיגע פרוי, וועט איהר מיר ערלויבען אַריינצוקוקען צ־
וויילע אין דער ציימונג?...

— אה, זעהר גערן...
— ווילט איהר פיעלייכט לעזען מיין בוך מיט געדיכטע?
— זעהר גערן עפּעס אינטערעסאנטע געדיכטע?
איך בין געוואָרען אביסעלע צומישט פון דער דאזיגער פראגע. מען פרעגט דאך ניט, אויב געדיכטע זיינען אינטערעסאנט. איך האב געענטפערט:
— די געדיכטע זיינען נאך מעהר ווי אינטערעסאנט. זיי זיינען זעהר פיין און קינסטלעריש.
— דאן גיט עס מיר, איך בעט אייך.
זי האט גענומען דעם בוך, געעפענט און אנגעהויבען עס דורכקוקען מיט א לייכטער פערוואונדערונג און מיט אזא מינע, פון וועלכער מען האט זיך גלייך געקענט אנשטויסען, אז זי האט ניט אפט געלעזען פערזען.
מאנכעס מאל האט זי אויסגעזעהן, צו זיין גאנץ געריהרט, דאן האט זי ווידער געשמייכעלט, אבער אויף א גאנץ אנדער אופן ווי פריהער, בעת זי האט דעם פעליעטאן געלעזען.
פלוצים האב איך זי געפרעגט:
— געפעהלט עס אייך?
— יא, אבער איך ליעב לוסטיגע זאכען, זעהר לוסטיגע זאכען, איך בין ניט סענטימענטאל.
און מיר האבען זיך צורעדט. איך האב זיך דערוואוסט, אז זי איז די פרוי פון א ראטמייסטער ביי די דראגונער, וועלכע שטעהן אין אדשאקקא, און אז זי פאהרט צו איהר מאן. אין א פאר מינוטען ארום האב איך בעמערקט, אז זי האט איהר מאן ניט שטארק ליעב און דאך איז אין איהר נאך פערבליבען א געפיהל, עהנליך פון פריהער, פון איהרע כלה־יאהרען, בעת זי האט איהרע שעהנע חלומות געוועבט...

ער האט זי ארומגעשלעפּט פון רעגימענט צו רעגימענט דורך פיעל קליינע, טרויעריגע שטעדטלאך. אך, ווי טרויעריג! און איצט האט ער זי גערופען אויף דעם דאזיגען פערווארפענעם אינזעל,

וואס עס איז מסתמא אויך ניט בעזונדערס פרעהליך. ניין, פיר אלעמען איז דאס לעבען א קינדער־שפיעל. זי וואלט בעסער גע־בליבען ביי איהרע עלטערען אין ליאן, ווארום דארט האט זי אלעמען געקאנט און אלע האבען זי געקענט. אבער זי האט גע־מוזט פאהרען קיין קארסיקא. דער מיניסטער האט ניט געהאנדעלט שעהן געגען איהר מאן, וועלכער איז אין אמת'ן געווען זעהר א גוטער סאלדאט.

און מיר האבען גענומען ריידען פון די פלעצער, וואוהין זי וואלט גערן געפאהרען.

איך האב געפרעגט:

— געפעהלט אייך פאריז?

זי האט אויסגערופען.

— א פראגע אביסעל! ווי קאן מען גאר אזוינס פרעגען!

און זי האט מיט אזא בעגייסטערונג, מיט אזא היץ גענומען ריידען פון פאריז, אז איך האב א טראכט געטהאן:

— אהא, דא מוזען מיר זיך אבשטעלען!

זי האט פון דער ווייטענס פארגעטערט פאריז מיט דער פערצווייפעלטער ליידענשאפט פון א קליין שטעדטעלדיגער, מיט דער צורייצטער אונגעדולד פון א פייגעל אין שטייג, וועלכע זעהט א גאנצען טאג דורכ'ן פענסטער א גרינעם וואלד פאר זיינע אויגען.

זי האט מיך גענומען אויספרעגען און געשטאמעלט פאר אויפ־רעגונג. אין פינף מינוטען ארום האט זי אלעס, אלעס געוואלט וויסען, האט אנגערופען נעמען פון אלע בעריהמטהייטען און נאך פיעל אנדערע, מיר גאנץ אונבעקאנטע פערזענליכקייטען.

— וואס זיינען פאר א מענשען גונא און סארדו? אך, איך ליעב אזוי די שטיקער פון סארדו! יעדעס מאל, ווען איך זעה איינס פון זיי, קען איך עס טעג נאכאנאנד ניט פערגעסען. זיי זיינען אזוי אמוזאנט און אזוי גייסטרייך. איך האב אויך געלע־זען א בוך פון דאדע, וועלכעס איז מיר זעהר געפעלען. „סאפא". איי עס זייך בעקאנט? איז דאדע א שעהנער מאן? האט

איהר איהם אמאָל געזעהן? און ווי זעהט אוים זאָלא? איך זאָג אייך, איבער „זשערמינאל“ האָב איך אזוי געוויינט! איהר געדענקט דאָרט דאָס קליין קינד, וואָס שטאַרבט נעבאָך אין דער פינסטער, עס איז אזוי שרעקליך! איך בין דערפון געוואָרען אויף אן אמת קראַנק. דאָרט איז ווירקליך נישטאָ פון וואָס צו לאַכען. דאַן האָב איך אויך געלעזען א בוך פון פאָל בורזשע: „גרויזאַמע רעטעניסען“. איך האָב א קוזינע, אויף וועלכער דאָס בוך האָט אזא איינדרוק געמאַכט, דאָס זי האָט געשריבען א בריעף צו בורזשע'ן. מיר האָט זיך געדאַכט, אז עס איז צו פּאַטעטיש. די קאָמישע זאַכען האָב איך פיעל ליעבער. קאָנט איהר גרעווין און קאַקוועלין, און דאַמאַללאַ, און ראַשפּאַר? מען זאָגט, אז ראַשפּאַר און אזוי גייסטרייך.. און קאַסאַניאַק, איז עס טאַקי אמת, אז ער שלאָגט זיך יעדען טאָג אויף א דועל?...

אין א האַלב שעה אַרום האָבען זיך איהרע פראַגען אביסעל אויסגעשעפּט און אזוי ווי איך האָב איהר נייגעריגקייט געננג בעפריעדיגט, האָב איך פון מיין זייט גענומען ריידען.

איך האָב איהר דערצעהלט געשיכטען פון דער געזעלשאַפט. זי האָט זיך צוגעהערט אנגעשטרענגט, מיט א קלאַפּענדען האַרצען. פון מיינע געשיכטען האָט זי געמוזט קריגען אן אינטערעסאַנטע פאָרשטעלונג וועגען די בעקאַנטע שעהנע פאַריזער דאַמען. דאָרט זיינען געוועזען נור געליעבטע און ליעבהאַבער, אינטערעסאַנטע בעגעגנישען, צוזאַמענקונפטען, אונערוואַרטעטע זיעגען און ליידענשאַפטליכע אפּגעבונגען. פון צייט צו צייט האָט זי מיך אונטערבראָכען:

— אך, לעבט די גרויסע וועלט אזוי?

איך האָב כיטרע געשמייכעלט:

— יאָ, נור קליין שטעדטעלדיגע בירגער־פרויען לעבען אָב זייער לעבען אזוי גלייכגילטיג, אזוי לאַנגווייליג, אוים אַכטונג צו דער טוגענד, פיר וועלכע קיינער וועט זיי קיין דאַנק ניט געבען.

און איך האָב זיך אַ נעהם געטהאָן צו דער טוגענד, געמאַכט פון איהר חוזק און זיך געוויצעלט איבער איהר. איך האָב אויס־געלאַכט די ארימע בעשעפעניש, וועלכע ווערען אַלט, ניט פאַר־זוכענדיג דעם טעם פון עטוואס גוטעס, צאַרטעס, זיסעס און אָנ־גענעהמעס, ניט פיהלענדיג דאס גליק פון אַ גערויבטען, הייסען קוש, נור דערפאַר ווייל זיי האָבען געהייראַט מיט עפּעס אַ שוטה וועלכער שטערט זיי צו געניסען פון דער וועלט.

דאָן האָב איך דערצעהלט אַנעקדאָטען, פּיקאַנטע אַנעקדאָטען פון אָן אינטימען כאַראַקטער, אינטריגען, וועגען וועלכע איך האָב איהר פערזיכערט, אַז די גאַנצע וועלט וויים פון זיי... און די דאָזיגע אַלע מעשות האָבען זיך תמיד געענדיגט מיט אַ לויב־געזאַנג פיר דער געהיימער, בעהאַלטענער ליעבע, וועלכע מען רייסט פערבייגעהענדיג, ווי אַ פרוכט פון אַ בוים אַרונטער און מען פערגעסט אַזוי שנעל, ווי מען האָט זי געגאַסען.

די נאַכט איז צוגעפאַלען, אַ ווארימע רוהיגע נאַכט. דער גרויסער דעמפּפער האָט זיך געטראַגען איבער'ן ים אונטער דעם בלויליכען, אונענדליכען הימעל, וועלכער איז מיט בלישצעדיגע שטערן בעזייהט געוועזן...

— איך געה שלאָפען — האָט זי געזאָגט — גוטע נאַכט!

און זי האָט מיר אַ דריק געטהאָן די האַנד.

איך האָב געוואוסט, אַז מאָרגען וועט זי נעהמען דעם פּאַטש־טאַוועז וואַגען, וואָס געהט צווישען די בערג פון באַסטיאַ נאָך אַזשאַקקיאַ. איך האָב געענטפערט:

— גוטע נאַכט, גנעדיגע פרוי.

און איך בין אוועק שלאָפען אין מיין קאַיוטע.

אויף מאָרגען גאַנץ פריה האָב איך אָפּגעדונגען פיר זיך אַליין די דריי פּלעצער פון'ם פּאַטשטאַוועז וואָגען.

ווען איך בין אַריין אין דעם אַלטען קאַסטען, וואָס האָט פער־לאָזען באַסטיאַ שפּעט פאַרנאַכט, האָט מיר דער קוטשער געפרעגט.

צו וועל איך ניט אפלאזען איין פלאץ פיר א דאמע. איך האב גע־פרעגט קורץ:

— וואס איז עס פאר א דאמע?

— די פרוי פון אן אפיצער, וועלכע פאהרט קיין אזשאקקיא.

— זאגט דער דאמע, אז איך וועל איהר מיט פערגעניגען אפטרעטען א פלאץ.

זי איז געקומען און געזאגט, אז זי האט א גאנצען טאג געשלא־פען. זי האט זיך ענטשולדיגט, מיר בעדאנקט און איז אריין אין וואגען.

דער וואגען איז געווען א פערשלאסענער קאסטען, אין וועלכען עס איז געפאלען א שיין נור פון טירעל. מיר זיינען אלזא געזעסען אינעווייניג איינער אנטקעגען דעם צווייטען. די פערד האבען זיך א טראג געטהאן און באלד זיינען מיר אנגעקומען אין דאס בארג־לאנד. א פרישער, שטארקער דופט פון שטיקענדיגע קרייטיכער האט זיך אריינגעריסען דורך די פערמאכטע פענסטער, יענער שטארקער דופט, וואס קארסיקא שטראמט אויס ווייט, ווייט ארום, אזוי דאס די מאטראסען פיהלען איהם אפילו אויפ'ן ים.

איך האב ווידער גענומען רעדען וועגען פאריז, און זי האט זיך ווידער אמאל צוגעהערט מיט פיעבערהאפטער אויפמערקזאמ־קייט. מיינע געשיכטען זיינען געווארען עטוואס פרעך, פול מיט פערשטעלטע ווערטער און אנצוהערענישען, וואס צינדען אן די בלוט.

עס איז געווארע גאנץ דונקעל, איך האב מעהר גארנישט געזעהן, ניט אפילו דעם פנים פון דער יונגער פרוי, וואס האט זיך פריהער אבגעצייכענט, ווי א ווייסער פלעק. נור די לאטערנע אויף דער קעלנע האט געווארפען א שיין אויף די פיער פערד, וועלכע האבען זיך געצויגען בארג ארויף.

פון צייט צו צייט האט זיך צווישען די בערג דערהערט דאס רוישען פון א שטראם, וועלכער האט זיך דורכגעריסען דורך די פעלזען און האט זיך גלייך פערלארען ווייט, ווייט הינטער אונז.

איך האָב לאַנגזאַם אויסגעצויגען מיין פֿוס און פֿערטשעפּעט איהרען, וועלכען זי האָט ניט צוגענומען. איצט האָב איך זיך שוין מעהר נישט געריהרט. איך האָב געוואַרט, און פּלוצים האָב איך איבערגעביטען דעם טאָן און גענומען רעדען צערטליך, פֿול לייי־דענשאַפֿט. איך האָב אויסגעשטרעקט די האַנד און בעריהרט איהרע. איך האָב געדערט אַלץ ווייטער, נאָהנט צו איהר אויער, גאַנץ נאָהנט צו איהר מויל, איך האָב שוין געפֿיהלט איהר האַרץ אַנטקעגען מיין ברוסט. עס האָט געקלעפּט שנעל און שטאַרק... אַ גוטער סמן. דאָ האָב איך לאַנגזאַם צוגערוקט מיינע ליפּען צו איהר האַלז, זיכער, אַז זי איז מיינע, אַז זי וועט מיר געהערען, אַזוי, זיכער, דאָס איך וואָלט אַנגענומען וועגען דעם די העכסטע געוועט.

אָבער פּלוצים האָט זי זיך אַ כאַפּ געטהאָן, ווי זי וואָלט נור וואָס ערוואַכט פֿון שלאָף, האָט זיך אַ טרויסעל געטהאָן אַזוי, דאָך איך בין כמעט אַפּגעפֿלויגען אויף דעם אַנדער זייט וואַגען. דאָן, נאָך איידער איך האָב געקענט קומען צו זיך, עפּעס אַ טראַכט צו טהאָן, איבערצוליגען, האָב איך געקראָגען פֿיער אָדער פֿינף פֿייערדיגע פּעטש, דערנאָך אַ האָגעל פֿון בוכצעס און טוסאַקעס, וועלכע האָבען זיך אויף מיר געשאָטען פֿון אַלע זייטען.

ביי דער פֿינסטערניש אַרום אונז האָב איך זיך אַפֿילו ניט געקענט פֿערטהיידיגען.

איך האָב אויסגעשטרעקט מיין האַנד און אומזיסט האָב איך געזוכט אַנצוכאַפּען איהרע אָרעמס. ווען איך האָב דערזעהן, אַז עס איז שלעכט, האָב איך זיך שנעל אומגעקעהרט און אויסגעשטעלט צו איהרע קלעפּ מיין רוקען, וועהרענד דעם קאָפּ האָב איך אין די קישענס בעהאַלטען.

זי האָט הפנים אין דעם קלאַנג פֿון די קלעפּ זיך געכאַפּט, וואָס דאָ טהוט זיך און האָט פּלוצים אויפֿגעהערט מיך צו שלאַגען.

אין אַ פּאָאָר מינוטען אַרום איז זי ווידער געזעסען אין איהר

ווינקעל און האט פערצווייפעלט געוויינט אודאי א שטונדע נאכא־נאנד.

איך האב זיך אויך ווידער געזעצט, זעהר בעאונרוהיגט, זעהר פערשעמט. איך וואלט גערן מיט איהר גערעדט. אבער וואס האב איך איהר געקענט זאגען? זיך ענטשולדיגען? דאס וואלט געווען צו נאריש. וואס וואלט אנאנדערער אויף מיין פלאץ געזאגט? גאר נישט, ניט אמת?

איצט האט זי שטיל געכליפעט. פון צייט צו צייט ארויסגע־לאזט א זיפץ, וועלכער האט מיך געריהרט און פערצווייפעלט גע־מאכט. איך וואלט זי וועלען טרויסטען, ארומנעהמען זי ווי אן אומעדיג קינד, זי בעטען אום ענטשולדיגונג, פאלען פאר איהר אויף די קניע — אבער איך האב עס ניט געוואגט.

אין אזא לאגע פיהלט מען זיך זעהר נאריש. צום סוף האט זי זיך בערוהיגט, און מיר זיינען ביידע געבליבען זיצען אין אונזערע ווינקעלאך אונבעוועגליך און שטום, ועהרענד דער וואגען איז זיך געפאהרען זיין וועג אלץ ווייטער און ווייטער און האט נור פון צייט צו צייט זיך אפגעשטעלט, אום צו בייטען די פערד. דעמאלט האבען מיר ביידע שנעל צוגעמאכט די אויגען, אום זיך נישט אנצוקוקען פאר דעם שיין פון א שטאהל לאנטערנע, וואס האט זיך פון דרויסען אין וואגען גע'גנב'עט. דערנאך זיינען מיר וויי־טער געפאהרען און די וואונדערליכע לופט פון די קארפישע בערג האט אונז די באקען און ליפען געגלעט און מיך ווי גוטער וויין בערוישט.

אך, ווי שעהן האט געקאנט זיין די רייזע, ווען מיין בעגלוי־טערין זאל ניט האבען געווען אזוי נאריש.

לאנגזאם האט זיך דער שיין פון'ם טאג אין וואגען ארייננגע־גנב'עט. א גרויסער פריהמארגעדיגער שיין. איך האב א קוק גע־טהאן אויף מיין שכנה, זי האט זיך געמאכט שלאפענדיג. דאס איז הינטער די בערג אויפגעגאנגען די זון און האט מיט איהר העלקייט בעלויכטעט א ריעזיגען, טיעף־בלויען אינזעל, ארומגע־

דינגעלט מיט גוזאלדיגע שטיינערנע פעלזען. אויפ'ן האריזאנט האט זיך בעוויזען א ווייסע שטאדט, איינגעהילט אין שאטענס.

דערנאך האט מיין שכנה געמאכט אז אנשטעל, אז זי ערוואכט כלומרשט. זי האט געעפענט די אויגען. זיי זיינען געווען רויט. געעפענט דעם מויל, ווי זי וואלט וועלען א גענעץ טהאן נאך א גע־שמאקען שלאף. דערנאך איז זי רויט געווארען און ארויסגעשטא־מעלט:

— זיינען מיר באלד אויפ'ן פלאץ?

— יא, גנעדיגע פרוי, אין א שטונדע ארום זיינען מיר דארט.

און זי האט געזאגט, וועהרענד זי האט ארויסגעקוקט אין די וייטקייט:

— אזא נאכט אין וואגען מאכט מורא'דיג מיעד.

— יא, עס צוטרייסעלט דורך און דורך.

— בעזונדערס נאך דער רייזע אויפ'ן ים.

— יא.

— איז עס איזשאקקיא אונטען?

— יא, גנעדיגע פרוי.

— אך, ווי איך וואלט שוין וועלען זיין דארט.

— דאס קאן איך מיר פארשטעלען.

איהר קול האט געקלונגען צוטראגען. זי האט געשיינט צו זיין פערלעגען. איהר בליק האט געבלאנדזשעט ארום און ארום, און דאך האט זיך מיר אויסגעוויזען אז זי האט שוין פערגעסען.

איך האב זיך געוואונדערט, ווי כיטרע די פרויען זיינען, ווי דיפלאמאטיש.

אין א שעה ארום זיינען מיר ווירקליך אנגעקומען אויפ'ן ארט. א הויכער דראגונער, א ריעז, איז געשטאנען נעבען דער סטאנציאן און געפאכט צום וואגען מיט א טאשען־טיכעל.

מיין שכנה איז איהם געפאלען אין די ארעמס, געקושט איהם אוודאי אמאל צוואנציג און דערביי געערדט:

— וואס מאכסטו ? ווי פיהלסטו זיך ? איך האָב קוים דער־לעבט דיך צו זעהן.

דערווייל האט מען ארונטערגענומען מיין טשעמאדאן און איך האָב זיך געוואלט שטיל אפטראגען. ערשט זי האט מיך צו־גערופען :

— אך, איהר געהט אוועק און זעגענט זיך אפילו ניט מיט מיר.

איך האָב געשטאמעלט :

— גנעדיגע פרוי, איך האָב ניט געוואגט שטערען אייער גליק.

דאַ האט זי זיך אנגערופען צו איהר מאַן :

— בעדאנק דעם דאזיגען הערר, מיין ליעבער, ער איז געווען זעהר פריינדליך צו מיר אויף דער רייזע. ער האט מיר זאגאר אפּ־געטראטען א פּלאַץ אין'ם וואגען, וועלכען ער האט געדונגען פיר זיך אליין. עס איז אן אמת'ע גליק צו טרעפען אזעלכע אנגע־נעהמע מענשען אויף דער רייזע.

דער מאַן האט מיר געדריקט די האנד און געדאנקט פון גאנ־צען הארצען.

די יונגע פרוי האט געשמייכעלט, ווען זי האט אונז אנגע־קוקט... איך האָב געמוזט הפנים אויסזעהן נישקשה'דיג נאריש.



# אין אונגליקליכע עהנליכקייט.



ס איז געווען אין דער נאכט פון'ם ערשטען יאנואר, ביי איינעם פון די בעסטע פיגור־מאלערס פון פאריז. דער הויכער פאסקארעל האט זיך פלוצים אויפגעהויבען און א זאג געטהאן:

— די מענשען זיינען ניט אין גאנצען אונגערעכט געווען ווען זיי האבען, מיין נאמען פערבונדען מיט דער שעהנער לוסי פלאננעל... זי האט ווירקליך געהאט געפאנגען מיין הארץ, ווי א יעגער, וואס פאנגט א אונפארזיכטיגע פויגעל אין א פראסטי־גען פריה־מארגען. אין יענער צייט האט זי געקענט מיט מיר מא־כען וואס זי האט געוואלט.

איך בין אין גאנצען געווען בעאיינפלוסט פון דעם צויבער, וואס איז געלעגען אין איהר רעטזעלהאפט און שפאטיש שמייכעלע. איך בין געווען פערליעבט אין איהרע רויטע ליפעלאך, אין די ווייסע, גלאנצענדיגע ציינדלאך, וועלכע האבען זיך אזוי געקענט איינעסען אין אייך און זויגען און קושען ביז וועהטאג.

אין האב אלעס אין איהר געליעבט: איהר קאצען־ארטיגע בייגזאמקייט, איהרע בליקען פול מיט פערשפרעכען און נסיון, איהרע צארטע הענד, איהרע שלאנקע פינגער, אויף וועלכע עס האט ווי א טראפען בלוט א רובין געבלישטשעט.

איך וואלט איהר אלעס אוועקגעגעבען: מיין איבערגעבליבענע יוגענד, מיין לעצטע לעבענס־קראפט, איך זאל בלויז האבען דאס רעכט ארויפצולייגען מיינע ברענענדע הענד אויף איהר ווייסען נאקען

און פיהלען די צארטקייט פון איהר גלאטער, סאמעטענער הויט.

איך ווער גארנישט מיעד הערענדיג איהר אבלאכעדיגע און טראציגע שטימע, וועלכע האט מאנכעס מאל געקלונגען הייזעריג, מאנכעס מאל מעכטיג און שטארק און איינדרוקספול.

מיין גאָט! בלויז צו זיין איהר ליעבהאָבער, איהר שקלאַף, זיך איבערצוגעבען צו איהר מיט'ן גאנצען לעבען, אויסגעבען אויף איהר דעם לעצטען סו, און דערנאך כאטש שטארבען פון הונגער, אבי צו בעזיצען דאס אונענדליכע גליק, וואס ליגט אין איהר הי־מעלשער שעהנקייט, אליין צו בעזיצען דאס גוטע און בייזע פון איהר טייפעלשער נשמה, אליין זיין איהר הערשער כאטש עטליכע מא־נאטען!

איך וויים, איהר וועט לאכען פון מיר. איך, וועלכער פלעג געבען די פריינד אזעלכע גוטע און קלוגע עצות, וועלכער האט זיך געהיט פאר דער ליעבע ווי פאר פייער, איך זאל זיך לאזען אויף אזא אופן אריינגנארען אין זאק אריין.

אבער ווער קען זיך פערטהיידיגען געגען אזא געפאהר? ווער קען וויעדערשטעהן דער צוציהונגס־קראפט, וואס ליגט אין אזא פרוי?

דאך בין איך גאנץ צופעליג געהיילט געווארען פון דער דא־זיגער קרענק. און אט ווי אזוי דער צויבער, וואס האט אין אנהויב אויסגעזעהן אזוי מעכטיג, איז פערשוואונדען.

עס איז געשעהן אין טהעאטער, איך בין געזעסען ניט ווייט פון לוסי'ן, וועלכע איז ווי אלע מאל געווען בעגלייט פון איהר מוטער. זיי האבען געהאט א לאזשע און זיינען געזעסען איינע נעבען דער צווייטער. איך בין געווען בעהערשט פון א אונבע־זיעגבארער צוציהונגס־קראפט, און האב קיין אויג נישט ארונטער־גענומען פון דער פרוי, וועלכע איך האב געליעבט, מיט דער גאנצער קראפט פון מיין וועזען. איך האב זי דורכגענומען מיט מיינע בליקען און האב אויסער איהר אין טהעאטער גארנישט געהערט

און גאָרנישט געזעהן, איך האָב זיך אַפילו נישט צוגעהערט צו דער פּיעסע, וואס מען האט געשפּיעלט אויף דער ביהנע.

פּלוצים האב איך דערפיהלט א וועהטאג, ווי עמיצער וואלט מיר א שאַרפען שטאך געטהאן און איך בין אריינגעפאלען אין עפּעס א מין משוגענע האלוצינאציע. לוסי האט זיך א ריהר געטהאן פון ארט, איהר קאָפּ איז אויסגעקומען אין פּראָפיל און אין דערזעלבער ליניע ווי איהר מוטער'ס קאָפּ. איך ווייס ניט צו האט עס זיך מיר געדאַכט, צו ניט, איך ווייס ניט וואס פאר א שאַטען אָדער פייער־שפּיעל האט פּלוצים פערהאַרטעוועט און געביטען דעם אויסדרוק פון איהרע איידעלע געזיכטסציגע. מיט איין מאל איז צו־שטערט געווארען איהר אידעאַלע שעהנקייט. און וואס מעהר איך האב אויף זיי געקוקט, אויף דער ערשטער, וואס איז געווען יונג און דער אנדערער, וואס איז געווען אלט, אלץ שטארקער און פיינ־ליכער איז פאר מיר געווארען זייער עהנליכקייט.

עס האט זיך מיך געדאַכט, אז איך זעה ווי לוסי ווערט עלטער און עלטער קעמפּפענדיג אומזיסט מיט די אנגעזאַמעלטע יאהרען, וואס רופען ארוים קנייטשען אויפ'ן פּנים, פאַרדאַפלען די מאָרדע, צושטערען די שעהנקייט פון א געטאַקט מיילכעל. — זיי האבען אין מיינע אויגען אויסגעזעהן ווי א צווילינג.

איך האב זעהר פיעל געליטען דערפון. אנשטאַדט זיך צו בעפרייען פון דעם דאָזיגען געפיהל און ארויסלויפען פון טהעאטער אויף דעם רוישיגען בולוואר, בין איך געבליבען זיצען ווי א פאַר־כשופ'טער, ניט געקענט אבזרייסען פון זיי די אויגען און געהאלטען זיי אין איין בעטראַכטען. זיך אייננבייסענדיג אין דער אלטער מיט מיינע בליקען, בין איך אויפגערעגט געווארען איבער איהרע געזונ־צעלטע באַקען, די לעבערליכע גריבעלאך אין זיי, דער דאָפּעלטער מאָרדע, די געפארבטע האאר, די אויסגעלאָשענע אויגען און דער נאָז, וואס איז געווען א קאַריקאַטור פון לוסיע'ס געטאַקט נעזעל....

איך האב זי געליעבט און וואלט שטענדיג ליעב געהאט די קלוגע מכשפה, וועלכע האט מיך אזוי שנעל און דעספּאָטיש בע־

זיעגט. איך וואלט צו דער קלענסטער אינטריגע ניט צוגעלאזען, פון'ם טאג אן, וואס זי וואלט זיך צו מיר איבערגעגעבען. און זייענדיג מיט איהר אין נאהנטע בעציהונגען, ווער קען וויסען, אויב עס וואלט ניט געקומען טראץ מיין פארזיכטיגקייט צו א חתונה.

און ווארום זאל איך ניט געבען מיין נאמען דער פרוי, וועלכע איך ליעב? די אורזאכע איז אבער וואס איך וואלט שפעטער געוועזען צוגעבונדען צו א מיאוס בעשעפעניש, מיט וועלכער איך וואלט זיך געשעהמט ווייזען אויף דער גאס. מיינע פריינד וואלטען געלאכט פון איהר און בעדויערט דעם אונגליקליכען, וואס מוז זיך ארומפיהרען מיט אזא פערזעהניש...

און דעריבער אזוי שנעל ווי דער פארהאנג האט זיך ארונטער־געלאזען, בין איך ארויס פון טהעאטער, אפילו א גוטע נאכט נישט געזאגט, גענומען די ערשטע בעסטע פרוי און פערבראכט מיט איהר ביז שפעט אין דער נאכט...

— אלזא — האט זיך אבגערופען אן אנוועזענדע דאמע — איך נעהם מעהר ניט מיין מאמען מיט מיר אין טהעאטער אבער די מענער ווערען שוין גאר משוגע!



# אין די טרויעריגע טעג.



טליכע טעג נאכאנאנד זיינען אבטהיילונגען פון דער צושלאגענער ארמיי דורכגעגאנגען דורך דעם שטאדט. דאס זיינען שוין ניט געווען מעהר קיין סאלדאטען. נור ווילדע באנדעס. אבגעריסע־נע, אבגעשליסענע, בעוואקסענע מיט לאנגע שמו־ציגע בערד האבען זיך די דאזיגע אבטהיילונגען פון דער ארמיי געשלעפט מיט א פולען גאנג אין פאראוים אהן פאהנען, אהן ארדנונג, אהן קאמאנדירען. זיי אלע האבען אויסגעזעהן שוואך, פערמאטערט, ניט פעהיג צו טראכטען, ניט אימשטאנדע צו פאסען עפעס א בעשלוס, פאר אימפעט בלויז זיינען זיי געלאפען אלץ ווייטער און ווייטער און זיינען געפאלען פאר מיעדקייט ווי נור זיי האבען זיך אבגעשטעלט. דאס זיינען ס'רוב געווען פריוווילינגע, פריערליכע בירגער, רוהגע געשעפטסלייט, וועלכע זיי־נען צוזאמענגעבראכען אונטער דעם לאסט פון ביקס. עס זיינען דארט אויך געווען נייע, פלינקע יונגע סאלדאטען, וועלכע האבען לייכט געקענט זיך אנצינדען מיט ענטהוזיאזמוס און פונקט אזוי לייכט זיך דערשרעקען; קוריע, מענשען, וועלכע זיינען געווען בערייט צו אטא־קירען דעם שונא און צו אנטלויפען פון איהם; ווען ניט ווען האט זיך צווישען זיי געזעהן א פאר רויטע הויזען, דאס איבערבלייבעכץ פון עפעס א דיוויזיאן, וועלכע איז צוקלאפט געווארען אין א גרויסער שלאכט. סאלדאטען פון ארטילעריע אין דונקעלע יוניפארמען האבען זיך אפט געזעהן צווישען סאלדאטען פון אינפאנטעריע און פון צייט

צו צייט האט פאר די אויגען אויך א מיניע געטהאן דאס בליסט־שענדע היטעל פון א דראגונער אין שווערע שטיוועל, וועלכער האט זיך מיט מיהע נאכגעשלעפט נאך די שנעלע טריט פון די לייכט געקליידעטע סאלדאטען.

דאן זיינען געקומען די לעגיאנען פון פרייוויליגע שיסער מיט העלדישע אויפשריפטען: „נקמה־נעהמער פאר דער ניעדערלאגע". „גענאסען פון טוידט". זיי האבען אויסגעזעהן ווי באנדיטען.

זייערע אנפיהרער זיינען געווען אמאליגע טוך אדער תבואה הענדלער, האבען געהאנדעלט מיט פעטס אדער מיט זייף און נור דער צופאל האט זיי פאר סאלדאטען געמאכט. זיי זיינען געוואָרען אפיצערען צוליעב זייער געלד אדער א דאנק זייערע לאנגע וואנצעס. זיי זיינען געווען בעהאנגען מיט וואפען, מיט רויטען פלאנעל, מיט שליפעס, האבען גערעדט מיט הויכע פראזען וועגען דעם פלאן פון דער מלחמה און האבען געמאכט א'ן אנשטעל, ווי נור זיי אליין וואלטען די גוסס'ע פראנקרייך אויף די פיס געהאלטען. אבער מאנכעס מאל האבען זיי מורא געהאט פאר זייערע אייגענע לייט, וועלכע, הגם זיי זיינען געווען זעהר מוטהיג, זיינען אבער אויך געווען גרויסע גנבים און רויבער.

א קלאנג האט זיך געטראגען אז די פרייסען האלטען ביים אריינמארשירען אין רואן.

די נאציאנאלע גווארדיע, וועלכע האט שוין זייט צוויי מאָנאטען געמאכט זעהר פארזיכטיגע אויספארשונגען אין די ארומיגע וועלדער, געשאסען אויף זייערע אייגענע פארפאסטען און ביי דעם קלענסטען גערויש פון א קראליקעל אין די בושעס, צום קאמפף זיך געגרייט, — זי האט זיך איצט אומגעקעהרט צוריק אויף איהר פלאץ. איהר געוועהר, די יוניפארמען, אלע איהרע מארד־געצייג, מיט וועלכע זי האט ביז אהער געשראקען די איינוואהנער פאר דריי ווערסט ארום, זיינען פלוצלינג פערשוואונדען.

די לעצטע פראנצויזישע סאלדאטען זיינען נור וואס אריבער די סעין, כדי צוצוקומען צו פאנט־אדעמע. נאך זיי איז געגאנגען

דער גענעראל בעגלייט פון צוויי אדיוטאנטען. ער איז געגאנגען א פערצווייפעלטער, פיהלענדיג אז ער איז גאר נישט אימשטאנד צו טהאן מיט דעם דאזיגען הייפעל אבגעריסענע, אויסגעמוטשעטע סאל־דאטען, געגאנגען א צומישטער און א דערשלאגענער פון דער גרויסער ניעדערלאגע פון זיין פאלק וואס איז ביז אהער געווען געוואהנט צו זיעגען.

דאן איז אויף דער שטאדט אנגעפאלען א טיעפע שטילקייט, א מורא'דיגער אנגסט פול מיט ערווארטונג. א סך פריעדליכע ביר־גער, וועלכע זיינען פערארעמט געווארען פון דער מלחמה, האבען מיט מורא ערווארטעט די זיעגער, האבען אלץ געציטערט אז זייערע בראטשפיזען און זייערע לאנגע קיכען מעסערם זאלען ניט אנגע־נומען ווערען פאר געוועהר.

דאס גאנצע לעבען איז עפּעס אזוי ווי אויסגעשטארבען. די קראמען זיינען געווען פערמאכט. די גאסען טוידט, פון צייט צו צייט האט אן איינוואהנער ווי א שאטען זיך פּאזע וואנט בעוועגט א צושראקענער פון דער אונהיימליכער שטילקייט.

דאס שרעק פון ערווארטען דעם שונא איז געווען אזוי גרויס, דאס מען האט זיך געטראכט: גוואלט, וואלט ער שוין געקומען!...

אויפ'ן צווייטען טאג נאכדעם ווי דער פראנצויזישער חיל איז אבגעטראטען, האבען זיך מיטאג צייט אין שטאדט בעוויזען עטליכע אולאנער, קיינער האט ניט געוואוסט פון וואנען זיי האבען זיך גענומען. באלד האט זיך א דונקעלע מאססע א לאז געטהאן פון דער זייט פון דער סענט־קעטהערין און נאך צוויי מחנות זיעגער האבען זיך בעוויזען אויף די גאסען פון דארנעטאל און צוגיליאמע. אין איין צייט זיינען זיך די אוואנגארדען פון די דריי רעגימענטען צוזאמענגעקומען אויף דעם ראטה־פּלאץ; און פון אלע שכנ'ישע גאסען האבען א שטראם געטהאן דייטשע סאלדאטען, צושפרייט זייערע באטאליאנען אזוי, אז דער טראטואר האט גענומען הילכען פון זייערע שווערע טריט.

ווערטער פון קאמאנדע, אויסגערופען אויף עפעס א מאדנער פרעמדער שפראך האבען אפגעהילכט אין דער לופטען פארביי די הייזער, וועלכע האבען אויסגעזעהען פוסט און טוידט, הגם פון הינטער יעדען לאדען האבען אויגען צושראקען ארויסגעקוקט אויף די זיעגער. די בעלהבתים פון שטאדט, פון אייגענטהום, פון לעבענס, זיינען געזעסען פארמאטערטע אין זייערע דונקעלע צימערען ווי שטענדיג ביי יענע גרויסע אונגליקען און גוואלדיגע קאטאסטרא־פען געגען וועלכע אונזער שכל, אונזער גאנצע חכמה און קראפט קענען גאר נישט אויפטהאן. דאס דאזיגע געפיהל ערוועקט זיך אימער ביי מענשען אזוי שנעל ווי די בעשטעהענדע ארדנונג ווערט צושטערט, ווען עס פערשווינדעט די זיכערקייט און מען דער־פיהלט זיך שוצלאז אין די הענד פון אן אונבעוואוסטער און ווילדער קראפט. אן ערד ציטערניש, וועלכע דערשטיקט אונטער די חורבות פון די הייזער אלע איינוואהנער; א פערפלייצונג, וועלכע רייסט מיט זיך אוועק צוזאמען די דערטרונקענע פויערים מיט די טוידטע קערפערס פון אקסען און מיט די דעכער פון איינגעפאלענע הייזער; אן ארמעע פון זיעגער, וועלכע הרג'עט אויס די, וואס פערטהיידי־גען זיך, און די איבעריגע שלעפט זי אוועק אין געפאנגענשאפט, וועלכע ראבעוועט מיט דעם געוועהר אין דער האנד און בעט צו גאט אונטער דעם דונערען פון קאנאנען — דאס אלעס זיינען מורא־דיגע בייטשען, וועלכע דער'הרג'ענען יעדען גלויבען אין דער איי־ביגער גערעכטיגקייט, טוידטען דעם גאנצען צוטרויען, וואס מיר האבען אין דער הימלישער הילף און אין דעם מענשליכען שכל!....

קליינע אבטהיילונגען סאלדאטען האבען געקלאפט אין אלע טהירען און זיינען באלד פערשוואונדען אין די הייזער. אויף אזא אופן זיינען זיי באלד, ווי נור זיי האבען אין שטאדט אריינגעמאר־שירט, געווארען די בעלי הבתים: איצט האבען די בעזיעגטע גע־מוזט ארויסווייזען גאסט־פריינדשאפט צו די זיעגער.

אין עטליכע טעג ארום, נאכדעם ווי דער ערשטער שרעק איז אריבער, איז ווידער רוהיג געווארען. ביי א סך פאמיליעס האט

דער דייטשער אפיצער געגעסען מיט זיי ביים טיש. מאנכעסמאל האט ער געהאט גענוג טאקט און בעקלאגט פראנקרייך'ס שיקזאל און פון העפליכקייט וועגען בעדויערט, וואס ער מוז אנטהייל נעה־מען אין דער מלחמה. מען איז איהם דערפאר דאנקבאר געווען און חוץ דעם האט מען זיך בכלל געטראכט, אז היינט אדער מארגען וועט מען זיך אפשר נויטיגען אין זיין שוץ. ווען מען איז צו איהם געווען פריינדליך, האט ער אויך אריינגעשטעלט וויינעגער מענשען אויף קווארטיר. און צו וואס זאל מען איבערהויפט בעליידיגען א מענשען פון וועלכען מען הענגט אב אין גאנצען? אזא מין האנד־לונג וואלט געווען ניט אזוי מוטהיג ווי אונזיניג. און אונזיניגע געוואגטקייט האט מען איצט ניט געקענט ערווארטען פון די רואנער בירגער, ווי אין די צייטען פון די העלדענמוטהיגע פערטהיידיגונגען, וועלכע האבען זייער שטאדט בעריהמט געמאכט. היינט האט מען זיך גלאט געשטיצט אויף דער פראנצויזישער העפליכקייט און מען האט ביי זיך געטראכט, אז ס'איז ניט קיין עולה צו זיין פריינדלך ביי זיך אין דער היים, אזוי לאנג ווי מען ווייזט נור ניט עפענטליך ארויס פריינדשאפט צום פרעמדען סאלדאט. אויף די גאסען האט מען געמאכט אן אנשטעל אז מען קען נישט איינער דעם צווייטען, אבער אין דער היים האט מען גערן צוזאמען געפלוידערט און דער דייטש איז וואס א טאג אלץ לענגער פערבליבען זיך ווארימען ביי דעם קאמין צוזאמען מיט די איבריגע אין הויז.

די שטאדט האט ביסלעכווייז ווידער אנגענומען איהר גע־וועהנליכען אויסזעהן. די פראנצויזען זיינען אפילו זעהר זעלטען ארויסגעגאנגען, אבער אין די גאסען האט געשוויבעלט פון'ם שונא'ס סאלדאטען. איבריגענס האבען די אפיצערען פון די בלויע הוסארען קלאפענדיג שטאלץ איבער די טראטוארען מיט זייערע שווערע מארד וואפען, ניט ארויסגעוויזען צו די ארימע בירגער מעהר פעראכטונג ווי די פראנצויזישע אפיצערען וועלכע האבען מיט א יאהר צוריק געהוליעט אין די זעלבע רעסטאראנען.

און דאך איז עטוואס געלעגען אין דער לופט: עטוואס פרעמ־

דעם, אונבעוואוסטעס האט ווי א שווערע משא אלעמען געדריקט. די אנוועזענהייט פון'ם שונא האט אלעמען ענג געמאכט, אלעמען געשטיקט און מען האט עס געפיהלט אין די וואהנונגען, אויף די עפענטליכע פלעצער, עס האט פערביטערט דאס לעבען און ארויסגע־רופען דעם איינדרוק ווי מען וואלט גאר נישט געווען ביי זיך אין דער היים, נור ערגעץ וואו ווייט צווישען בארבארישע, ווילדע פעלקער.

די זיעגער האבען געפאדערט געלד, א סך געלד. די איינ־וואהנער האבען נאכאנאנד געצאהלט. איבריגענס זיינען זיי געווען רייך, אבער וואס רייכער א נאמאנישער סוחר איז, אלץ שווערער איז איהם זיך צו שיידען מיט'ן געלד, אלץ מעהר טהוט איהם וועה ווען ער זעהט ווי א טהייל פון זיין פערמעגען געהט אריבער אין פרעמדע הענד.

צוויי, דריי מייל הינטער דער שטאדט, נעבען קרואסע, האבען די שיפער און די פישער אפט ארויסגעשטעלט פון'ם טייך פער־שוואלענע טוידטע קערפערס פון דייטשע אפיצערען, וועלכע זיינען דער'הרג'עט געווארען פון א מעסער, פון א שטיין אין קאפ, אדער וואס זיינען ארונטערגעשליידערט געווארען פון א הויכען בריק. דער שלאם פון'ם טייך האט בעהאלטען די קרבנות פון דער דאזיגער פינסטערער, ווילדער און גערעכטער נקמה... עס האבען זיך גע־פונען שטילע העלדען, גרויסע שוויינערס און מוטהיגע טהוערס, וועלכע האבען אויסגעפיהרט די דאזיגע ראכע־אקטען, איינגעשטעלט דערביי זייער אייגענעם לעבען נאך מעהר ווי אויף אן אפענעם שלאכטפעלד, הגם זיי האבען ניט געקענט ערווארטען קיין שום אנערקענונג, קיין עהרע פאר זייער מוטה און העלדישקייט.

ווארים דער האס צום שונא בעוואפענט תמיד א פאר מוטהיגע מענשען, וועלכע זיינען בערייט צו שטארבען פאר זייער אידעע.

הגם די זיעגער האבען געהאלטען די שטאדט אונטער א שטרענגער דיסציפלין, דאך זיינען זיי ניט בעגאנגען קיין איינע פון יענע שוידערליכע מעשים, וועגען וועלכע דער עולם האט זיך

אנגעהערט פון זייער ביז־העריגען טריאומפצוג, און צום סוף זיינען די בירגער ביי זיך דרייסטער געווארען און דער פערלאנג עפעס צו טהאן, צו מאכען געשעפטען, האט זיך ווידער אריינגע׳גנב׳עט אין די הערצער פון די רואנער סוחרים. אייניגע פון זיי האבען געפיהרט גרויסע געשעפטען אין האוור, וועלכע איז איצט געווען פארנומען פון פראנצויזישע סאלדאטען, און זיי האבען געוואלט צו קומען צו יענעם פארט, פאהרענדיג ביז דיעפפ אויף פוהרען און פון דארט ערשט זיך זעצען אויף א שיף.

דורך דעם איינפלוס פון די דייטשע אפיצערען, מיט וועלכע מען איז גוט אויסגעקומען, האט מען ארויסגעקראגען ביי דעם הויפט גענעראל אן ערלויבניש אבצופאהרען.

און פאר דער דאזיגער רייזע האט מען געדונגען א גרויסען דיליזשאנס מיט פיער פערד און עס איז בעשלאסען געווארען, אז אלע צעהן פארשויין, וועלכע האבען זיך פערשריעבען ביים קוטשער, זאלען זיך צוזאמענקומען דיענסטאג פארטאג און זיך גלייך ריהרען אין וועג אריין, כדי אויסצומיידען דעם נייגעריגען עולם.

שוין זייט א געוויסער צייט איז די ערד הארט געווען פון פראסט, און מאנטאג א זייגער דריי בייטאג האבען שווערע וואל־קענס דעם הימעל בעדעקט, און א שנעע האט אנגעהויבען צו שיטען, און געשאָטען א גאַנצען אבענד און א גאַנצע נאַכט נאָכאנאַנד.

ארום האלב נאך פיער פארטאג האבען זיך די רייזענדע צו זאמענגעקליבען אויפ׳ן הויף פון דעם „האטעל דע נארמאנדיע״, וואו זיי האָבען געדארפט זיך זעצען אין דעם דיליזשאַנס.

אלע זיינען נאך געווען פערשלאפען און האבען געציטערט פאר קעלט אונטער זייערע ווינטערדיגע אויבער מאנטלען. אין דער פינסטער האבען זיי ניט געקענט זעהן איינער דעם אנדערן: און אין זייערע שווערע ווינטער קליידער האבען אלע אויסגעזעהן, ווי דיקע פריסטער אין לאנגע פריסטער רעק. צוויי פון די מענער האבען זיך דערקענט און א דריטער האט זיך אריינגעמישט אין זייער געשפרעך.

— איך פאהר מיט מיין פרוי — האט געזאגט דער ערשטער.
— איך אויך!
— און איך אויך!
— און איך אויך.
דער ערשטער האט צוגעלייגט.:
— מיר וועלען ניט קומען צוריק קיין רואן און ווען די פרייסען זאלען אריין אין האוור, דאן וועלען מיר אוועק קיין ענגלאנד.

אלע האבען געהאט די אייגענע פלענער, דעם זעלבען ציעל.

אבער דער דיליזשאנס איז נאך ניט געווען איינגעשפאנט. א קליינע לאטערנע, וועלכע א שטאל קנעכט האט געטראגען, האט פון צייט צו צייט א מיניע געטהאן פאר די אויגען. דא האט מען זי געזעהן פון איין דונקעלער טהיר און דא איז זי פערשוואונדען הינטער אן אנדערער. עס האט זיך אויך געהערט דאס קלאפען פון פערדישע קאפיטעס איבער דער פארפראהרענער ערד און פון אינווענינ פון שטאל האט זיך דערטראגען דער קול פון א מאן, וועלכער האט מיט כעס געזידעלט די פערד. א לייכטער קלינגען פון גלעקלאך האט געלאזט וויסען, אז מען שפאנט איין. דאס דאזיגע קלינגען האט זיך אין גאנצען געווענדעט אן די בעוועגונגען פון'ם פערד, וועלכער איז א ווייל געשטאנען שטיל און דערנאך זיך גענומען טרייסלען און אונרוהיג קלאפען מיט די קאפיטעס אן דער ערד.

פלוצים האט זיך די טהיר פון'ם שטאל צוגעמאכט. דער ליארם האט אין גאנצען אויפגעהערט. די פערפראהרענע רייזענדע זיינען אויך אנשוויגען געווארען און זיינען געבליבען שטעהן פארשטארט און אונבעוועגליך.

און די ווייסע שנעע'לאך זיינען נאכאנאנד צו דער ערד געפאלען; זיי האבען אלצדינג פערשטעלט, אלצדינג צוגעדעקט, אלצדינג בעצויגען מיט א קאלטען, ווייסען און פייכטען שלייער; אין דעם טיעפען שווייגען פון דער שטילער אונטער דעם שנעע בעגראבענער שטאדט האט זיך ניט געהערט מעהר קיין זאך אויסער

דעם אונבעשטימטען געוויש פון דעם פאלענדיגען שנעע, וואס מען האט קוים, קוים מיט'ן אויער פערנומען...

איצט האט זיך בעוויזען דער מאן מיט זיין לאנטערנע. ער האט געשלעפט נאך זיך אויף א שטריק א מיעדען פערד, וועלכער איז פויל געגאנגען נאך איהם. ער האט איהם אוועקגעשטעלט אין שפאן, צוגעבונדען די רימענס און א צייט לאנג געפארקעט זיך ארום איהם, ווייל ער האט געארבייט בלויז מיט איין האנד, מיט דער אנדערער האט ער זיך צוגעלויכטען, ווען ער האט גע־בראכט דעם צווייטען פערד, האט ער דערזעהען ווי די רייזענדע שטעהען אויף איין ארט, פערשאטען אין גאנצען פון'ם שנעע און ער האט זיך אנגערופען:

— ווארום געהט איהר ניט אריין אין דעם דיליזשאנס? דאן וועט איהר דאך וויניגסטענס זיין טרוקען!

זיי איז דאס ביז איצט הפנים ניט איינגעפאלען און זיי האבען זיך א לאז געטהאן אין דעם דיליזשאנס אריין.

די דריי מענער האבען צוערשט געלאזט זייערע פרויען אריינ־געהן און פארנעהמען פלעצער, דאן זיינען זיי אריין. דערנאך האבען די אנדערע איינגעוויקעלטע, איינגעטוליעטע פארשוינען דארט פערנומען די איבעריגע פלעצער, ניט רעדענדיג קיין ווארט.

די פאדלאגע פון'ם דיליזשאנס איז געווען אויסגעשפרייט מיט שטרוי. אלע האבען אהין אריינגעשטעקט די פיס. די פרויען וועלכע זיינען די ערשטע אריין, האבען מיט זיך געהאט קליינע מע־טאלענע פייער־טעפלאך, וואס האבען געברענט מיט בעמישען פייער. זיי האבען אנגעצונדען זייערע מאשינקעס און א צייט נאכאנאנד אויסגערעכענט די מעלות זייערע און ווידערהאלט זאכען, וועלכע אלע האבען שוין פון לאנג געוואוסט.

צום סוף, ווען אין דעם דיליזשאנס האט מען איינגעשפאנט זעקס פערד אנשטאדט פיער, צוליעב דעם אנגעפאלענעם שנעע, וואס האט דעם וועג שווערער געמאכט, האט א קול פון אויסוויינינג געפרעגט:

— זיינען אלע אינעוויינינ?

און אנדער קול האט געענטפערט:

— יא.

די פערד האבען זיך א ריהר געטהאן.

דער דיליזשאנס האט זיך בעוועגט גאנץ לאנגזאם, טריט ביים טריט. די רעדער זיינען אריין אין'ם שנעע. דער גאנצער וואגען האט געסקריפעט און געליארעמט. די פערד האבען זיך געגליטשט, האבען געסאפעט און עס האט פון זיי געשלאגען א פארע. דער גרויסער בייטש פון'ם קוטשער האט נאכאנאנד געאר־בייט, איז געפלויגען פון אלע זייטען, האט זיך געדרעהט ווי א דיי־נער שלאנג און האט זיך פלוצים מיט א זשוזשען אראפגעלאזט דא אויף איין פערד און דא אויף אנאנדערען.

דערווייל איז ביסלעכווייז טאג געווארען. די ווייסינקע שנעעלאך, וועלכע איינער פון די רייזענדע, אן אמת'ער רואנער, האט פערגליכען צו א וואלענעם רעגען, זיינען שוין מעהר ניט גע־פאלען. א בלאסער שיין האט זיך דורכגעריסען דורך די געדיכטע דונקעלע, שווערע וואלקענס, וועלכער האט נאך העלער געמאכט די בלענדענדיגע ווייסקייט פון די פעלדער. דא האט זיך בעוויזען א ראנד הויכע, בלישטשענדיגע בוימער, ווי מיט בריליאנטען בע־שאטען, און דארט א הייזקע מיט א שנעענעם הייבעל אויפ'ן דאך.

די פאסאזשירען אין'ם דיליזשאנס האבען נייגעריג בעטראכט איינער דעם אנדערען פאר דעם אומעדיגען שיין פון דעם דאזיגען פריהמארגען.

אויף די בעסטע פלעצער, גאנץ הינטען אויפ'ן וואגען, האבען געדרעמעלט זיצענדיג איינער אנטקעגען אנדערען, הערר און מאדאם לואזא, גרויסע וויין הענדלער פון דער ריע גראנד־פאנט.

אמאל איז לואזא געוועזן א פריקאזטשיק אין א גרויסען וויין־געשעפט און ווען זיין בעל הבית האט באנקראטירט האט ער זיין געשעפט אבגעקויפט און עס האט איהם אבגעגליקט, ער איז רייך געווארען. ער האט פערקויפט צו די קליינע ווייגשענקער אין די

דערפער זעהר א שלעכטען וויין פאר א זעהר ביליגען פרייז. זיינע בעקאנטע און פריינד האבען איהם געהאלטען פאר זעהר א רורכ־געטריבענעם חברה־מאן, א ריכטיגען נארמאנער, א לעבעדיגען און פרעהליכען יונג.

זיין רעפוטאציאן פון א דרעה־קאפ איז אזוי בעוואוסט געוועז איבער דער גאנצער שטאדט, דאס איין מאל אויף אן אונטערהאל־טונג ביים פרעפעקט האט הערר טורנעל, א קלוגער און שארפער קאפ. א פערפאסער פון עטליכע פאבעל'ן און ליעדער, דער שטאלץ פון יענער געגענד, געמאכט א בעמערקונג אז לואזא גנב'עט פונקט אזוי לייכט ווי דער פויגעל פליהט. דאס ווארט אז אוועק פון מויל צו מויל איבער'ן גאנצען סאלאן, האט שפעטער דערגרייכט צו דער שטאדט, און פאר וואכען נאכאנאנד האט די פראווינץ דערפון געלאכט.

אויסער דעם איז לואזא געווען בעוואוסט מיט זיינע לצנות. ער האט ליעב געהאט אבצוטהאן א שפיצעל, געקענט זאגען א גוטען און געפעפערטען וויץ. יעדער, וואס האט גערעדט פון איהם האט תמיד בעמערקט:

— ער איז זעהר א פרעהליכער יונג, דער לואזא!

ער איז געווען קליין געוואקסען, מיט א גרויסען בויך, קיי־לעכדיג ווי א באלאן און מיט א רויטען פנים צווישען גרויסע באקענבארדען.

זיין פרוי איז געווען הויך, שטארק און דרייסט, האט גערעדט הויך און מיט זיכערקייט אין'ם קול און אפגעהיט די ארדנונג אין'ם געשעפט, וועלכען איהר מאן האט באלעבט מיט זיינע שפאסען און פרעהליכקייט.

נעבען איהם איז געזעסען מיט א וואזשנער מינע הערר קאררע לאמאדאן, וועלכער האט געהערט צו א העכערען קלאסס. ער איז געווען א וויכטיגע פערזענליכקייט, געשטאנען אן דער שפיצע פון א גרויסען וואלל־געשעפט, א בעזיצער פון דריי טוך־פאבריקען, אן אפיצער פון עהרען לעגיאן און א מיטגליעד פון גענעראל־ראטה.

דורך דער גאנצער צייט פון דער אימפעריע איז ער געבליבען דער פיהרער פון די רוהיגע אפאזיציאניסטען, נים אומזיסט, ווי ער אליין האט געזאגט.

מאדאם קאררע־לאמאדאן, א סך אינגער פון איהר מאן איז געווען דער טרייסט פון די אריסטאקראטישע אפיצערען, וועלכע זיינען געקומען אין רואן מיט זייער גארניזאן.

זי איז געזעסען אנטקעגען איהר מאן, א קליינינקע, א ליבינקע, א רייצענדע, איינגעטוליעט אין איהר פעלץ און האט מיט טרויעריגע בליקען בעטראכט דעם ארימען אויסזעהן פון׳ם דיליזשאנס.

איהרע שכנים, גראף און גרעפין הוברט דע ברעוויל, האבען געטראגען איינעם פון די גרעסטע און אנגעזעהנסטע נעמען פון גאנץ נארמאנדיען. דער גראף, אן אלטער אריסטאקראט מיט פיינע מאניערען, האט מיט אלע מעגליכקייטען געזוכט צו אונטער־שטרייכען זיין עהנליכקייט צו קייזער הענריך דעם פיערטען. א לעגענדע האט דערצעהלט אז דער דאזיגער קייזער האט אמאל גע־טראפען א פרוי מיט׳ן נאמען דע ברעוויל, זי איז פון איהם שוואנגער געווארען און דערפאר האט איהר מאן בעקומען דעם טיטול גראף און א גובערנאטאר־שטעלע אין דער פראווינץ.

גראף הוברט איז געווען דער פערטרעטער פון דער ארלע־אנישער פארטיי אין דעם דעפארטמענט. די געשיכטע פון זיין חתונה מיט דער טאכטער פון א קליין שיף־הענדלער אוים נאנט, איז אימער געבליבען א געהיימניס, אבער אזוי ווי די גרעפין האט אויסגעזעהן זעהר אריסטאקראטיש, האט פערשטאנען ווי צו צונעה־מען געסט בעסער ווי ווער עס איז און דערצו האט זיך א קלאנג גע־טראגען, אז איינער פון לואי פיליפס זיהן איז געווען אין איהר פער־ליעבט, איז זי דערפאר זעהר אנגענומען געווען ביי דער גאנצער אריסטאקראטיע, און איהר סאלון איז געווען דער איינציגער אין דער פראווינץ, וואו עס האט זיך איינגעהאלטען די אמאליגע העפ־ליכקייט און גאלאנטרי און צו וועלכען עס איז זעהר שווער געווען צו צוקומען.

דאס פערמעגען פון די ברעווילל'ס וואס איז בעשטאנען אין גרונד־אייגענטהום, האט זיי אריינגעבראכט, ווי מען האט געזאגט, א האלבען מיליאן א יאהר.

די דאזיגע זעקס פארשוין אין הינטער־גרונד פון'ם דיליזשאנס זיינען די פערטרעטער פון דער אנשטענדיגער, רייכער געזעלשאפט: בכבוד'ע מענשען מיט ווירדע, וועלכע האבען פערנומען א הויכע שטעלונג אין דער געזעלשאפט מיט רעליגיאן און פרינציפען.

דורך עפעס א מאדנעם צופאל זיינען אלע פרויען געזעסען אויף איין באנק. נעבען דער גרעפין זיינען געזעסען צוויי נאנעס (מאַ־נאשקעס), וועלכע האבען ניט ארויסגעלאזען פון די הענד זייערע צלמים און נאכאנאנד געשעפטשעט „פאטער אונזערער" און „היילינע מאריא". איינע איז געווען אלט מיט א געשטופעלטען פנים, ווי מען וואלט אויף איהר אויסגעשאסען פון א פושקע. די אנדערע האט אויסגעזעהן מאגער, שווינדזיכטיג, מיט א שעהנעם, קראנק־האפטען קאפ, וועלכער האט געטראגען דעם אויסדרוק פון יענעם פאנאטישען גלויבען, וואס שאפט מארטירער.

אנטקעגען דיביידע נאנעס האט א מאן מיט א פרוי צוגעצויגען צו זיך אלעמענס אויפמערקזאמקייט.

דעם מאן האבען אלע געקענט, דאס איז געווען דער בעוואוס־טער דעמאקראט קארנודע, וועלכער האט אנגעווארפען א שרעק אויף אלע אנשטענדיגע מענשען. שוין א יאהר צוואנציג ווי ער האט געווייקט זיין גרויסע, רויטע בארד אין די באקאלען פון אלע דע־מאקראטישע קאפע־הייזער. מיט פריינד און געגאסען האט ער פערלעבט א גאנץ שעהנעם פערמעגען, וואס ער האט געקראגען בירושה פון זיין פאטער, אן אלטען קאנדיטאר. ער האט מיט אונ־געדולד געווארט אויף דער רעפובליק, אום צו פארנעהמען די שטעלונג, וועלכע ער האט זיך פערדיענט מיט דעם, וואס ער האט אזוי פיעל אויסגעגעבען אויף דער רעוואלוציאן. דעם פיערטען סעפטעמבער — אפשר האט אימיצער מיט איהם געמאכט א שפאס, נור ווי די זאך אין דארט געווען—האט ער זיך איינגערעדט אז מען

האט איהם געמאכט פאר א פּרעפעקט. ווען ער האט געוואלט אריינטרעטען אין דיענסט, האבען די ביורא־דיענער, וועלכע האבען זיך דאן געפונען אליין אויף זייער פּלאץ, ניט געוואלט איהם אנער־קענען. דאס האט איהם געצוואונגען אבצוטרעטען. אין אלגעמיין א ניט געפעהרליכער, גוטמוטהיגער, וואוילער יונג, האט ער איצט אנגעווענדעט זיינע קרעפטען צו ארגאניזירען א זעלבסט־שוץ. ער האט געהייסען אויסגראבען גריבער אויף די פעלדער, אויסהאַ־קען אלע יונגע בוימער אין די ארומיגע וועלדער, שטעלען פּאסטקעס אין אלע גאסען און ווען דער שונא איז געקומען נעהנטער איז ער א צופריעדענער מיט זיינע פארבערייטונגען אבגעטראטען שנעל צו־ריק אין שטאדט אריין. ער האט געדענקט, אז אין האוור וועט ער זיין ניצליכער, ווייל דארט נויטיגט מען זיך איצט אין בעשיצונג.

די פרוי נעבען איהם האט בעלאנגט צו דער אונטערוועלט. זי איז געווען בעקאנט צוליעב דעם, וואס זי איז פריהצייטיג דיק געווארען און דערפאר האט זי אויך געקראגען איהר צונעהמעניש „די גראבינקע“. דאס מיידעל איז געווען קליין, רונד, אין גאנצען פערשוואומען אין פעטס, מיט דיקע, פוכקע פינגער, וואס האבען אויסגעזעהן ווי פראנקפורטער ווארשטלאך. איהר הויט איז גע־ווען אנגעצויגען און מיט א גלאנץ. זי האט געהאט א מעכטיגען בוזים, וועלכער האט זיך געריסען פון אונטער'ן קלייד, אבער טראָטץ דעם האט זי געהאט אין זיך עטוואס חן'עוודיגעס, צוציהענדעס, און איז געווען זעהר בעליעבט פאר איהר פרישקייט. איהר פּנים האט אויסגעזעהן ווי א רויטער עפּעל, ווי א קנאספּע, וואס האלט זיך אין עפענען, און פון דארט האבען ארויסגעקוקט צוויי וואונדער־שעהנע אויגען, ווי פערשלייערט פון די געדיכטע ברעמען וואס האבען זיי בעשאטענט. איהר מויל איז געווען רייצענד קליין, אימער פייכט, האט זיך ווי געבעטען א קוש צו טהאן, מיט בלישט־שענדיגע קליינע ציינדלאך.

אויסער דעם האט זי געהאט, ווי מען האט געזאגט, נאך א סך אנדערע גוטע מעלות, וואס זיינען געווען גאר ניט צו בעצאהלען.

אזוי שנעל ווי מען האט איהר דערקענט, האבען די אנשטאנ־דיגע פרויען זיך גענומען שושקען איינע מיט דער אנדערער און די ווערטער „פראסטיטוטקע", „שאנד־פלעק" האבען זיך דערהערט אזוי הויך, דאס זי האט אויפגעהויבען דעם קאפּ. זי האט געווארפען אויף איהרע שכנים אזא אויספאדערענדען און פרעכען בליק, דאס עס איז גלייך שטיל געווארען און אלע האבען ארונטערגעלאזען די אויגען אויסער לואזא, וועלכער האט זי גענומען בעטראכטען מיט גרוים אינטערעס.

אבער באלד האבען די דריי פרויען, וועמען די געגענווארט פון דער מיידעל האט שנעל צוזאמענגעבראכט, כמעט בעפריינדעט, וויעדער גענומען זיך אונטערהאלטען. זיי האט זיך געדאכט אז זיי, די בכבוד'ע, געזעצליכע פרויען, מוזען זיך פעראייניגען געגען דער דאזיגער אונפערשעהמטער פרוי, וועלכע האנדעלט מיט איהר קערפער; ווייל די געזעצליכע ליעבע קוקט אימער פון אויבען ארונטער אויף איהר פרייער שוועסטער.

און אויך די דריי מענער האט א געמיינזאמער אינסטינקט פעראייניגט געגען דעם דעמאקראט קארניודע. זיי האבען געקוקט אויף איהם מיט פעראכטונג. גראף הובערט האט דערצעהלט פון דער פערוויסטונג, וואס די פרייסען האבען ביי איהם אנגעמאכט, פון דעם שאדען, וואס ער האט געליטען. ווי מען האט ביי איהם צוגענומען פיה, חרוב געמאכט פעלדער און וועלדער און גערעדט האט ער דערפון מיט דעם טאן פון א פרינץ, א מיליאנער, וועמען די אלע זאכען קענען בלויז ענג מאכען אויף א קורצער צייט. הערר קאר־רע לאמאדאן, דער טוך־פאבריקאנט, האט דערצעהלט, אז ער איז פארזיכטיג געווען און האט אריבערגעשיקט קיין ענגלאנד זעקס הונדערט טויזענד פראנק פאר א שלעכטער צייט. און לעאז'ען האט זיך איינגעגעבען צו פערקויפען דער פראנצויזישער רעגיערונג אלע פראסטע וויינען, וואס האבען זיך געפונען ביי איהם אין'ם קעלער, אזוי, דאס די רעגירונג איז איצט איהם שולדיג א גאנץ שעהנע סומע געלד, וועלכע ער האפט צו קאלעקטען אין האוור.

און אלע דריי האבען געווארפען איינער אויף דעם אנדערען שנעלע פריינדליכע בליקען. הגם זיי האבען געהערט צו פערשיע־דענע קרייזען, האבען זיי זיך דאך געפיהלט פעראייניגט דורך דאס געלד.

דער דיליזשאנס האט זיך געשלעפט אזוי לאנגזאם, דאס ביז צעהן א זייגער אין דער פריה האט ער נאך ניט געהאט אבגעפאה־רען קיין פיער מייל. דריי מאל זיינען די מענער ארונטערגעקראכען און האבען זיך צופוס געשלעפט. דער עולם האט גענומען ווערען אונרוהיג, ווייל זיי האבען זיך גערעכנט, אז זיי וועלען קענען עסען פריהשטיק אין טאטעס, און איצט איז געווען קלאהר, אז הלואי ערשט צו־נאכטס וועט מען זיך אהין דערשלעפען. אלע האבען זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען און געזוכט אן אכסניה, א קרעטשמע, וואו מען זאל קענען עפעס איבערכאפען, אבער דא איז דער דילי־זשאנס אריינגעקראכען אין א בארג שנעע און עס האט גענומען צוויי שטונדען, ביז מען האט איהם פון דארט ארויסגעשלעפט.

דער אפעטיט איז געוואקסען און דער הונגער האט געמוטשעט, אבער קיין קרעטשמע, קיין שענק האט זיך ניט געזעהן. די נאהענט־קייט פון די פרייסען און דער מארטש פון די הונגעריגע פראנצויזי־שע סאלדאטען האט פערטריבען אלע שענקער.

די מענער זיינען געלאפען אין די פויערשע הייזלעך אויפ'ן וועג און האבען געפרעגט אויף שפייז, געוואלט כאטש וואס־ניט־איז, דעם הונגער צו שטילען, אבער זיי האבען דארט ניט געקראגען אפילו א שטיקעל ברויט, ווייל די פויערים האבען אלע זייערע שפיי־זען בעהאלטען בחדרי חדרים, מורא האבענדיג פאר די הונגעריגע סאלדאטען, וועלכע האבען מיט געוואלד גענומען אלצדינג, וואס זיי האבען נור געפונען.

א זייגער איינס נאכמיטאג האט לואזא ערקלעהרט, אז ער איז טויט הונגעריג. אלע איבעריגע האבען שוין פון לאנג געהאט דעם זעלבען געפיהל און אזוי ווי דער הונגער איז אלץ גרעסער געווארען, זיינען ביסלעכווייז אלע אנשווייגען געווארען.

פון צייט צו צייט האט אימיצער א גענעץ געטהאן: דאס האט גלייך געווירקט אויף די איבעריגע. און באלד האט איינער נאך דעם אנדערען נאך דער רייהע נאך, אויפגעעפענט דעם מויל.

די גראבינקע האט זיך עטליכע מאל איינגעבויגען, אזוי ווי זי וואלט עפעס געזוכט אונטער איהרע קליידער. זי האט א ווייל'ינקע געטראכט, אנגעקוקט איהרע שכנים און דערנאך זיך ווידער רוהיג אויסגעגלייכט. אלע פנים'ער זיינען געווען בלייך, פערקרימט. לואזא האט ערקלעהרט, אז ער וואלט בעצאהלט טויזענד פראנק פאר א שטיקעל ווארשט. זיין פרוי האט געמאכט א בעוועגונג, ווי זי וואלט געוואלט פראטעסטירען, האט זיך אבער באלד בערו־היגט. זי האט אימער געליטען, ווען מען האט אין איהר געגענ־ווארט גערעדט וועגען פערשווענדען געלד. זי האט אפילו קיין שפאס ניט פערטראגען, ווען מען האט וועגען דעם גערעדט.

— איך פיהל זיך אויך ניט אם בעסטען — האט געזאגט דער גראף — ווי אזוי איז עס מיר ניט איינגעפאלען, מיטצונעהמען מיט זיך עפעס צום עסען!

יעדער פון זיי האט זיך געמאכט די אייגענע פארווירפען.

קארניודע האט געהאט מיט זיך א פלאש ראם, האט ער זי אלעמען אנגעבאטען. מען האט זיך קאלט אבגעזאגט. נור לואזא האט גענומען, א פאאר זופ געטהאן און צוריקגעקעהרט די פלאש מיט די ווערטער:

— א דאנק, דאס האט מיר גאר מחיה געווען! דאס וואַ־רעמט אן און נארט אב דעם הונגער.

דער אלקאהאל האט איהם פרעהליך געמאכט און ער האט פארגעשלאגען צו טהאן ווי עס שטעהט אין דעם ליעד „פון דעם קליינעם שיף": דעם פעטסטען פון די רייזענדע צו שלאכטען. דאס דאזיגע אנצוהערעניש אויף דער גראבינקער האט נישט געשמעקט די אנשטענדיגע לייט. קיינער האט גאר ניט געענטפערט, נור קארניודע האט געלאכט.ביידע נאנעס האבען אויפגעהערט צו מורמלען זייער געבעט און זיינען איצט געזעסען אונבעוועגליך

מיט די הענד אין די ברייטע ארבעל פעררוקט, מיט ארונטערגע־לאזענע אויגען און האבען געדאנקט דעם הימעל פאר די ליידען, וואס זיי זיינען ווערטה געווען, ער זאל אויף זיי אושיקען.

צום סוף, א זייגער דריי, ווען דער דיליזשאנס האט זיך גע־פונען אין מיטען פון ענדלאזע פעלדער און קיין דערפעל האט זיך נאך אלץ ניט געזעהן ווייט און ברייט ארום, האט זיך די גראבינקע שנעל איינגעבויגען און ארויסגעשלעפט פון אונטער דער באנק א ברייטע קארב, צוגעדעקט מיט א ווייס טישטוכעל.

צוערשט האט זי פון דארטען ארויסגענומען א קליינעם פאלי־ווענעם טעלער, דאן א זילבערנעם בעכער'ל און דערנאך א גרויסע שיסעל, אין וועלכער צוויי צושניטענע היהנער זיינען פערקיהלט געווען אין זייער זאפט. און דאן האט מען דערזעהן אין קארב נאך אנדערע גוטע זאכען: קוכענס, פרוכט, נאשערייען — שפייז צוגעגרייט פאר א דריי טאג־דיגע רייזע, אז מען זאל ניט דארפען אויפ'ן וועג עסען אין די שענקען, אין די איינפאהר־הייזער און אזוי ווייטער. פיער פלעשער האבען ארויסגעקוקט פון צווישען דאס עסענווארג. זי האט גענומען א פליגעלע און זיך דערצו צור־געכאפט מיט אפעטיט, געגעסען צוזאמען מיט א קליין ברייט'ל.

אלעמענס בליקען האבען זיך אנגעשטעלט אויף איהר. ווי דאס האט געשמעקט, דעם אטהעם האט עס פערכאפט, די נאזלעכער האבען זיך אנגעצויגען; די סליונע האט אלעמען גענומען לויפען פון מויל און די קינבאקען האבען זיך קראמפפהייט צוזאמענגע־דריקט. די פעראכטונג פון די פרויען געגען דער מיידעל האט ערדייכט די העכסטע שטופע; עס איז אויף זיי אנגעפאלען א כעס, א האס און עס האט זיך זיי פערוואלט איהר דער'הרג'ענען, ארונטערשליידערען זי פון דיליזשאנס אין'ם שנעע אריין צוזאמען מיט איהר בעכער, איהר קארב און איהרע שפייזען.

אבער לואזא האט געשלונגען מיט די אויגען די שמעקעדיגע געבראטענע היהנער און ער האט בעמערקט:

— מען מוז צוגעבען, אז די דאזיגע דאמע איז געווען פאר־

זיכטיגער ווי מיר אלע. עס זיינען דא מענשען, וועלכע פערזארגען זיך מיט אלעדינג!

זי האט אויף איהם א קוק געטהאן:

— ווילט איהר עפעס עסען? עס איז שווער צו פאסטען א גאנצען טאג.

ער האט זיך פערנייגט.

— אפען גערעדט, איך קען זיך נישט אבזאגען. איך קען עס מעהר ניט אויסהאלטען. אויב מלחמה, זאל זיין מלחמה, ניט אמת?

ער האט א בליק געטהאן ארום זיך און צוגעלייגט:

— אין אזא צייט פרעהט מען זיך, ווען מען געפינט אימיצען וועלכער וויל אייך טהאן א טובה — ער האט פערשפרייט א צייטונג, כדי ניט איינצושמוצען זיינע הויזען. מיט דעם שפיץ פון זיין טאשען־מעסער'ל האט ער ארויסגעצויגען א פעטע פאלקע און דאס גענומען מיט אזא חשק גריזשען, דאס אלע אין דיליזשאנס זיינען שיער ניט צופלאצט געווארען פאר קנאה.

די גראבינקע האט מיט א ווייך, פריינדליך קול פארגעשלאגען די נאנעס, אז זיי זאלען מיט איהר עפעס איבערבייסען. זיי האבען זיך גלייך איינגעוויליגט, בעדאנקט און האבען זיך אהן צערעמאניעס גענומען צו דער אכילה. אויך קארניודא האט זיך ניט אפגעזאגט פון זיין שכנה'ס פארשלאג און זיי מיט די נאנעס האבען איצט געבילדעט עפעס א מין טיש, אויסשפרייטענדיג צייטונגען אויף די קניע.

נאכאנאנד האבען זי געעפענט און צוגעמאכט די מיילער, האבען געקייט, געסמאטשקעט און איינגעשלונגען די שפייזען. לואזא איז געזעסען אין זיין ווינקעל און האט איינגערעדט זיין ווייב, אז זי זאל פאלגען זיין ביישפיעל. זי האט זיך א לאנגע צייט געוועהרט, אבער צום סוף, ווען זי האט מעהר ניט געקענט אויסהאלטען פון די קרעמפפען אין'ם מאגען, האט זי נאכגעגעבען. דאן האט איהר מאן, ווי ווייט מעגליך העפליך, געפרעגט זיין „רייצענדע בעגלייטערין"

אויב זי וועט איהם ערלויבען אז ער זאל זיין פרוי אויך געבען א שטיקעלע. די גראבינקע האט געענטפערט איינפאך:

— געוויס, מיט פערגעניגען.

ווען די ערשטע פלאש רויטען וויין איז געעפענט געווארען, האט מען זיך מיט אמאל דערפיהלט אין א פערלעגענהייט, דען עס איז ניט געווען מעהר ווי איין בעכער. מען האט איהם דערלאנגט פון איינעם צום אנדערען, נאכדעם ווי מען האט איהם גוט אויס־געווישט. קארניודע אבער, וואהרשיינליך אויס גאלאנטעריע, האט צוגעלייגט די ליפען צו דעם נאך פייכטען ברעג פון'ם בעכער פון וועלכען די גראבינקע האט נור וואס געטרונקען.

צווישען די דאזיגע אלע מענשען, וואס האבען געגעסען, האט גראף דע ברעוויל און זיין פרוי, אזוי אויך העררען קאררע־לאמאדאן און זיין פרוי, שרעקליך געליטען. די ריחות פון דעם עסען־ווארג האט זיי געשטיקט. פלוצים איז די יונגע פרוי פון דעם פאבריקאנט וויים געווארען, ווי דער שנעע אויף די פעלדער, האט די אויגען צוגעמאכט, דעם קאפ ארונטערגעלאזען און איז אין אונמאכט גע־פאלען. איהר צושראקענער מאן האט גענומען שרייען „ראטעוועט". אלע זיינען צוטומעלט געווארען, ביז די עלטסטע פון די נאנעס, וועלכע האט אונטערגעהאלטען דעם קאפ פון דער יונגער פרוי, האט איהר צוגעטראגען צו די ליפען דער גראבינקעס בעכער און איהר מיט געוואלד אריינגעגאסען א פאאר טראפען וויין. דאן האט די שעהנע יונגע פרוי די אויגען געעפענט און שטיל ערקלעהרט אז זי פיהלט זיך בעסער. אבער די נאנע, מורא האבענדיג, אז יענע זאל ווידער ניט חלש'ען, האט איהר איינגערעדט, זי זאל אויס־טרינקען א גאנצע גלאז בארדא־וויין. דערביי האט זי גערעדט:

— דאס איז פון הונגער, נור פון הונגער.

דא איז די גראבינקע רויט געווארען, האט זיך געווענדעט צו די פיער הונגעריגע פאסאזשירען און ארויסמורמעלט:

— מיינע דאמען און העררען, אויב איך מעג אייך פארלייגען?...

זי האט ניט געענדיגט, ווייל זי האט מורא געהאט, טאמער האט זי זיי בעליידיגט. לואזא האט גענומען דאס ווארט:

— ביי גאט, אין אזא צייט זיינען מיר אלע ברידער און דאר־פען איינער דעם אנדערן העלפען. צום טייפעל, מיינע דאַמען, לאָזט זיך איצט ניט בעטען, נעהמט אן! ווער ווייסט, אויב מיר וועלען נאך היינט קענען אין א הויז איבערנעכטיגען. ביי אזא פאהרעביץ וועלען מיר ערשט אנקומען אין טאטעס ניט פריהער ווי מארגען בייטאג.

מען האט זיך געקווענקעלט. קיינער האט ניט געוואלט זא־גען דער ערשטער: יא.

אבער דער גראף האט געמאכט א סוף צו דעם. ער האט זיך א קעהר געטהאן צו דער פערשעהמטער גראבינקער און געזאָגט אין א פארנעהמען טאן, מעשה אריסטאקראט:

— מיר נעהמען אן מיט דאנק!

— נור דער ערשטער שריט איז שווער געווען. אבער דערנאך, אז דער אייז איז איינמאל צובראכען געווארען, האט מען זיך מיט גרוים חשק א נעהם געטהאן צום עסק. דער קארב איז אויסגע־ליידיגט געווארען.

און איינמאל, האבען זיי געגעסען דער גראבינקע'ס ברויט, האבען זיי שוין געמוזט מיט איהר ריידען אויך. דערפאר האבען זיי פערפיהרט מיט איהר א שמועס, אפריהער צוריקגעהאלטען, דערנאך פרייער, אונגעצוואונגענער. דאס מיידעל האט זיך געהאל־טען זעהר גוט. די גרעפין און מאדאם קאררע־לאַמאַדאָן, וועלכע האבען פיעל לעבענס־ערפאהרונג געהאט, זיינען געווען דעליקאט און פריינדליך אין זייער געשפרעך. בעזונדערס די גרעפין האט ארויסגעוויזען יענע ליעבענסווירדיגע ארונטערגעלאזענקייט, וועלכע קיינער און גאר נישט איז אימשטאנד צו בעשמוצען. אבער די דיקע מאדאם לואזא, וועלכע האט געהאט א נשמה פון א זשאנדארם, איז געבליבען אונפריינדליך, האט ווייניג גערעדט און פיעל געגעסען.

מען האט גערעדט, פערשטעהט זיך, פון דער מלחמה. מען האט זיך דערצעהלט וועגען די שרעקליכע מעשים פון די פרייסען און די גוואלדיגע העלדישקייטען פון די פראנצויזען; און זיי אלע, וועלכע זיינען אנטלאפען, האבען געגלויבט דעם מוטה פון יענע, וואס האבען ניט געוואלט אנטלויפען. דערנאך האט יעדער גענומען ריידען וועגען פערזענליכע זאכען און די גראבינקע האט דערצעהלט מיט יענער אויפריכטיגער ווארימקייט אין'ם טאן, וועלכע מיידלאך פון דעם סארט האבען אמאל, ווי אזוי זי האט פערלאזען רואן:

— א פריהער האב איך געמיינט, אז איך וועל קענען בלייבען

— האט זי דערצעהלט — דאס הויז איז ביי מיר פול געווען מיט עסען־ווארג און איך האב מיר געקלעהרט, אז עס איז בעסער אויסצוהאלטען'מיט עסען עטליכע סאלדאטען און בלייבען אין דער היים, איידער צו אנטלויפען, ניט ווימענדיג אליין וואוהין. אבער אז איך האב דערזעהן די פרייסען, האב איך ניט געקענט מעהר אויסהאלטען. איך בין געווען אויסער זיך פאר כעס, און פאר שאנדע האב איך א גאנצען טאג געוויינט. ווען איך וואלט געווען א מאן!... פון מיין פענסטער האב איך זיי געזעהן, די דאזיגע דיקע שווינען מיט זייערע הויכע היטלען אויף די קעפ, און מיין מיידעל האט מיר געמוזט די הענד צוהאלטען, אניט וואלט איך מיין מעבעל ארויפגעווארפען אויף זיי. דערנאך האט מען עטליכע זייערע אריינגעשיקט צו מיר, זיי זאלען ביי מיר וואהנען. איך האב דעם ערשטען בעסטען פון זיי ביים גארגעל אנגעכאפט. זיי צו דערשטיקען איז ניט שווערער ווי אנדערע. איך וואלט שוין איהם פארטיג געמאכט, ווען מען וואלט מיך ביי די האאר ניט אפגעריסען פון איהם. דאן האב איך זיך געמוזט בעהאלטען. און ווען די געלעגענהייט האט זיך מיר געמאכט, בין איך אנטלאפען — און אזוי בין איך דא.

מען האט זי זעהר געלויבט. זי איז אויסגעוואקסען אין די אויגען פון איהרע מיטרייזענדע, וועלכע האבען ניט בעוויעזען אזא העלדישקייט. קארניודע האט זי אויסגעהערט מיט א לייטזעליגען

שמייכעל פון אן אפאסטעל. מיט אזא שמייכעל הערט א פריסטער ווי א פרומער מענש לויבט גאט. ווארים די דעמאקראטען מיט די לאנגע בערד האבען פונקט אזוי א מאנאפאל געהאט אויף פאט־ריאטיזמוס, ווי די פריסטער מיט די לאנגע, שווארצע קליידער, אויף דער רעליגיאן. ער האט אנגעהויבען אין א וואזשנעם טאן, דערביי האט ער זיך בענוצט מיט הויכע פראזען פון די פראקלא־מאציעס, וואס מען האט יעדען טאג געקלעפט אויף די ווענד, און האט געענדיגט מיט בעליידיגען נאפאלעאן'ען.

אבער די גראבינקע איז גלייך בייז געווארען, ווייל זי איז גע־ווען א באנאפארטיסטקע, דאס הייסט אן אנהענגערין פון נאפא־לעאן'ען. זי איז רויט געווארען און האט אויפגערעגט געשטא־מעלט:

— איך וואלט נור געוואלט זעהן, ווי וואלט איהר געהאנדעלט אויף זיין ארט. איהר האט דאך איהם פערראטהען! ווען אזוינע מענשען ווי איהר זאלען אריינגעהמען די לייצעס פון דער רעגיערונג אין די הענד, וועט מען מוזען אנטלויפען פון פראנקרייך.

קארניודע האט נישט געענטפערט, האט נור מיט א שמיי־בעל פול פעראכטונג זי אנגעקוקט. אבער עס האט זיך גע־פיהלט, אז דער דאזיגער געשפרעך קען נאך ווערען גראב, האט דער גראף זיך אריינגעמישט און בערוהיגט דאס צוהיצטע מיידעל, ערקלעהרענדיג איהר מיט א טאן פון אן אויטאריטעט, אז יעדע איבערציינגונג, אויב זי איז נור אויפריכטיג, מוז רעספעקטירט ווע־רען. דאך, די גרעפין און די פרוי פון דעם פאבריקאנט, וועלכע האבען אין זייערע הערצער געטראגען א פערבארגענע שנאה צו דער רעפובליק, און א אינסטינקטיווע ליעבשאפט צום עפּאלעטען־הערשאפט און צום גלאנץ פון דעספאטיזמוס, ווי בכלל אלע פרויען פון פריווילעגירטען קלאסס, האבען זיך געפיהלט ווי צוגעצויגען געגען אייגענעם ווילען צו דער דאזיגער פראסטיטוטקע, וואס האט געפיהלט און האט געטראכט ווי זיי.

דער קארב איז געווען ליידיג. די צעהן נפשות האבען איהם

אויסגעליידיגט, און נור בעדויערט, וואס איז ניט געווען אביסעל מעהר פון דעם דאזיגען עסען־ווארג. דער שמועס האט זיך נאך א ווײַלע געצויגען, אביסעל איינגעהאלטענער, זינט מען איז פארטיג געווארען מיט'ן עסען־ווארג.

די נאכט איז צוגעפאלען. עס איז פינסטערער און פינסטערער געווארען. די קעלט האט זיך גענומען פיהלען שטארקער. די גראבינקע האט זיך געטרייסעלט פאר קעלט. דאן האט דער גראף איהר פארגעלעגט זיין דעקע, מיט וועלכער ער האט זיינע פיס געווארעמט. די דאמען קארדע־לאמאדאן און לואזא האבען אפגעגעבען זייערע דעקעס צו די נאנעס.

דער קוטשער האט אנגעצונדען די לאנטערנעס. זייער העלער שיין האט בעלויכטען א וואלקען פארע, וואס האט זיך געטראגען פון די פערשוויצטע פערד, און דעם שנעע פון ביידע זייטען וועג.

אין דעם דיליזשאנס האט מען איצט מעהר נישט געקענט זעהן; אבער פלוצים איז צווישען דער גראבינקער און קארנודע געווארען עפעס א גערודער; און לואזא, וועלכע האט אריינגעשטרענגט די אויגען אין דער פינסטערניש, האט זיך געדאכט, אז דער מאן מיט דער לאנגער בארד האט זיך שנעל א כאפ געטהאן צוריק, ווי ער וואלט געקראגען א געזונדען, אבער שטילען פראסק אין מארדע.

אויפ'ן וועג פאר זיי האבען זיך בעוויזען קליינע, ליכטיגע פינטעלאך. דאס איז געווען טאטעס. מען איז געפאהרען עלף שטונדען. מיט דריי שעה, וואס פערברויכט אויף צו קארמענען און לאזען רוהען די פערד, האט עס אויסגעמאכט פיערצעהן. מען איז אריינגעפאהרען אין שטאדט און זיך אבגעשטעלט פאר דעם האטעל דע קאמערס.

די טהירלאך פון'ם דיליזשאנס האבען זיך געעפענט. א ניט בעקאנטער קלאנג האט אלע פאסאזשירען געמאכט אויפציטערען: דאס קלינגען פון א שווערד, וואס האט זיך אבגעקלאפט אן דער

ערד. צוגלייך האט זיך אויך דערהערט די שטימע פון א דייטש, וואס האט עפעס געשריען.

הגם דער וואגען האט זיך אבגעשטעלט, דאך איז קיינער ניט אויסגעשטיגען, עפעס אזוי ווי מען וואלט מורא געהאט, אז ווי נאר מען וועט טהאן א טריט, וועט מען גלייך ווערען אומגעבראכט. דאן האט זיך בעוויעזען דער קוטשער מיט א לאנטערנע אין דער האנד, וועלכער האט פלוצים געווארפען א שיין איבער'ן גאנצען וואגען אויףביידע רייהען צושראקענע פנים'ער מיט אפענע מיילער און ווייט אויפגעריסענע אויגען פול שרעק און מורא.

נעבען קוטשער איז געשטאנען אין פולער בעלייכטונג, א דייטשער אפיציער, א הויכער יונגער מאן, זעהר שלאנק און בלאנד, איינגעצויגען אין זיין יוניפארם, ווי א מיידעל אין א קארסעט, מיט א פלאכער היטעלע אויף א זייט. זיינע ריעזיג-גרויסע וואנצעס מיט צוויי לאנגע, גלייכע שפיצען אויף ביידע זייטען, זיינען וואס ווייטער אלץ דינער געווארען און האבען זיך געענדיגט מיט איין איינציגען בלאנדען האאר.

אין אן עלזאסישען פראנצויזיש האט ער בעפוילען די רייזענדע אויסצושטייגען:

— זייט אזוי גוט, מיינע הערען און דאמען, קומט ארויס פון וואגען!

ביידע נאנעס האבען די ערשטע געפאלגט מיט דער אונטער־טהעניגקייט, מיט וועלכע זיי זיינען געוואהנט געווען צו פאלגען. דאן זיינען ארויס דער גראף מיט דער גרעפין. נאך זיי דער פאב־ריקאנט און זיין פרוי, דאן לואזא, וועלכער האט זיין דיקע פלונית־טע געשטופט אין פאראויס. ארויסגעהענדיג, האט ער געזאגט צום אפיציער: „גוט מארגען!" מעהר אויס פארזיכטיגקייט ווי אויס העפליכקייט. יענער האט איהם אנגעקוקט פרעך, ווי א מענש, וועלכער האט די מאכט, און ניט געענטפערט.

די גראבינקע און קארניודע, הגם זיי זיינען געזעסען די ער־שטע ביי דער טהיר, זיינען ארויס צולעצט, ערנסט און שטאלץ

אנטקעגען פיינד. די דיקע מיידעל האט זיך געסטארעט צו בע־הערשען און אויסזעהן רוהיג; דער דעמאקראט האט מיט אן עטוואס טראגישער און נערוועזער בעוועגונג געשפּיצעלט זיין לאנגע רויטע בארד. זיי האבען זיך געוואלט האלטען מיט ווירדע, ווייל זיי האבען פערשטאנען, אז ביי אזעלכע בעגעגענישען רעפּרעזענ־טירט יעדער מאן, ביז צו א געוויסען גראד, זיין פאטערלאנד. זיי זיינען געווען אויסער זיך איבער דער נאכגעביגער האלטונג פון זייערע מיטרייזענדע, און די גראבינקע האט זיך געסטארעט אויס־צוזעהן שטאלצער ווי איהרע שכנות, די אנשטאנדיגע פרויען, און קארניודע, פיהלענדיג אז ער דארף ווייזען אביישפּיעל, האט מיט זיין גאנצען אויסזעהן אויסגעדריקט א פּראטעסט.

זיי זיינען אריין אין דער גרויסער קיך פון'ם איינפאהר־הויז, דער דייטש האט זיך געלאזט געבען דעם פּאס, אונטערגעשריעבען פון הויפּט־גענעראל, וואו עס זיינען געווען פערצייכענט אלע נע־מען, זייער בערוף און שטאנד און אלע בעזונדערע סמנים. ער האט גענוי אונטערזוכט און פערגליכען מיט די אנגעגעבענע סמנים.

דאן האט ער געזאגט קורץ: — גוט — און איז פערשוואונדען.

איצט ערשט האבען אלע אפּגעאטהעמט. זיי זיינען נאך אלע געווען הונגעריג און האבען בעשטעלט א מאהלצייט. עס האט גענומען א האלבע שטונדע ביז מען האט אלצדינג צורעכט געמאכט. און בעת די קעלנערינען האבען זיך געפּארעט ארום דעם עסען, זיינען די רייזענדע אוועק בעטראכטען די צימערען.

זיי האבען זיך אלע געפונען אין א לאנגען קארידאר, וועלכער האט זיך געענדיגט מיט א גלעזערנער טהיר.

צום סוף, ווען אלע האבען זיך געזעצט צום טיש, האט זיך בעוויעזען דער בעל הבית פון האטעל אליין. ער איז געווען אן אמאליגער פערד־הענדלער, א דיקער מאן, וועלכער האט געליטען פון אסטמא און דערפאר האט אין זיין האלז שטענדיג געפּייפט און געכארכעלט, זיין פאטער האט איהם איבערגעגעבען זיין פא־מיליע־נאמען פאלאנווי.

ער האט געפרעגט:
— פרײַלין עליזאבעטה רוסע,
די גראבינקע האט זיך א טרייסעל געטהאן און זיך אומגעד־רעהט:
— דא בין איך!
— פרײַלין, דער פרייסישער אפיצער וויל גלייך מיט אייך ריידען.
— מיט מיר?
— יא, אויב איהר זייט פרײַלין עליזאבעטה רוססע.
זי איז געווארען צומישט, האט א ווײַלע נאכגעטראכט און דאן ענטשלאָסען ערקלעהרט:
— עס קען זיין, אבער איך וועל צו איהם ניט געהן.
עס איז געווארען א טומעל, אלע זיינען געווארען אויפגערעגט. יעדערער האט זיך גע'פשט'עלט און געזוכט דעם גרונד צו דעם דא־זיגען בעפעהל. דער גראף איז צו איהר צוגעגאנגען:
— איהר האנדעלט ניט ריכטיג, פרײַלין, אייער אבזאגען זיך קען ברייגנען א סך אונאנגענעהמליכקייטען... ניט נור פאר אייך, נאר פאר אלע אייערע מיטרייזענדע. מען טאר זיך קיינמאל ניט שטעלען אנטקעגען דער געוואלט. אויסער דעם איז מעגליך, אז עס האנדעלט זיך נור וועגען עפעס א פארמאליטעט, וועלכע ער האט פערגעסען.
אלע האבען איינגעשטימט מיט זיין מיינונג און מען האט זי געבעטען, איהר איינגערעדט, זי בעשווארען און צום סוף זי איבערגערעדט. דען אלע האבען מורא געהאט פאר שוועריגקייטען, וועלכע קענען ארויסקומען צוליעב אזא ווידערשטאנד. צום סוף האט זי געזאגט:
— איך וועל עס טהאן, אבער נור צוליעב אייך.
די גרעפין האט גענומען איהר האנד און געזאגט:
— מיר זיינען אייך זעהר דאנקבאר.
זי איז אוועק און מען האט אויף איהר געווארט מיט'ן עסען.

יעדער איינציגער האט בעדויערט, וואס מען האט ניט גערופען איהם אנשטאט די בייזע, היציגע מיידעל און האט אין די געדאנקען פארבערייטעט פערשיעדענע העפליכקייטען, אין פאל מען וועט איהם רופען.

אבער אין צעהן מינוטען ארום איז זי צוריקגעקומען אהן אן אטהעם, פערצווייפעלט, מיט א צופלאממטען פנים און האט גע־שטאמעלט:

— אזא לומפ! אזא לומפ!

אלע האבען געוואלט וויסען, וואס עס איז געשעהן, אבער זי האט ניט געענטפערט. און ווען דער גראף איז צו איהר צוגע־שטאנען, האט זי געזאגט מיט ווירדע.

— דאס געהט אייך גאר נישט אן. איך קען עס אייך ניט זאגען.

דאן האט מען זיך געזעצט ארום א גרויסע שיסעל זופ, פון וועלכער עס האט זיך געטראגען דער גערוך פון קרויט. ניט קוק־קענדיג אויף דער אונרוהיגקייט, איז דער מאהלצייט געווען א פרעה־ליכער. דער עפעל־וויין איז געווען גוט. און דאס פאאר פאלק לואזאָ און די נאנעם האבען קיין אנדערען ניט געטרונקען אויס שפארזאמקייט. די איבעריגע האבען בעשטעלט בעסערען וויין, קארניודע האט געארדערט ביער. ער האט געהאט א גאנץ בעזונדערען אופן צו עפענען די פלעשער און צו לאזען שוימען די פליסיגקייט. ווען ער האט געטרונקען, האט זיין מעכטיגע בארד וועלכע האט געהאט די אייגענע פארב ווי זיין געליעבטער גע־טראנק, עפעס אזוי ווי געציטערט פאר פערגעניגען. ער האט פערזשמורעט די אויגען, כדי וואס בעסער צו זעהן זיין באקאל און ער האט אויסגעקוקט, אזוי ווי ער וואלט ערפילט די וויכטיגסטע ארבייט, צוליעב וועלכער ער איז געבארען געווארען. מען האט געקענט זאגען, אז אין זיין נשמה האבען געלעבט און זיך פער־בונדען צוויי גרויסע ליידענשאפטען, וועלכע האבען אויסגעפילט זיין גאנץ לעבען: ביער און די רעוואלוציאן; ער האט בשום

אופן נישט געקענט טרינקען די ערשטע, ניט טראכטענדיג דערביי וועגען דאס צווייטע.

הערר און פרוי פאלאנווי האבען געגעסען אויפ'ן סאמע ברעג פון'ם טיש. דער מאן האט געכריפעט ווי א צובראכענער לאקאמאטיוו. ער האט בעת'ן עסען ניט געקענט ריידען א ווארט, ווייל זיין ברוסט איז געווען צופיעל פערלעגט, אבער די וויב זיינע האט גערעדט אהן אויפהער. זי האט גענומען דערצעהלען איהרע איינדריקע וועגען דעם ארייינרייסען זיך פון די פרייסען, וועגען דעם וואס זיי האבען געטהאן, וואס זיי האבען גערעדט, האט זיי געשאלטען מיט טויטע קללות, מעהר פאר אלץ דערפאר, וואס זיי האבען איהר געקאסט געלד און דערנאך ווייל צוויי זיהן איהרע זיינען געווען אין דער ארמעע. זי האט זיך געווענדעט הויפטזעכליך צו דער גרעפין, צופריעדען און שטאלץ, וואס זי קען ריידען מיט אזא וויכטיגע דאמע.

דאן האט זי מיט א ניעדריגען קול דערצעהלט געוויסע פיקאנטע איינצעלהייטען און איהר מאן האט איהר די רייד פון צייט צו צייט איבערגעשלאגען און געזאגט:

— דו וואלסט בעסער געשוויגען, מאדאם פאלאנווי.

אבער זי האט איהם ניט געהערט און ווייטער גערעדט:

— יא, מאדאם, די פרייסען עסען נור געבראטענע חזיר און קארטאפעל, קארטאפעל און חזיר בראטען. און איהר זאלט נור ניט מיינען, אז זיי זיינען ריינליך, עס הויבט זיך גאר נישט אן. האט קיין פאראיבעל נישט, אבער זיי פערשמוצען אלצדינג ארום. היינט האט איהר געדארפט זעהן ווי זיי מושטירען זיך. שטונדען לאנג, טעג נאכאנאנד, מושטשירען זיך! קומען זיך צוזאמען אויף א פעלד און עס הויבט זיך אן: פארוועוטס! צוריק! אהין! אהער! זיי וואלטען בעסער בעארבייט דאס פעלד, געבויט וועגען ביי זיך אין דער היים. אבער ניין, דאס ניט. איך זאג אייך, מאדאם, דאס מיליטער טויג צו קיין זאך ניט און דאס ארימע פאלק מוז נאך די סאלדאטען קארמענען, כדי זיי זאלען זיך לערנען טויטען

מענשען. איך בין ניט מעהר ווי אן אלטע פרוי אהן בילדונג, אבער ווען איך זעה, ווי זיי מאכען פון זיך א תל, לויפען ארום אויף איין פלאץ פון פריה ביז דער נאכט, דאן שטעלט זיך מיר די פראגע: עס זיינען דאך דא אזוי פיעל מענשען, וואס מאכען ענטדעקונגען, כדי צו ברענגען דער וועלט נוצען, מוזען דען אנדערע זיך אזוי פיעל מאטערען, כדי צו ברייינגען שאדען? איז עס דען ניט א געמיינ־הייט צו דערשיסען מענשען ווער זיי זאלען ניט זיין, צי פרייסען, צי ענגלענדער, פאליאקען אדער פראנצויזען? ווען מען נעהמט נקמה אן אימיצען, וועלכער האט אונז שלעכטס געטהאן, איז עס אן אונרעכט און מען ווערט דערפאר בעשטראפט. אבער ווען מען הרג'עט אוים אונזערע יונגע זיהן מיט געוועהר, ווי א האז אויפ'ן פעלד, דאן איז עס א גרויסער פערדיענסט, ווייל דער וואס צו־שיסט און דער'הרג'עט אם מייסטען, קריגט דאך נאך דערפאר אן ארדען! ניין, איך זאג אייך, איך וועל דאס אין מיין לעבען ניט פערשטעהן!

קארניורע האט געזאגט מיט א הויך קול:

— קריעג איז בארבעריי, ווען מען בעפאלט א פריעדליכען שכן, אבער עס איז א הייליגע פפליכט, ווען מען פערטהיידיגט דאס פאטערלאנד.

די אלטע פרוי האט אראפגעלאזט די קאפ:

— יא, ווען מען פערטהיידיגט זיך, איז עטוואס אנדערש. אבער וואלט דען ניט געווען בעסער צו טויטען אלע קעניגע, וועלכע רופען ארוים די הריגות פאר זייער אייגענעם פערגעניגען וועגען?

קארניודע'ס אויגען האבען א בליץ געטהאן.

— בראוואו געגאסין! — האט ער אויסגערופען.

הערר קאררא לאמאדאן האט זיך טיעף פערטראכט. די רייד פון דער דאזיגער פראסטער פויערטע האט איהם געצוואונגען א טראכט צו טהאן וועגען דעם רייכטהום, וואס די ריעזיגע ארמעע פון סאלדאטען וואלט געקענט בעשאפען, ווען מען וואלט זי בע־נוצט צו בויען און שאפען אנשטאדט אויף חרוב צו מאכען.

אבער לואזא איז אויפגעשטאנען און האט שטיל גענומען ריידען מיט'ן בעל הבית. דער דיקער האט געלאכט, געהוסט, גע־כראקעט, זיין גרויסער בויך האט זיך ביי איהם געטרייסעלט פאר פערגעניגען פון זיין שכנ'ס גלייכווערטלאך, און ער האט ביי איהם געקויפט זעקס האלב־עמערדיגע פעסלאך בארדא־וויין פאר פריה־לינג, ווען די פרייסען וועלען אוועק.

נאכ'ן סאפעך האבען זיי זיך געלעגט שלאפען, אהן כחות פאר מיעדקייט.

נור איין לואזא האט זיך שלאפען ניט געלעגט. ער האט פריהער עפעס בעמערקט. האט ער אוועקגעשיקט זיין פרוי שלא־פען און אליין האט ער זיך געשטעלט הינטער דער טהיר, אריינגע־קוקט דא מיט אן אויג אין שליסעל־לאך און דא צוגעלעגט דעם אויער צו דער טהיר, האט געוואלט אליין דערגעהן דאס, וואס ער האט גערופען: „די געהיימנים פון קארידאר“.

אן ערך אין א שעה ארום האט ער דערהערט א שארשקען, ער האט גלייך א קוק געטהאן און האט בעמערקט די גראבינקע, וועלכע האט אויסגעזעהן נאך דיקער אין איהר בלויען קאשעמירענעם פע־ניואר מיט ווייסע שפיצען, זי האט געהאלטען א ליכט אין דער האנד און איז געגאנגען אין דער ריכטונג צו דער גלעזערנער טהיר אויפ'ן עק פון'ם קארידאר. מיט אמאל האט זיך א דערבייאיגע טהיר געעפענט און אין עטליכע מינוטען שפעטער, ווען די גראבינקע איז געגאנגען צוריק, איז איהר נאכגעגאנגען קארניודע אהן א ראק און וועסט. זיי האבען שטיל גערעדט און דערנאך זיינען זיי שטעהן געבליבען. די גראבינקע האט ענערגיש פערטהיידיגט דעם אריינ־גאנג אין איהר צימער, צום אונגליק האט לואזא ניט געהערט קיין ווערטער, ווען זיי האבען העכער גענומען ריידען, האט ער געכאפט עטליכע פראזען. קארניודע האט מיט היץ צו איהר געזאגט:

— הערט נור, איהר זייט נאריש, וואס לאזט איהר זיך בעטען?

זי האט זיך אפנים בעליידיגט און געענטפערט:

— ניין, ניין טהייערער, עס זיינען פאראן צייטען, ווען אזוינע

זאכען טאר מען ניט טהאן, בפרט נאך דא וואלט עס זיכער געווען א שאנדע!

ער האט, וואהרשיינליך, ניט פערשטאנען, וואס זי מיינט, און געפרעגט, פאר וואס. דאן האט זי זיך אנגעצונדען און כמעט ארויסגעשריען:

— פארוואס? אליין פערשטעהסט איהר דען ניט פארוואס? ווייל אין הויז געפינען זיך פרייסען, אפשר אין יענעם צימער.

ער האט דאן מעהר ניט גערעדט. דער דאזיגער פאטריאטי־שער בושה־נפיהל פון דער פראסטיטוטקע האט אויך אין זיין האר־צען ערוועקט די ווירדע. ער האט זי א קוש געטהאן און פער'גנב'עט זיך צוריקגעקעהרט אין זיין צימער.

לואזא איז אויפגערעגט געווארען, אוועקגעלאפען פון דער טהיר, האט ארויפגעכאפט אויף זיך זיין נאכט מיצעל, אויפגעהויבען די דעקע, אונטער וועלכער זיין דיקע פרוי איז געלעגען, אויפ־געוועקט זי מיט א קוש און ארויסגעפליסטערט:

— האסט מיך עפעס ליעב, הארץ מיינס?

דאן איז דאס גאנצע הויז פערזונקען געווארען אין א טיעפען שווייגען.

נור באלד האט זיך דערהערט פון ערגעץ, אפשר פון דער שיילקע און אפשר פון'ם קעלער, א מעכטיגער כראפען, איינטאניג, רעגעלמעסיג, א דומפפער, אויסגעצויגנער גערויש, ווי דאס ציטע־רען פון קעסעל אונטער דאמפף. הערר פאלאנווי האט געשלאפען.

אזוי ווי עס איז בעשלאסען געווען צו פאהרען אום אכט אין דער פריה, האבען זיך אלע אין דיעזער צייט פערזאמעלט אין דער קיך. אבער דער דיליזשאנס, וואס זיין דעק איז פערשאטען געווען מיט שנעע, איז געשטאנען אין מיטען הויף אהן פערד און אהן דעם קוטשער.

## די גראבינקע.

אומזיסט האט מען איהם געזוכט אין שטאל און אין שייער. דאן האבען די מענער בעשלאסען צו בעקוקען די געגענד און זיי־נען אוועק. זיי זיינען צוגעגאנגען צום מארק פלאטץ מיט דער קירכע אין הינטער־גרונד און צוויי רייהען קליינע הייזלאך פוןביידע זייטען, וואו עס האבען זיך געזעהן פרייסישע סאלדאטען: דער ערשטער סאלדאט, וועמען זיי האבען דערזעהן, האט געשיילט קארטאפעל, א צווייטער אביסעל ווייטער האט גערייניגט די קראם פון א בארבער, א דריטער, בעוואקסען מיט האאר ביז די אויגען, האט ארומגענומען א קליין וויינענדיג קינד, עס געוויגט אויף זיינע קניע און געזוכט צו בערוהיגען. און דיקע פויערשע ווייבער, וואס זייערע מענער זיינען אויפ'ן שלאכט פעלד אוועק, האבען מיט די פרייסישע סאלדאטען גערעדט אויף שטום לשון, זיי מיט פערשיע־דענע צייכענס געגעבען צו פארשטעהן, וואס פאר אן ארבייט צו טהאן: האקען האלץ, קאכען זופ, מאהלען קאפע. איינער פון זיי האט אפילו געוואשען וועש פאר די בעל־הבית'טע, וואו ער איז איינ־געשטאנען.

דער גראף איז געווען ערשטוינט און, דערזעהענדיג דעם קיר־כען־וועכטער, ארויסגעהענדיג פון פריסטער'ס הויז, האט ער איהם גענומען אויספרעגען. דער אלטער וועכטער האט געענטפערט.

— אך, די דאזיגע פרייסען זיינען גאר ניט קיין שלעכטע מענ־שען, מען זאגט, אז זיי זיינען גאר ניט קיין פרייסען. זיי קומען פון ערגעץ גאנץ ווייט; איך וויים ניט גענוי פון וואנען; זיי אלע האבען איבערגעלאזט אין דער היים א ווייב און קינדער: די מלחמה אינטערעסירט זיי גאר ניט, זי ליגט זיי אפילו אין'ם זינען ניט. איך בין זיכער אז דארט ביי זיי אין דער היים וויינט מען און מען קלאגט נאך די מענער פונקט אזוי ווי ביי אונז; און די אייגענע ארימקייט הערשט דארט ווי ביי אונז. דא איז נאך

איצט ניט אזא אונגליק, ווייל זיי טהוען ניט קיין שלעכטס און ארבייטען פונקט ווי ביי זיך אין דער היים. איהר זעהט, מיין הערר, ארימע לייט העלפען זיך איינער דעם אנדערען... מלחמה פיהרען די גרויסע לייט.

קארניודע איז געווען אויסער זיך פאר וואס די בעזיעגטע און די זיעגער לעבען אזוי גוט צווישען זיך און ער איז אוועק אין שענק אריין.

— לואזא האט געזאגט לאכענדיג:

— זיי ברענגען דא אריין א ניי־לעבען.

הערר קארא לאמאדאן האט געזאגט ערנסט:

— זיי זוכען צו פערניכטען זייער אונרעכט.

אבער דעם קוטשער האבען זיי ניט געקענט געפינען. צום סוף האט מען איהם געפונען אין'ם דארפישען קאפע־הויז, פער־ברעגנגענדיג פריינדליך מיט דעם אפיצער'ס דיענער. דער גראף האט געפרעגט:

— האט מען אייך דען ניט בעפוילען איינצושפאנען אכט א זייגער?

— יא, אבער דערנאך האב איך בעקומען אן אנדער בעפעהל.

— וועלכען?

— אין גאנצען ניט איינצושפאנען.

— פון וועמען?

— פון דעם פרייסישען אפיצער.

— ווארום?

— איך ווייסט ניט, פרעגט איהם אליין. מען האט מיר פער־באטען איינצושפאנען, שפאן איך ניט. וואס בין איך שולדיג?

— האט ער אייך אליין געזאגט?

— ניין, מיין הערר, ער האט עס מיך געלאזט זאגען דורך דעם בעל הבית.

— ווען?

— געכטען ביי־נאכט ווען איך בין געגאנגען שלאפען.

די דריי מענער האבען זיך אומגעקעהרט אהיים זעהר אונ־רוהיג. מען האט געפרעגט אויף הערר פאלאנווי, אבער די קעל־נערין האט געענטפערט:

דער בעל הבית שטעהט קיין מאל ניט אויף פאר צעהן אזייגער צוליעב זיין אסטמא. ער האט שטרענג פערבאטען איהם פריהער אויפצואוועקען, סיידען ווען עס ברענט.

זיי האבען געוואלט ריידען מיט דעם אפיצער. אבער דאס איז געווען אונמעגליך, הגם געוואהנט אין דעם זעלביגען האטעל, האט ער צו זיך קיינעם ניט צוגעלאזען אויסער הערר פאלאנווי.

זיי זיינען געווען געצוואונגען צו ווארטען. די פרויען זיינען צוריק אוועק אין זייערע צימערען און האבען זיך פערנומען מיט פערשיעדענע נארישקייטען.

קארגיודע האט זיך צוגערוקט צו דעם גרויסען אויווען אין דער קיך, וואו עס האט געברענט א ריעזיגער פייער. ער האט זיך געלאזט ברייננען אהין א קליין טישעל מיט א גלאז ביער און האט גערויכערט זיין פיפקע, וועלכע איז ביי די דעמאקראטען געווען במעט אזוי בעריהמט ווי ער אליין, עפעס אזוי ווי זי וואלט געדיענט דעם פאטערלאנד, דינענדיג איהם, קארגיודע'ן. דאס איז געווען א פראכטפאלע פיפקע פון ים־שוים געמאכט, מאדנע פעררויכערט, שווארץ ווי די צייהן פון איהר בעל הבית, אבער שמעקעדיג, אויסגעבויגען, גלאנציג און עפעס אזוי ווי צוגעפאסט צו זיין גאנ־צען אויסזעהן. ער איז געזעסען אונבעוועגליך, מיט די אויגען גע־ריכטעט דא אויף דעם פייער אין'ם אויווען און דא אויף דעם שוים פון זיין ביער; און נאך יעדען זופ, אפלעקענדיג די שוים פון די וואנצעס, האט ער מיט א צופריעדענער מינע א פיהר געטהאן זיינע לאנגע, דארע פינגער איבער די לאנגע, פעטע האאר.

לואזא איז אוועק, בלומרשט אום צו מאכען אביסעל בעוועגונג. אין דער אמת'ן אבער כדי צו מאכען געשעפט מיט די דאר־

טיגע שענקער און זיי פערקויפען וויין. דער גראף און דער פאב־ריקאנט האבען גערעדט איבער פאליטיק. זיי האבען פאראויס־געזאגט פראנקרייך'ס צוקונפט. דער ערשטער האט געגלויבט אין ארלעאנס, דער צווייטער אין אן אונבעקאנטען רעטער, א העלד, וועלכער וועט זיך בעווייזען ווען אלע וועלען זיין פערצווייפעלט: א זשאננא ד'ארק אדער אפשר גאר א צווייטער נאפאלעאן! אך, ווען דער קייזערליכער פרינץ וואלט ניט געווען אזוי יונג! קארניודע האט זיך צוגעהערט צו זייער געשפרעך מיט א שמייכעל, וועלכער ווייס געניי, וואס שפעטער וועט זיין. דער רויך פון זיין פיפקע האט אנגעפיהלט די גאנצע קיך.

ווען עס האט געשלאגען צעהן אזייגער האט זיך דער גראף גלייך א ווארף געטהאן צו הערר פאלאנווי מיט פראגעס, אבער ער האט נור עטליכע מאל איבער'גע'חזר'ט די אייגענע ווערטער:

— דער אפיצער האט מיר געזאגט אט וואס: — „הערר פאלאנווי, איהר וועט פערבאטען, אז מען זאל מארגען אין דער פריה איינשפאנען דעם דיליזשאנס פאר די רייזענדע. איך וויל ניט אז זיי זאלען אוועקפאהרען אהן מיין בעפעהל".

איצט האבען זיי געוואלטריידען מיט'ן אפיצער. דער גראף האט איהם געשיקט זיין קארטע, אויף וועלכער הערר קאררע־לא־מאראן האט אנגעשריעבען זיין נאמען מיט אלע זיינע טיטולען. דער פריים האט זיי געלאזט ענטפערען, אז ער וועט מיט זיי ביידען רעדען נאך פריהשטיק, דאס הייסט נאך איינס אזייגער.

די פרויען זיינען ווידער ארונטערגעגאנגען און מען האט עטוואס געגעסען טראץ דער אויפרעגונג.

די גראבינקע האט אויסגעזעהן קראנק און זעהר צוטראגען.

מען האט געהאלטען אין טרינקען קאפע, ווען דעם אפיצערס דיענער איז געקומען נאך די הערען.

לואזא איז אויך מיטגעגאנגען. אבער ווען זיי האבען גע־פרופט רופען מיט זיך קארניודע, כדי אז זייער גאנג זאל אויס־זעהן מעהר פייערליך, האט זיך יענער שטאלץ אבגעזאגט און ער־

קלעהרט, אז ער וויל ניט האבען מיט די דייטשען קיין שום מגע ומשא; ער איז געבליעבען זיצען נעבען אייווען און זיך געלאזט דערלאנגען נאך א גלאז ביער.

די דריי הערען זיינען ארויף אויבען און זיינען אריין אין דעם שעהנסטען צימער פון דעם האטעל, וואו דער אפיצער האט זיי אויפגענומען. ער איז געלעגען אין א פאטעל, מיט די פיס אויף דעם קאמין, האט גערויכערט א לאנגע פארצעלייענע פיפקע און איז געווען איינגעוויקעלט אין א געל־פארביגען שלאף־ראק, וועלכען ער האט הפנים צוגענומען אין א פערלאזענעם הויז ביי א מאן מיט א שלעכטען געשמאק. ער האט זיך ניט אויפגעהויבען, האט זיי ניט בעגריסט, האט אויף זיי אפילו ניט א קוק געטהאן. ער האט מיט זיך פארגעשטעלט אן אויסגעצייכענטען מוסטער פון גראב־קייט, וואס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר די זיעגערישע סאל־דאטען אין מלחמה.

צום סוף, אין א פאר מינוט ארום, האט ער געפרעגט.

— וואס פערלאנגט איהר?

דער גראף האט געענטפערט:

— מיר וואלטען וועלען פאהרען ווייטער, מיין הערר.

— ניין.

— דארף איך זיך ערלויבען פרעגען פארוואס ניט?

— ווייל איך וויל ניט.

— איך ערלויב מיר אייך העפליך צו בעמערקען, אז אייער קאמאנדירענדער גענעראל האט אונז געגעבען די ערלויבנים צו פאהרען קיין דיעפפ; און איך דענק, אז מיר האבען גאר נישט געטהאן, פארוואס מיר זאלען פארדיענען אזא שטרענגקייט.

— איך וויל ניט. דאס איז אלעס... איהר קענט געהן.

אלע דריי האבען זיך פערנייגט און זיינען אוועק.

דער נאכמיטאג איז געווען זעהר א טרויעריגער. קיינער האט נישט פערשטאנען דעם דייטש'ס קאפריזען און פערשיעדענע גע־דאנקען האבען אלעמען בעאונרוהיגט. זיי זיינען אלע געבליבען

זיצען אין דער קיך און האבען ניט אויפגעהערט זיך איינצורעדען די אונמעגליכסטע זאכען. אפשר האט מען זיי דא געוואלט פער־האלטען אלס א משכן, אבער צו וואס פאר א צוועק? אדער גאר אפשר זיי נעהמען געפאנגען און דערנאך פאדערען פאר זיי א סך אויסלייז־געלד? ביי דעם דאזיגען געדאנק איז אויף אלעמען אנ־געפאלען א שרעקליכע מורא. די רייכסטע פון זיי האבען זיך מעהר פאר אלעמען געשראקען און זיי האבען שוין געזעהן אין די געדאנקען, ווי מען צווינגט זיי אבצוגעבען פולע זעק מיט גאלד, כדי אויסצוקויפען זייערע לעבענס פון די הענד פון׳ם פרעכען סאלדאט. זיי האבען זיך געבראכען די קעפ, כדי אויסצוטראכטען עפעס א ליעגען, ווי צו בעהאלטען זייערע רייכטהימער און זיך ארויסגעבען פאר ארימע לייט, פאר פשוט׳ע אביונים. לואזא האט ארונטערגע־נומען דאס קייטעל פון זיין זייגער און עס בעהאלטען אין קעשענע.

די נאכט איז צונעפאלען און נאך פארגרעסערט זייער שרעק. מען האט אנגעצונדען א לאמפ און אזוי ווי עס איז געווען נאך צוויי שעה ביז צום עסען, האט מאדאם לואזא פארגעשלאגען צו שפיעלען א וויילע אין קארטען. דאס וועט זיין א גוטער צייט־פערטרייב.

אלע האבען צוגעשטימט. אפילו קארניודע האט אויך אנטהייל גענומען און פון העפליכקייט וועגען האט ער אויסגעלאשען זיין פיפקע.

דער גראף האט אויסגעטאשט די קארטען און זיי צוטהיילט, די גראבינקע האט גלייך אויף אמאל געהאט איין און דרייסיג, און גלייך האט דער אינטערעס צום שפיעלען בערוהיגט די מורא, וואס איז פול געווען אין אלע מוחות. אבער קארניודע האט בעמערקט אז לואזא און זיין פרוי מאכען קונקעל מונקעל.

ווען מען האט זיך געוואלט זעצען ביים טיש, איז געקומען הערר פאלאנווי און האט געזאגט מיט זיין פערשטיקטען קול:

— דער פרייסישער אפיצער לאזט פרעגען פרייליין עליזאבעטה רוססע, אויב זי האט נאך גיט געענדערט איהר מיינונג.

די גראבינקע האט זיך אויפגעהויבען א טוידט־בלייכע, דאן איז זי פלוצלינג געווארען רויט ווי פייער און עס איז אויף איהר אנגעפאלען אזא כעס, דאס זי האט ניט געקענט ארויסברענגען קיין ווארט. צום סוף האט זי ארויסגעפלאצט:

— זאגט דעם דאזיגען לומפ, דעם פרעסער, דעם שטיק נבזה, דעם פרייסישען חזיר, אז איך וועל קיינמאל ניט איינוויליגען. איהר הערט, קיין מאל ניט, קיין מאל ניט, קיין מאל ניט!

דער דיקער בעל הבית איז ארויס. דאן האבען אלע ארומגע־רינגעלט די גראבינקע פון אלע זייטען, זי אויסגעפרעגט, זי בעפאַ־לען, זיך געבעטען זי זאל זיי זאגען, וואס מען וויל פון איהר. צוערשט האט זי נישט געוואלט, אבער דער כעס האט אין איהר גע־קאכט און צום סוף האט זי מעהר ניט געקענט איינהאלטען:

— וואס ער וויל? וואס ער וויל? ער וויל מיט מיר שלאפען!... — האט זי אויסגעשריען. קיינעם האט דאס ווארט ניט בעליידיגט, אזוי שטארק איז געווען איהר עמפערונג. קארניודע האט א שמייץ געטהאן זיין גלאז אן טיש און עס צובראכען. עס האט זיך אויפגעהויבען אן אלגעמיינער שטורם פון פראטעסט אנטקעגען דעם דאזיגען גראבען סאלדאט און אלע האבען זיך עפעס אזוי ווי פעראייניגט אין ווידערשטאנד, ווי מען וואלט פון יעדען איינעם פון זיי פערלאנגט א טהייל פון אפפער... דער גראף האט ערקלעהרט מיט עקעל, אז די דאזיגע לייט פיהרען זיך אויף, ווי די אמאליגע בארבארען. בעזונדערס האבען די פרויען זיך בעמיהט ארויסצו־ווייזען דער גראבינקער זייער מיטגעפיהל. די נאנעס, וועלכע זיינען ארונטערגעקומען צו די מאהלצייטען, האבען ארונטערגע־לאזט זייערע קעפ און געשוויגען.

דאך, ווען דער ערשטער כעס איז אריבער האט מען זיך גע־זעצט עסען; אבער מען האט גערעדט ווייניג, יעדערער איז גע־ווען פערטהאן אין זיינע געדאנקען.

די פרויען זיינען פריה אוועק אין זייערע צימערען, און די מענער מיט די סיגארען און פיפקעס אין מויל האבען זיך געזעצט

שפּילען אין קאַרטען. דערצו האָט מען איינגעלאַדען הערר פּאַ־לאַנווי, ווייל מען האָט אין'ם זינען געהאַט בעת'ן שפּיעלען איהם אויסצופרעגען און דערגעהן ביי איהם וואָס פאַר אַ מיטלען אַנ־צואווענדען, כדי דעם אַפּיצערס ווידערשטאַנד צו צוברעכען. אָבער ער האָט געטראַכט בלויז וועגען זיינע קאַרטען, האָט ניט געהערט וואָס מען רעדט צו איהם, ניט געענטפערט צו דער זאַך און נאַכאַ־נאַנד ווידערהאָלט:

— שפּיעלט מיינע הערען, שפּיעלט! גיט קאַרטען מיינע הערען! גיט קאַרטען!

ער איז געווען אַזוי אַריינגעטהאָן אין שפּיעלען אַז ער האָט אפילו פערגעסען אויסצושפּייען און עס האָט ביי איהם אין'ם האַלז געאַרבייט ווי אַ שפּיעל־קאַסטען. זיינע פּייפענדיגע לונגען האָבען געגעבען אַ פולען קאָנצערט פון אַסטמאַ, פון די ניעדעריגע אין טיעפע נאָטען ביז די הויכע, הייזעריגע געשרייען פון אַ יונג האָהן, וועלכער וויל קרעהען...

ווען זיין טויט־מיעדע פרוי איז איהם געקומען רופען, האָט ער זיך ענטזאַגט צו געהן אין בעט. זי איז אוועק אַליין בורטשענדיג, אַז זי מוז אויפשטעהן פאַרטאָג און איהר מאַן קען זיך פערברענגען גאַנצע נעכט מיט גוטע ברידער. ער האָט אַ געשריי געטהאָן צו איהר:

— „וואָרעם מיר אַן אַ גאָגעל־מאָגעל" און האָט זיך ווידער גענומען צו די קאַרטען. ווען מען האָט דערזעהן אַז מען קען פון איהם גאָר נישט דערגעהן, האָט מען ערקלעהרט, אַז עס איז צייט צו געהן שלאָפען און אַלע זיינען זיך צוגאַנגען אין זייערע צימערען.

אויף מאָרגען זיינען אַלע אויפגעשטאַנען גאַנץ פריה מיט אַן אונבעשטימטער האָפנונג און אַ שטאַרקען פערלאַנג אָבצופּאַט־רען. זיי האָט געשווידערט ביים געדאַנק צו פערברענגען נאָך אַ טאָג אין דעם דאָזיגען שרעקליכען שענק.

אָבער וועה און ביטער איז זיי געווען אויפ'ן האַרצען, ווען זיי האָבען דערזעהן די פערד שטעהענדיג אין'ם שטאַל און דער קוטשער

האט זיך גאר נישט געוויזען. אזוי ווי זיי האבען גאר נישט געהאט וואס צו טהאן, זיינען זיי א ווײלע ארומגעלאפען ארום דעם דיליזשאנס.

דער פריהשטאק איז פאראיבער זעהר טרויעריג: און אנטקעגען דער גראבינקער האט זיך דערפיהלט עפעס א קאלטקייט, ווייל איבער נאכט, ווען זיי האבען אלעס גוט ארומגעטראכט האבען זיי געענדערט זייער מיינונג. איצט זיינען זיי כמעט אין כעס געווען אויף דער מיידעל, פארוואס זי איז ניט אוועק שטילערהייט צום פּריים אום איהרע מיטרייזענדע ביי זייער ערוואכונג צו מאכען אן אנגענעהמען סורפּריז. דאס וואלט דאך געווען אזוי איינפאך און קיינער וואלט עס אפילו ניט בעמערקט. זי האט זאגער געקענט איינהאלטען איהר כלומר'דיגען שטאלץ זאגענדיג דעם אפּיצער, אז זי טהוט עס אוים מיטלייד צו די איבריגע. פאר איהר איז עס דאך א גאנץ איינפאכע זאך.

אבער דאך האט נאך קיינער ניט געוואגט זיינע געדאנקען ארויסצוזאגען.

נאך'ן פריהשטאק, ווען אלע זיינען געשטארבען פאר לאנגווײליגקייט, האט דער גראף פארגעשלאגען צו מאכען א שפאציער אין דער אומגעגענד פון דעם שטעדטעל. אלע האבען זיך גוט איינגעוויקעלט און זיינען אוועק אויסער קארניודע, וועלכער האט בעסער געוואלט פערבלייבען נעבען ווארימען אויוועז און די נאנעס, וועלכע האבען פערבראכט זייערע טעג אין קירכע אדער ביים פּריסטער.

דער פראסט, וועלכער איז וואס א טאג אלץ שטארקער געווארען, האט געשטאכען אין נאז און אין די אויערען; די פיס האבען אזוי געפרארען, דאס יעדער טריט האט פערשאפט יסורים; און ווען פאר זייערע אויגען האבען זיך אויסגעשפרייט די פעלדער, האבען זיי אויסגעזעהן אזוי טרויעריג אונטער דער אונענדליכער ווייסער דעקע, אז אלע שפאציער-געהער האבען זיך גלייך אומ־

געקעהרט צוריק מיט א פערפראַרענער נשמה און א פערקלעמטען הארצען.

די פיער פרויען זיינען געגאנגען פאראויס, די דריי מענער אביסעל ווייטער הינטער זיי.

פלוצלינג האט לואזא געפרעגט, אויב דאס דאזיגע מיידעל דענקט זיי נאך לאנג צו פערהאַלטען אין דעם פערפלוכטען שטעדטעל. דער גראף, וועלכער איז אימער געווען העפליך, האט געזאגט אז אזא אפפער קען מען פון קיין מיידעל ניט פערלאנגען, זי מוז עס אליין מיט איהר אייגענעם ווילען ברייגנען. הערר קאררע־לאַמאדאן האט בעמערקט אז אויב די פראנצויזען וועלען מארשירען דורך דיעפפ, ווי מען האט געפלאנעוועט, וועט דער צוזאמענשטויס קומען אין טאטעס. די דאזיגע באמערקונג האט אויף די צוויי אנדערע מענער ארויפגעווארפען א מורא.

— טאמער וואלטען מיר זיך געראטעוועט צו פוס? — האט געזאגט לואזא.

דער גראף האט א דריק געטהאן מיט די אקסלען:

— ווי קענט איהר אפילו טראכטען וועגען דעם? אין אזא שנעע? און מיט אונזערע פרויען? און דערצו וועט מען דאך אונז גלייך פערפאלגען, מען וועט אונז כאפען און צוריקברייגנען אלס געפאנגענע. דאן וועלען מיר אין גאנצען אבהענגען פון דעם סאלדאטסקען יושר.

ער איז געווען גערעכט און אלע זיינען אנשווייגען געווארען.

די פרויען האבען גערעדט פון קליידער. אבער זיי זיינען אלע געווען שלעכט אויפגעלעגט און אין זייער געשפרעך האט זיך געפיהלט א געצוואונגענהייט.

פלוצים האט זיך אויף דעם אנדערען עק גאס בעוויזען דער אפיצער. אויף דעם שנעע האט זיך אבגעצייכענט זיין הויכע עזעלשע פיגור אין דער יוניפארם. ער איז געגאנגען, אויסשפרייטענדיג די קניע מיט יענעם בעזונדערען גאנג פון א מיליטער־מאן, וועלכער

היט זיינע שעהן־אויסעפּוצטע שטיוועל זיי זאָלען זיך ניט איינ־שמוצען.

ער האט זיך פערבייגעהענדיג פערנייגט פאר די פרויען און א קוק געטהאן אויף די מענער מיט פעראכטונג. יענע זיינען געווען געננוג שטאָלץ, אום ניט ארונטערצונעהמען פאר איהם זייערע היטלען, הגם לואזא האט שוין אפילו געווען געמאכט א בעוועגונג עס צו טהאָן.

די גראבינקע איז רויט געוואָרען ביז איבער די אויערען, און די דריי פערהייראטע פרויען האבען וויעדער דערפיהלט א גרויסע ערניעדערונג, פאר וואס דער סאָלדאט האט זיי געטראָפען צוזאמען מיט דער מיידעל, וועלכע ער האט בעהאנדעלט אזוי פרעך.

דאן האט מען גענומען ריידען פון איהם, פון זיין האַלטונג, פון זיין פּנים. פרוי קאררע־לאמאדאן, וועלכע האט געקענט א סך אפיצערען און האט זיי געאורטהיילט מיט דער מינע פון א קענערקע, האט איהם געפונען פאר א גאנץ שעהנעם יונג, זי האט זאגאר בעדויערט, וואס ער איז ניט קיין פראנצויז; פון איהם וואלט ארויסגעקומען אן אויסגעצייכענער הוסאר, נאך וועלכען אלע פרויען וואָלטען נאכגעלאָפען.

ווען זיי זיינען צוריק אהיים געקומען, האבען זיי ניט געוואוסט וואס מען הויבט אן צו טהאָן. איבער קלייניגקייטען זיינען צווישען זיי געפאַלען עטליכע שטעך־ווערטלאך. דאס עסען איז אוועק שטיל און באַלד נאָכדעם זיינען זיי אלע געגאנגען צום בעט מיט דער האָפ־נונג איינצושלאפען און ניט פיהלען ווי די צייט שלעפּט זיך.

דעם נעקסטען פריהמארגען זיינען אלע ארונטערגעקומען מיט מיעדע פּנים'ער און פערצווייפלונג אין הארצען. די פרויען האבען מיט דער גראבינקער א ווארט ניט גערעדט.

די גלאָקען האבען געקלונגען. דאס איז געווען צוליעב א טויפע. די גראבינקע האט געהאט א קינד, וועלכעס האט זיך ערצויגען ביי די פויערים אין איוועטא. זי האט דאס קינד ניט גע־זעהן אפילו איין מאָל א יאהר און האט קיינמאָל ניט געטראכט

וועגען איהם. אבער דער געדאנק אז דעם קינד, וועלכען מען געהט איצט טויפען, האט פלוצים אנגעפיהלט איהר הארץ מיט הייסער ליעבע און צערטליכקייט צו איהר אייגען קינד און עס האט זיך איהר פערוואלט זיין ביי דער הייליגער צערעמאניע.

אזוי שנעל ווי זי איז אוועק, האבען זיך אלע איבערגעקוקט; דאן האט מען צוגערוקט די שטוהלען נעהנטער, ווארים מען האט געפיהלט, אז איצט מוז מען קומען צו עפעס א טאלק.

לואזא איז געפאלען אויף אזא מין פלאן: מען זאל פאר־שלאגען דעם אפיצער, אז מען וועט איהם איבערלאזען די גראבינקע אין גאנצען, נור זיי זאל ער ערלויבען ווייטער צו פאהרען.

הערר פאלאנווי האט זיך אונטערגענומען איבערצוגעבען דעם אפיצער דעם דאזיגען פארשלאג, אבער אין א מינוט ארום איז ער צוריקגעקומען. דער דייטש, וועלכער האט גוט געקענט די מענש־ליכע נאטור, האט איהם געוויזען די טהיר. ער האט געוואלט פערהאלטען אלעמען אזוי לאנג, ביז וואנען זיין וואונש וועט ניט ערפילט ווערען.

דאן האט פרוי לואזא ארויסגעוויזען איהר גראבע נאטור.

— מיר קאנען דאך ניט בלייבען און ווארטען ביז מיר וועלען שטארבען. איינמאל איז די בעשעפטיגונג פון דער ארומשלעפערקע צו האבען צו טהאן מיט אלע מענער, דאן זעה איך ניט איין וואס פאר א רעכט זי האט אבצוזאגען דעם אדער יענעם. האט איהר געזעהן אביסעל! און רואן איז זי געגאנגען מיט יעדען, אפילו מיט א קוטשער איז ביי איהר אויך רעכט געווען. יא, יא, מאדאם, דעם פרעפעקט'ס קוטשער האט מיט איהר צו טהאן געהאט. איך וויים דאס גאנץ בעשטימט... ער קויפט ביי אונז וויין. און היינט, ווען זי קען ארויסשלעפען פון א צרה, מאכט זי אזא אנשטעל, די פאס־קודסטווא. איך דענק, אז דער אפיצער בענעהמט זיך גאנץ אנ־שטענדיג. ער מוז שוין אודאי א צייט לאנג פאסטען און איינע פון אונז דריי וואלט איהם זיכער ליעבער געווען. דאך בענוגענט ער זיך מיט דער גאסען־מיידעל. ער האט דרך ארץ פאר די פערהיי־

ראטע פרויען. מהוט אקארשט א טראכט: ער איז דא דער בעל הבית. ער דארף נאר זאגען „איך וויל" און ער וואלט אונז געקענט נעהמען מיט געוואלד מיט זיינע סאלדאטען.

ביידע פרויען האבען לייכט א ציטער געטהאן. די אויגען פון דער שעהנער פרוי קאררע־לאמאדאן האבען געבליסטשעט, זי איז געווארען בלייך, אזוי ווי זי וואלט שוין געפיהלט ווי דער אפיצער פערגוואלטיגט זי....

די מענער, וועלכע האבען געראוכערט אין א ווינקעל, זיינען ווידער צוגעקומען נעהענטער. לואזא איז געווארען צוקאכט און איז בערייט געווען צו בינדען דער מיידעל הענד און פיס און זי אזוי איבערגעבען דעם שונא. אבער דער גראף, וועלכער האט געשטאמט פון דריי דורות פאליטיקער און איז אליין פון שטענדיג אן געווען א דיפלאמאט, איז געווען דאפיר, אז מען זאל האנדלען פארזיכטיג און קלוג.

— מען מוז איהר איבערצייגען — האט ער געזאגט.

דאן האט מען אבגעהאלטען א געהיימע בעראטהונג.

די פרויען האבען זיך צוגערוקט, מען האט גערעדט אין דער שטיל און יעדער האט ארויסגעזאגט זיין מיינונג. איבריגענס האבען אלע גערעדט זעהר אנשטענדיג. איבערהויפט די פרויען האבען געזוכט די שעהנסטע ווערטער, די צארטסטע אויסדריקע, רייד־ענדיג וועגען ניט קיין גאנץ שעהנע זאכען. א פרעמדער מענש וועלכער וואלט ניט געוואוסט וועגען וואס דא האנדעלט זיך, וואלט ניט פערשטאנען קיין ווארט, אזוי אבגעהיט און פערשטעלט האבען זיי גערעדט. אבער אזוי ווי דער שאם־געפיהל, מיט וועלכען א וועלט־דאמע פערשלייערט זיך, פערשטעלט זי נור פון אויבען, האבען זיי שטארק הנאה געהאט פון דעם דאזיגען געשפרעך. זיי האבען זיך געפיהלט אויף זייער ריכטיגען פלאץ, האבען געפלוידערט פון ליעבע מיט דער אויפרעגונג פון א קעכין א פרעסערין, וועלכע מאכט פאר אנדערע א גוטען מאהלצייט.

די פרעהליכקייט איז פון זיך אליין צוריקגעקומען, אזוי קאמיש און אינטערעסאנט האט זיך זיי ארויסגעוויזען די געשיכטע. דער גראף האט געזאגט א פאאר געפעפערטע וויצען, וועלכע זיינען אבער געווען אזוי גוט, דאס אלע האבען געשמייכעלט. לואזא פון זיין זייט האט אויך געלאזט פאלען עטליכע ציניש׳ע חכמה׳לאך, וועלכע האבען אויך קיינעם ניט בעליידיגט. און דער געדאנק פון זיין פרוי, וועלכען זי האט אויף אזא גראבען אופן אויסגעדריקט, האט איצט אלעמען בעהערשט: איינמאל איז דאס איהר בע־שעפטיגונג, טא פאר וואס זאל זי דעם וועלען און יענעם ניט? די רייצענדע פרוי קאררע־לאמאדאן האט זאגאר געשיינט צו דענקען אז אויף דער קראבינקער׳ס פלאץ וואלט זי פיעלייכט אבגעזאגט וועמען אנדערש, אבער איהם ניט.

לאנג האט מען ארומגעטראכט די בעלאגערונג, ווי עס וואלט זיך געהאנדעלט וועגען איינצונעהמען א פעסטונג. עס איז בעשלא־סען געווארען וואס פאר א ראל יעדער זאל שפיעלען, וועלכע אר־גומענטען צו ברייגען, ווי זיך צו האלטען. מען האט אויסגעאר־בייט א פלאן צו אטאקירען, צו מאכען אן אונערווארטעטען אי־בערפאל און געברויכען אלע מיליטערישע מיטלען, אום צו צווינגען די דאזיגע לעבעדיגע פעסטונג ארייננצולאזען דעם שונא.

איין קארניודע בלויז איז געבליעבען פון ווייטען, ווי עס וואלט גאר זיין עסק ניט געווען.

זיי זיינען אלע אזוי געווען פערטיעפט, דאס זיי האבען גאר ניט בעמערקט, ווי די גראבינקע איז אריין. דער גראף האט שטיל אויסגערעדט „שש“ און אלע האבען אויפגעהויבען די אויגען.

זי איז געקומען. מען איז פלוצים אנשוויגען געווארען און עס האט זיך דערפיהלט עפעס א מין פערלעגענהייט. די גרעפין, מעהר ווי אלע איבריגע געוואהנט צו זיין צוויי פנים־דיג, האט געפרעגט:

— איז עפעס שעהן געווען אויף דער טויף־צערעמאניע?

די גראבינקע איז נאך געווען שטארק בעװעגט און האט אלעם

דערצעהלט. ווי די מענשען האבען אויסגעזעהן, וואס עס איז גע־שעהן, אפילו ווי די קירכע זעהט אויס, דאן האט זי צוגעלייגט:

— עס איז אזוי גוט מאנכעס מאל גאט צו בעטען.

ביז צום פרישטיק האבען זיך די פרויען בענוגענט דערמיט וואס זיי זיינען געווען צו איהר פריינדליך, כדי צו פערגרעסערען איהר צוטרויען צו זיי.

ווי נור מען האט זיך געזעצט צום טיש, אזוי גלייך האט מען זיך צו איהר א נעהם געטהאן פון אלע זייטען. אפריהער האט מען פערפיהרט א געשפרעך וועגען אפפערוויליגקייט אין אלגעמיין.

מען האט געבראכט ביישפיעלע פון דער וועלט: יהודית און אלאפערנוס; דאן גאר אהן שום צוזאמענבונד לוקראציא און סעק־סטוס, קלעאפאטרא, וועלכע האט צוגעלאזען צו איהר בעט געוויסע בעריהמטע פיינדליכע גענעראלען און דערנאך זיי געמאכט פאר איהרע שקלאפען. דאן האט זיך ענטוויקעלט עפעס א פאנטאסטישע געשיכטע, ווי אזוי די רוימישע פרויען האבען איינגעשלעפערט האניבאל'ען אין זייערע ארעמס און צוזאמען מיט איהם זיינע אפי־צערען און סאלדאטען. מען האט אנגערופען אלע פרויען, וועלכע האבען אבגעשטעלט די זיעגער און געמאכט פון זייערע קערפערס א שלאכטפעלד, א מיטעל צו בעהערשען, א שטארקע געוועהר, און האבען מיט זייערע העלדישע לאסקעס בעזיעגט די געהאסטע און העסליכע פיינד.

מען האט אפילו גערעדט, עס פערשטעהט זיך, זעהר פאר־שטעלט, וועגען א געוויסער ענגלענדערקע פון א בעריהמטער פא־מיליע, וועלכע האט מיט איהר אייגענעם ווילען זיך אנגעשטעקט פון א העסליכער און אנשטעקענדער קראנקהייט, כדי זי איבערצו־געבען צו נאפאלעאן'ען, אבער ווי עפעס דורך א נס איז יענער אין דער לעצטער מינוט געראטעוועט געווארען דורך דעם, וואס ער איז פלוצים קראנק געווארען.

און דאס אלעס איז דערצעהלט געווארען אין אנשטאנדיגע און איינגעהאלטענע ווערטער. נור ווען ניט ווען האט זיך דורכ־

געבראכען א געמאכטער ענטהוזיאזמוס, כדי מען זאל קענען ווייטער דערציילען.

צום סוף האט מען געקענט מיינען, אז די איינציגע בעשטי־מונג פון דער פרוי אויף דער וועלט איז דאס שטענדיגע אפפערען מיט זיך, און דאס אבגעבען זיך נאכאנאנד צו די קאפריזען פון די סאלדאטען.

ביידע נאנעס האבען, האט זיך געדאכט, גאר ניט געהערט, פארטהאן געווען אין זייערע טיעפע געדאנקען. די גראבינקע האט גאר ניט געזאגט.

דעם גאנצען נאכמיטאג האט מען איהר געלאזט נאכדענקען. נור אנשטאט זי צו רופען „פריילין", ווי זיי האבען איהר עס ביז אהער געטהאן, האט מען זי איצט גערופען איינפאך „איהר", אליין ניט וויסענדיג פארוואס, עפעס אזוי ווי מען וואלט איהר געוואלט ארונטערזעצען א שטאפעל ניעדריגער און איהר לאזען פיהלען איהר שענדליכע לאגע.

ווען מען האט דערלאנגט דעם זופ, האט זיך ווידער בעוויזען הערר פאלאנווי און האט געזאגט די בעוואוסטע פראזע:

„דער פרייסישער אפיצער לאזט פרעגען פריילין עליזאבעט רוססע, אויב זי האט נאך ניט געביטען איהר מיינונג".

די גראבינקע האט געענטפערט קאלט:

— ניין.

אבער צום מיטינג איז די בעלאגערונג שוואכער געווארען. לואזא האט זיך דריי מאל שלעכט אויסגעדריקט. יעדער איינציגער איז געקראכען פון הויט צו ברענגען נייע ביישפיעלע. אבער עס איז גארנישט ארויסגעקומען, דאן האט די גרעפין גאר אהן שום הינטערגאנגען זיך געווענדעט צו דער עלטערער פון די נאנעס און איהר גענומען אויספרעגען איבער די גרויסע טהאטען פון'ם לע־בען פון די הייליגע. געוויס האבען א סך פון זיי געטהאן זאכען, וועלכע האבען אין אונזערע אויגען אויסגעזעהן ווי א פערברעכען; אבער די קירכע פערגיט זינד, וועלכע זיינען בעגאנגען געווארען

פון גאָט׳ס כבוד ווענען, אָדער צום וואהל פון די מענשען. דאס איז געווען א געוואלדיגער בעוויז און די גרעפין האט עס גלייך אויס־גענוצט. און די אלטע נאנע, צי ווייל זי איז געווען מיט זיי איינ־פערשטאנען, צו ווייל זי האט זיך געוואלט צו זיי איינשמייכלען, ווי אלע, וואס טראגען פריסטישע קליידער, אדער אפשר איז עס גאר געווען א צופאל, אבער זי האט דעם פערשווערונג שטארק ארויסגעהאלפען. אלע האבען איהר געהאלטען פאר א שטילע, ניט דרייסטע פרוי, אבער זי האט זיך ארויסגעוויזען צו זיין געוואגט, אויפגערעגט און ליידענשאפטליך. קיינע ספקות האבען אויף איהר קיין שליטה ניט געהאט. איהר לעהרע איז געווען שטארק ווי אייזען, איהר גלויבען פעסט און אונבויגזאם. איהר געוויסען האט ניט געוואוסט פון קיין צווייפעל. זי האט געדענקט, אז דעם אפפער, וואס אברהם האט געבראכט, איז געווען גאנץ נאטירליך, ווייל זי וואלט א מינוט ניט געטראכט און וואלט דער׳הרג׳עט פא־טער און מוטער אויף א וואונק פון אויבען. נאך איהר מיינונג נאך האט קיין זאך ניט געקענט דערצארענען גאט, אויב נאר די כונה איז געווען א גוטע.

די גרעפין האט אויסגענוצט דעם אויטאריטעט פון דער הייליגער שוועסטער און האט געזוכט מיט יענער׳ס מויל ארויסברענגען אז דער צוועק הייליגט די מיטעל.

זי האט אבער געפרעגט:

— אלזא, שוועסטער, איהר דענקט אז גאט נעהמט אן פאר ליעב אלע מיטלען און איז מוחל די עברות, אזוי לאנג ווי דער הויפטגרונד איז א ריינער?

— ווען קען אין דעם צווייפלען, מאדאם? א גרויסע עברה ווערט אפט א גרויסע מצוה, אויב זי איז געטהאן געווארען מיט א גוטער כונה.

און אזוי האבען זיי גערעדט ווייטער פון גאט און זיין באַ־רעמהערציגקייט, פון זיין צארן און זיינע חסדים און האבען איהם

געמאכט זיך צו אינטערעסירען מיט זאכען פון וועלכער ער האט זיך דארט אין הימעל אודאי געשעהמט.

דאס אלסדינג איז געטהאן געווארען בעהאלטען, געשיקט און מיט א מאס. אבער יעדעס ווארט פון דער גאנצע האט געהאלפען צוברעכען דעם ווידערשטאנד פון דער פראסטיטוטקע. דערנאך איז דער געשפרעך אוועק אביסעל אן א זייט, די פרומע שוועסטער האט דערצעהלט וועגען זיך, וועגען איהר ערדען, וועגען איהרער איני געדער שוועסטער, דער אנדער נאנע. זיי ביידען האט מען געשיקט קיין האוור, אום דארט ארומצוגעהן ארום די הונדערט סאלדאטען, וועלכע האבען דארט אין די שפיטעלער געליטען פון פאקען. זי האט בעשריבען די אונגליקליכע און געגוי דערצעהלט פון זייער קראנקהייט. און אזוי ווי מען האט זי אויפ'ן וועג פערהאלטען צו־ליעב דעם קאפריז פון א פריים, וועלען געביך, א סך פראנצויזען וועלכע זיי וואלטען געקענט ראטעווען, מוזען שטארבען! ארומ־געהן ארום די סאלדאטען איז געווען איהר ספעציאליטעט. זי איז געווען אין קרים, אין איטאליען, אין עסטרייך, און פון דעם וואס זי האט דערצעהלט, האט מען דערזעהן פאר זיך דעם אמת'ען טיפ פון יענע נאנעס, וועלכע זיינען, דאכט זיך, ווי געבארען, אום צו געהן איבער דעם שלאכטפעלד, אויפהויבען די פערוואונדעטע אונ־טער א האגעל פון קוילען און בעסער פון'ם גענעראל מיט איין ווארט בערוהיגען צובונטעוועטע סאלדאטען.

נאך איהר האט קיינער ניט אויסגערעדט קיין ווארט, אזא שטארקען איינדרוק האבען איהרע ווערטער געמאכט.

ווי נאר דער מאהלצייט האט זיך געענדיגט, האבען זיך אלע שנעל אויפגעהויבען פון זייערע צימערען, אום ערשט אויף מארגען גאנץ שפעט ווידער ארונטערצוגעהן.

בעת'ן פרישטאק איז מען געזעסען שטיל. מען האט געגעבען צייט די זוימען, וועלכע מען האט נעכטען פערזעעט, זיך צוצונעה־מען און ברענגען פרוכט.

די גרעפין האט פארגעשלאגען נאכמיטאג צו מאכען א שפא־ציער. דערביי האט דער גראף גענומען די גראבינקע אונטער'ן ארעם, ווי עס איז פריהער אבגערעדט געווארען, און איז אוועק מיט איהר א שטיקעל ווייטער פאר זיי.

ער האט גערעדט צו איהר מיט יענעם פאטערליכען, פאמי־ליארען טאָן פון אויבען ארונטער, ווי עס רעדען מיוחסים צו אזעלכע מיידלאך. ער האט זי גערופען „מיין ליעב קינד" און האט זיך ארונטערגעלאזען צו איהר פון דער הויכקייט, פון זיין הויכער סאָ־ציאלער שטעלונג. ער איז גלייך אהן קונצען צוגעקומען צום פונקט:

— אייך איז, אלזא, ליעבער צו לאזען אונז אלעמען זיצען דא פערשפארטע אין די הענד פון'ם שונא, וועלכער קען מיט אייך און מיט אונז אלעמען טהאָן, וואס ער וויל און נאך דער ערשטער ני־דערלאגע פון די פרייסען וועט ער אונז זיכער ניט שאנעווען, איידער איינצואוויליגען אויף א ליעבעס־געפעליגקייט, וועלכע איז אין אייער לעבען אזא געוועהנליכע זאך.

די גראבינקע האט ניט געענטפערט.

דאן האט ער געזוכט אויף איהר צו ווירקען מיט ווייכקייט, מיט קלוגע ווערטער, מיט געפיהל. ער איז אימער געבליבען דער גראף, הגם ווען עס איז נויטיג געווען האט ער איהר געמאכט קאמ־פלימענטען, איז געווען מיט איהר זעהר העפליך, זאגאר ליעבענס־ווירדיג. ער האט איבערטריעבען די טובה, וואס זי וועט זיי דערמיט טהאן, האט גערעדט פון זייער דאנקבארקייט, דאן האט ער זי פלוצים אויף שפאס גענומען דוצען:

— און ווייסטו, מיין ליעבע, ער וועט זיך נאכדעם האבען מיט וואס צו בעריהמען, ער וועט קענען זאגען, אז ער האט דא געפונען אזא שעהן מיידעל, וועלכע ביי איהם אין דער היים טרעפט מען גאר ניט.

די גראבינקע האט גארניט געענטפערט און איז צוגעגאנגען צו די איבריגע שפאציערגעהער.

ווען זיי זיינען צוריק אהיים געקומען, איז זי אוועק אין איהר צימער און איז מעהר ניט ארונטערגעגאנגען. די אונרוהיגקייט איז געשטיגען ביז צום העכסטען גראד. וואס וועט זי טהאן? וואס פאר אן אונגליק עס וועט זיין, ווען זי וועט זיך נישט אונטערגעבען.

די שטונדע פון עסען איז אנגעקומען. מען האט אומזיסט אויף איהר געווארט. דאן איז אריין הערר פאלאנוויי און האט געזאגט, אז פריילין רוססע פיהלט זיך קראנק און וועט ניט קומען צום טיש. אלע האבען אנגעשטעלט די אויערען. דער גראף איז צוגעגאנגען צום בעל־הבית און שטיל געפרעגט:

— עס געהט אויף א לאד?

— יא.

פון אנשטענדיגקייט וועגען האט ער די מיטרייזענדע גאר ניט געזאגט. ער האט זיי בלויז ליכט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפ. גלייך האבען אלע גרינגער אבגעזיפצט און א פרייד האט זיך אויף אלע פנים'ער אבגעשפיעגעלט. לואזא האט אויסגערופען:

— צום טייפעל, איך טראקטיר גלייך מיט שאמפאניער, אויב דא געפינט זיך נור אזעלכער!

און פרוי לואזאן האט א שטאך געטהאן אין הארצען, ווען זי האט דערזעהן, ווי דער בעל־הבית איז גלייך ווידער אריין מיט פלעשער אין די הענט. אלע זיינען מיט אמאל פרעהליך און לעבעדיג געווארען, א משוגע'נע שמחה איז אויף זיי אנגעפאלען. דער גראף האט פלוצים דערזעהן, אז פרוי קאדרע־לאמאדען איז רייצענד שעהן און דער פאבריקאנט האט געמאכט חן'דעלעך צו דער גרעפין. די אונטערהאלטונג איז געווארען לעבעדיג, לוסטיג, שארפזיניג.

פלוצים האט לואזא אויפגעהויבען די הענט און מיט א פנים, פול אונרוה, אויסגעשריען:

— שטיל זאל זיין!

אלע זיינען אנשוויגען געווארען, פערוואונדערט און דערשראקען. דאן האט ער זיך גענומען צוהערען און געמאכט א צייכען

מיט ביידע הענט, זיי זאָלען זיין רוהיג, האָט אַרויפגעקוקט צום באַלקען, אויסגעשטעלט די אויערען, זיך איבער־אַ־נייעם צוגעהערט און דערנאָך געזאָגט מיט אַ נאַטירליכען טאָן:

— זייט גאַנץ רוהיג, מיינע פריינדע, עס געהט אויסגעצייכענט.

אין אָנהויב האָט מען ניט פערשטאַנען, וואס ער מיינט, דערנאָך אָבער האָט זיך אויף אַלע פּנים'ער אַ שמייכעל בעוויזען.

אין אַ פערטעל שעה אַרום האָט ער ווידער געמאַכט די זעלבע קאָמעדיע, און אין פערלויף פון אָבענד האָט ער עס ווידערהאָלט עטליכע מאָל. ער האָט געמאַכט אַן אַנשטעל, ווי ער וואָלט גערעדט מיט אימיצען אויף דעם אויבערשטען שטאָק און האָט איהם געגעבען צוויי־דייטיגע עצות. פון צייט צו צייט האָט ער געמאַכט אַ טרויעריגע מינע און האָט אויסגעזיפצט: „אָרימע מיידעלע“, אָדער ער האָט געברומט צווישען די צייהן מיט גרויס כעס: „פערפלוכטער פּריים!“ עטליכע מאָל האָט ער גאַנץ אונערוואַרטעט אויסגעשריען מיט אַ ציטערענדען קול: „גענוג, גענוג!“ און צוגעלעגט, ווי רעדענדיג צו זיך אַליין: „מיר זאָלען זי כאָטש נאָך אַמאָל זעהן. ער זאָל זי נאָר ניט פערמוטשען אויף טויט, דער לומפּ!“

הגם די וויצען זיינען געווען פון אַ ניעדריגען סאָרט, דאָך האָבען זיי אַלעמען אַמוזירט און קיינער האָט זיך ניט געפיהלט בעליידיגט. ווייל די לופט אַרום זיי איז איצט געווען אָנגעפילט מיט שמוציגע געדאַנקען.

ביים דעסערט האָבען אפילו די פרויען געזאָגט פערשטעלטע צווייַדייטיגקייטען. די אויגען האָבען געבלישטשעט, מען האָט שוין אָביסעל אַריינגעגאָסען. דער גראַף, וועלכער האָט אונטער אַלע אומשטענדען איינגעהאַלטען זיין ווירדע, האָט געמאַכט אַ פערגלייך, וועלכער איז פון אַלעמען אויפגענומען געוואָרען מיט גרויס בייפאַל. ער האָט זייער פרייד פערגליכען מיט דער פרייד פון אונגליקליכע ים־רייזענדע, וועלכע זיינען פערטריבען געוואָרען

צום נארד־פאָל, וואו זיי האָבען צום סוף ווינטער פּלוצים דערזעהן, אז דער וועג צום זידען עפענט זיך פאר זיי.

לואזא איז פּלוצים אויפגעשפּרונגען מיט א גלאז שאמפּאניער אין דער האַנד און אויסגערופען:

— איך טרינק פאר אונזער בעפרייאונג!

אלע האָבען זיך אויפגעהויבען און מיט איהם געטרונקען. אפילו די נאָנעס האָבען זיך געלאָזט איינריידען פון די פרויען, און איינגענעצט זייערע ליפען אין דעם קאָכעדיגען וויין, וועלכען זיי האָבען ביז אהער נאָך קיינמאָל ניט פערזוכט. זיי האָבען ערקלעהרט, אז עס האָט א טעם פון לעמאָנאַד, נור עטוואס פיינער.

לואזא האָט בעמערקט:

— א שאָד וואס עס איז ניטאָ קיין פּיאנא, אז ניט וואָלטען מיר געקענט טאנצען א קאַדריל.

קאָרנידע האָט ניט גערעדט א וואָרט, ניט געמאַכט קיין איין בעוועגונג. ער האָט געשיינט צו זיין פערזונקען אין טיעפע געדאנקען און האָט זיך צייטענווייז געצופּט די לאַנגע באָרד, ווי ער וואָלט זי וועלען נאָך לענגער מאכען. צום סוף, ווען מען האָט נאָך א האלבער נאכט זיך שוין געוואָלט פאנאנדערגעהן, האָט לואזא, וועלכער האָט זיך געשאָקעלט אויף די פיס, איהם א זעץ געטהאָן אין בויך און אויסגערופען:

— איהר זייט היינט זעהר אומעדיג. איהר רעדט דאָך גאָר קיין וואָרט, מיין טהייערינקער!

אָבער קאָרנידע האָט שנעל אויפגעהויבען דעם קאָפּ און געווארפען אויף דער געזעלשאפט א שארפען און בייזען בליק:

— איך זאָג אייך אלעמען, אז איהר האָט בעגאַנגען א געמיינהייט.

ער האָט זיך אויפגעהויבען, איז צוגעגאַנגען צו דער טהיר און נאָך אמאָל וויעדערהאָלט:

— א געמיינהייט!

און איז פערשוואונדען.

דאס האָט אַלעמען אבגעגאָסען ווי מיט קאַלטע וואסער. לואזא איז אין אנהויב אויך צומישט געווארען. באַלד אבער איז ער גע־קומען צו זיך, האָט זיך גענומען קאַטשען פאר געלעכטער און אויסגערופען:

— דאס אויג זעהט, מיין אַלטער, אָבער דער מויל קען ניט כאפּען! עס איז טאַקע זעהר טרויעריג!

אָבער אזוי ווי די איבעריגע האָבען איהם ניט פערשטאַנען, האָט ער זיי דערצעהלט די „געהיימניסע פון קאררידאר“. דאָ האָט אויסגעבראָכען אַ שטורם פון געלעכטער. די פרויען זיינען געווען ווי משוגע. דער גראף און הערר קאררע־לאמאדאן האָבען אזש געוויינט פאר לאַכען. זיי האָבען גאר ניט געקענט גלויבען.

— וואס רעדט איהר? איהר זייט זיכער, ער האָט געוואלט...

— איך זאג אייך דאך, איך האָב עס אַליין געזעהן.

— און זי האָט ניט געוואלט?

— ווייל דער פּרייס געפינט זיך אין׳ם צווייטען צימער.

— עס קען ניט זיין!

— איך שווער אייך.

דער גראף האָט זיך געשטיקט פאר לאַכען. דער פאבריקאַנט האָט זיך געהאַלטען פאר׳ן בויך מיטביידע הענט. לואזא האָט ווייטער גערעדט.

— און איצט פערשטעהט איהר שוין פאר וואס עס איז איהם היינט ביינאכט ניט צום לאַכען?

און אַלע דריי האָבען ווידער אויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער, הוסטענדיג, ווערגענדיג זיך און קייכענדיג אָהן אן אָטהעם.

דאן איז מען זיך צוגאנגען. אבער פרוי לואזא מיט איהר בייזער צונג האָט, זיך לייגענדיג אין בעט, בעמערקט צו איהר מאַן, אז די פאסקודסטווא, פרוי קאררע־לאמאדאן, הגם זי האט דעם גאנ־צען אבענד געלאַכט, איז אבער געווען געל ווי וואקס:

— דו ווייסט, ווען אַ פרויענצימער נעהמט זיך אריין אין קאָפּ

א יוניפארם, איז איהר אלץ איינס צו דאס איז א פראנצויז, צו א פּרייס! עס איז איינפאך א שאנדע און גאר.

א גאנצע נאכט האָט זיך אין דער פינסטערניש פונ'ם קארידאר געהערט עפּעס אזוי ווי א זיפצען, א לייכטער גערויש, ווי א הויך, טריט פון בארפיסע פיס, א שטיל שארשקען... און איינגעשלאפען איז מען, וואהרשיינליך, זעהר שפּעט, ווייל פּאסען ליכט האָבען זיך נאך לאנג בעוועגט הינטער די טהירען. דאס איז געווען פון דעם שאמפּאניער. מען זאגט אז ער צושטערט דעם שלאף...

אויפ'ן צווייטען טאג האט דער שנעע בלענדענד־העל גע־בלישטשעט אונטער די שטראהלען פון דער ליכטיגער זון. דער דיליזשאנס, א געשפּאנטער, האָט געווארט פאר דער טהיר בעת א גאנצע מחנה ווייסע טויבען מיט ראזעווע אויגען און א [illegible]רץ פּינטעלע אין רעכטען מיטען, האָבען זיך געזוכט זייער שפּ[illegible] אין דעם נאך ווארעמען מיסט צווישען די פערד'ס פיס.

דער קוטשער, איינגעוויקעלט אין זיין פּעלצעל, איז [illegible]טען אויף דער קעלנע און גערויכערט זיין פּיפּקע, און אלע רייזענדע, גליקזעליג און צופריעדען, האָבען שנעל איינגעפּאקט עסענווארג אויף דעם ווייטערדיגען וועג.

מען האָט נאר געווארט אויף דער גראבינקער. זי האָט זיך בעוויזען.

זי האָט אויסגעזעהן עטוואס פערלעגען און פערשעהמט; זי איז ניט דרייסט צוגעקומען צו איהרע מיטרייזענדע, אבער זיי אלע האָבען מיט איין בעוועגונג זיך פון איהר אבגעקעהרט, ווי זיי וואלטען איהר ניט בעמערקט. דער גראף האָט גענומען זיין פרוי אונטער'ן ארעם און פול ווירדע זי אבגערוקט פון דער אונרייינער בעגעגעניש.

די גראבינקע איז געבליעבען שטעהן ערשטוינט; דאן האט זי צוזאמענגענומען איהר גאנצען מוטה און האט ארויסגעשעפּטשעט צו דעם פאבריקאנט'ס פרוי: „גוט מארגען, מאדאם“. יענע האט לייכט א שאקעל געטהאן מיט'ן קאפּ און געווארפען אויף איהר א

בליק פון בעליידיגטער טוגענד. אלע האבען געשיינט צו זיין שטארק פערנומען, און פון איהר האט מען געוויינט, ווי פון אן אנ־שטעקענדער קראנקהייט. דאן האבען זיי זיך אווארף געטהאן צום דיליזשאנס; זי איז אריין די לעצטע און האט שווייגענדיג פערנומען דעם פלאץ, וועלכען זי האט געהאט אויף דער רייזע אהערצו.

קיינער האט זי ניט בעמערקט, ווי קיינער וואלט זי ניט גע־קענט. אבער פרוי לואזא, וועלכע האט זי פון ווייטען אנגעקוקט מיט כעס, האט שטיל געזאגט צו איהר מאן:

— נו, דאנקען גאט, וואס איך זיץ ניט נעבען איהר.

דער שווערער וואגען האט זיך א ריהר געטהאן און די רייזע זיך ווידער אנגעהויבען.

צוערשט האט מען גאר נישט גערעדט. די גראבינקע איז גע־שטיל און ניט געוואגט די אויגען אויפצוהויבען. זי האט זיך געהלט אין איין צייט אי בעליידיגט פון איהרע שכנים, אי ערניע־דעריגט פון'ם פריים, אין וועמעס ארעמס זיי האבען זי מיט אזוי פיעל פאלשקייט אריינגעווארפען.

אבער די גרעפין האט אונטערגעבראכען דאס אונאנגענעהמע שווייגען. זי האט זיך געווענדעט צו מאדאם קאררע־לאמאדאן מיט דער פראגע:

— איהר זייט דאכט זיך, בעקאנט מיט דער פרוי דע־עטרעלל?

— יא, מיר זיינען גוטע פריינד.

— וואס פאר א רייצענדע פרוי זי איז!

— יא, א זעלטענע פרוי! א מערקווירדיגע נאטור מיט א סך בילדונג און וויסען און דערצו נאך א גרויסע ארטיסטקע. זי זינגט וואונדערשעהן און מאלט מייסטערהאפט.

דער פאבריקאנט האט גערעדט מיט'ן גראף און אונטער דעם קלאפען פון די שויבען האבען זיך צייטענווייז דורכגעריסען די ווערטער:

קופאנען — וועקסלען — פרעמיע — טערמין.

לואזא, וועלכע האט צוגעלאטכעגט פון'ם איינפוהר־הויז דעם אלטען טעשעל קארטען, א פערפעטסטען פון פינף יאהר שפיעלען אויף ניט ריין־אויסגעווישטע טישען, האט גענומען שפיעלען מיט זיין פרוי.

די נאנעס האבען ארויסגעשלעפט פון אונטער'ן גארטעל דעם ראזענקראנץ, האבען זיך איבערגע'צלם'ט און פלוצים גענומען שנעל מאכען מיט די ליפען, שעפטשענדיג א געבעט. פון צייט צו צייט האבען זיי א קוש געטהאן דאס הייליגע בילד, וועלכער איז גע־האנגען אויף זייער ראזענקראנץ, זיך ווידער גע'צלם'ט און אויף דאס ניי גענומען מורמלען זייער שנעלען געבעט.

קארניודע איז געזעסען אהן א בעוועגונג און געטראכט פאר זיך. לואזא האט צוזאמענגעלעגט די קארטען.

— עס ווילט זיך עסען! — האט ער געזאגט.

דאן האט זיין פרוי ארויסגעשלעפט א צוזאמענגעבונדענעם פעקעל, פון וועלכען זי האט ארויסגענומען א שטיק קאלטען פלייש, זי האט איהם פארזיכטיג צושניטען אין דינע פיצעלאך און ביידע האבען גענומען עסען.

— טאמער וואלטען מיר אויך געגעסען? האט געפרעגט די גרעפין. מען האט מיט איהר איינגעשטימט און זי האט אויסגע־פאקט איהר עסענוואַרג, וואס איז געווען צוגעגרייט פאר צווייען. אין א לענגליכער פארצעלייענער שיסעל, מיט א האז אויפ'ן דע־קעל אויסגעמאלט, איז געלעגען אן אמת'ער האז אין קליינע שטיק־לאך צושניטען, אויסגעמישט מיט אנדערע טהייערע פליישען. אויף א גוט שטיק קעז, איינגעוויקעלט אין א צייטונג, זיינען געווען אי־בערגעדרוקט די ווערטער „פערשיעדענעס".

ביידע האבען ארויסגענומען א שטיק וואורשט, וועלכע האט געשמעקט מיט קנאבעל. קארניודע האט ארייגעשטעקט ביידע הענד אין די קעשענעס און ארויסגעשלעפט פון איינער פיער אייער.

פון דער אנדערער א שטיק ברויט. ער האט זיי אבגעשיילט, אראבגעווארפען די שאלעכץ אויף דעם שטרוי צו זיינע פיס און גענומען בייסען די אייער. קליינע שטיקעלאך געלבעל זיינען אראב־געפאלען אויף דער גרויסער בארד און זיינען דארט געבליבען הענגען ווי געלע שטערענדלאך.

די גראבינקע האט אין איילעניש און אין איהר צומישטקייט פון היינטיגען פריהמארגען גאר ניט אנגעגרייט; און א פערצווייד־פעלטע, זיך שטיקענדיג פאר כעס, האט זי איצט געקוקט אויף די דאזיגע אלע מענשען, וועלכע האבען אזוי רוהיג געגעסען. צווערשט איז אויף איהר אנגעפאלען א הייסער צארן. זי האט געעפענט דעם מויל און געוואלט אויסגיסען א שטראם מיט בעליידיגונגען, אבער איהר צונג איז ווי פערגליווערט געווען, זי האט זיך געשטיקט פאר כעס און ניט געקענט ארויסברענגען א ווארט.

קיינער האט אויף איהר ניט געקוקט. קיינער האט זיך וועגען איהר ניט געקימערט. זי האט געפיהלט, אז זי טרינקט זיך אין דער פעראכטונג פון די דאזיגע עהרליכע לומפען, וועלכע האבען איהר פריהער אויפגעאפפערט און דערנאך אוועקגעשליידערט, ווי אן אונניצליכע, שמוציגע זאך. און דא, האט זי זיך דערמאהנט אן איהר גרויסען קארב, פול מיט גוטע זאכען, וועלכע זיי האבען אויפגעפרעסען, אן איהרע שעהנע היהנער, די פאסטעטען, די בארנעס, די פיער פלעשער בארדא וויין. און פלוצים איז איהר כעס אבגעגאנגען, איז צופלאצט געווארען, ווי א שטארק אנגעצויגענע סטרונע, און זי האט דערפיהלט, ווי טרערען נעהמען זי שטי־קען. זי האט זיך מיט אלע קרעפטען אנגעשטרענגט צו בלייבען רוהיג האט זיך ווי א קינד געווארגען מיט איהרע טרעהרען. אבער זיי האבען געפלאסען און באלד האבען זיך צוויי גרויסע פערל אב־געריסען און גענומען זיך קייקלען איבער די באקען. נאך זיי זיינען געקומען אנדערע טרערען, הייסע, זודיגע, און האבען זיך געגאסען, ווי רעגען־טראפען פון א פעלזען פאלענדיג אויף איהרע הויכע ברוסט

ארונטער. זי איז געבליבען זיצען גלייך, מיט א בלייך פנים און שטארע אויגען, האפענדיג אז מען וועט ניט בעמערקען איהרע טרעהרען.

אבער די גרעפין האט עס בעמערקט און מיט א צייכען אנ־געוויזען אויף איהר מאן. ער האט א דריק געטהאן מיט די פלייצעס ווי איינער זאגט: „וואס קען מען טהאן, עס איז ניט מיין שולד“.

מאדאם לואזא האט געשמייכעלט מיט נצחון און געשעפטשעט:

— זי בעווייגט איהר שאנדע.

ביידע נאנעס האבען איינגעוויקעלט דעם רעשט פון זייער ווארשט אין א פאפיער און ווידער גענומען שעפטשען זייער געבעט.

קארניודע כדי בעסער צו פערדייען די אייער, האט ארויסגע־צויגען זיינע לאנגע פיס אויף דער אנטקעגענדיגער באנק, האט זיך צולעגט ברייטלעך, צוזאמענגעלעגט די הענד, א שמייכעל געטהאן, ווי א מענש וואס וויל אבטהאן עפעס א שפיצעל, און גענומען פייפען די מארסעליעזע.

אויף אלע פנים'ער האט זיך ארויפגעצויגען א פינסטערער וואלקען. דאס פאלקסליעד איז, ווי עס האט געשיינט, ניט גע־פעלען געווען זיינע שכנים. זיי זיינען געווארען נערוועז, האבען ניט געקענט איינזיצען אויף זייערע פלעצער און עס האט זיך גע־דאכט, אז אט, אט נעהמען זיי האווקען ווי הינד, ווען זיי דערהערען די קלאנגען פון א שפיעלקאסטען. ער האט עס בעמערקט, האט אבער ניט אויפגעהערט. פון צייט צו צייט האבען זיך גאנץ דייט־ליך געהערט די ווערטער פון דעם פרייהייטס־ליעד.

די פערד האבען גענומען לויפען שנעלער. דער שנעע איז פערהארטעוועט געווארען. און ביז צום סאמע דיעפפ, אין פער־לויף פון לאנגע, אומעדיגע שטונדען, אונטער דעם קלאפען און

טרייסלען פון'ם דיליזשאנס, אין דער טיפער דונקעלהייט פון דער אנקומענדער נאכט, האט קארניודע מיט א ווילדער איינגעשפארט־קייט נאך אלץ געצויגען זיין איינטאניג ראכע־ליעד, צורייצענדיג זיינע מידע, פערצווייפעלטע מיטרייזענדע און צווינגענדיג זיי אויסצוהערען יעדעס ווארט, יעדען טאקט.

און די גראבינקע האט נאך אלץ געוויינט. און פון צייט צו צייט האט א שלוכצען, וועלכען זי האט ניט געקענט צוריקהאלטען, זיך ארויסגעריסען צווישען די פרייהייטס־קופלעטען אין דער פינסטער־ניש אריין.

